ארטור שניצלער

# שטאַרבען

און אנדערע ערצעהלונגען.



ווארשא — 1913

פערלאַג
ב. שימין, ווארשא.

פערקויף:
געזעלש. „צענטראל", ווארשא.

ШТАРБЕНЪ ШНИЦЛЯ
Типо-Лит. Х. Кельтера ул. Новолипье 11, въ Варшавѣ.
1913 годъ.

די זון האָט שוין געהאַלטען ביי'ן אונטערגעהן, ווען מאַריאַ האָט זיך אויפגעהויבען פון דער באַנק, אויף וועלכער זי איז געזעסען אַ האַלבע שעה. פריהער האָט זי געלייענט אַ בוך, נאָר דערנאָך האָט זי אָנגעשטעלט איהר בליק אויף דעם אַריינגאַנג פון דער אַלעע, דורך וועלכער פעליקס האָט געדאַרפט אָנקומען. קיינמאָל האָט ער נאָך נישט געלאָזט אַזוי לאַנג וואַרטען אויף זיך! ס'איז געוואָרען עטוואָס קיהלער, אין דער לופט אָבער האָט זיך נאָך געשפירט די מילדקייט פון דעם פערגעהענדען מאַי-טאָג.

אין גאָרטען האָט זיך געפונען אַ גאַנץ קליינעס פובליקום און אַלע שפּאַצירענדע האָבען זיך געצויגען צו די טויערן, וועלכע האָבען שוין געדאַרפט באַלד פערשלאָסען ווערען. מאַריאַ איז שוין געווען נאָהנט פון אַרויסגאַנג, ווען זי האָט פלוצלונג בעמערקט פעליקס'ן. נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער האָט זיך פערשפעטיגט, איז ער דאָך געגאַנגען פּאַמעליך, און ערשט דאַמאָלס, ווען זיינע אויגען האָבען זיך בעגעגענט מיט איהרע, האָט ער זיך אַביסעל צוגעאיילט. זי איז געבליבען שטעהן, האָט אונטערגעוואַרט אויף איהם, און ווען ער האָט שמייכלענדיג געדריקט די האַנד, וואָס זי האָט איהם נאַכלעסיג דערלאַנגט, האָט זי איהם געפרעגט מיט אַ ווייכער פרעטענזיע:

— האָסט דען ביז איצט געמוזט אַרבייטען?

ער האָט איהר דערלאַנגט דעם אָרעם און גאָרנישט געענטפערט.

— נו? — האָט זי געפרעגט.

— יאָ, קינד, — האָט ער זיך אָבגערופען — און דערצו נאָך האָב איך אינגאַנצען פערגעסען אַ קוק צו טאָן אויפ'ן זייגער.

זי האָט איהם בעטראַכט פון דער זייט. ער האָט איהר אויסגעזעהען איצט בלאַסער ווי געוועהנליך.

— געפינסטו נישט, — האט זי צערטליך געזאגט — אז עס וואלט בעסער זיין, ווען דו וואלסט איצט אביסל מעהר צייט אפגעגעבען דיין מאריא'ן? לעג אוועק דיין ארבייט אויף א געוויסע צייט. מיר וועלן בעסער מעהר שפאצירען געהן. יא? פון היינט־אן וועסטו שוין שטענדיג ארויסגעהן פון שטוב מיט מיר צוזאמען.

— אזוי...

— יא, פעליקס, איך וועל דיך שוין איבערהויפט נישט לאזען מעהר אליין.

ער האט שנעל, ווי דערשראקען, א קוק געטאן אויף איהר.

— וואס איז מיט דיר? — האט זי געפרעגט.

— גארנישט!

זיי זענען צוגעקומען צום ארויסגאנג, און דאס אבענדליכע גאסענלעבען האט פרעהליך גערוישט ארום זיי. די גאנצע שטאדט האט אויסגעזעהן ווי בעהערשט פון עפעס א אלגעמיינעם אומבע־וואוסטען גליק וואס דער פריהלינג האט געבראכט מיט זיך.

— דו ווייסט, וואס מיר וואלטען געקענט איצט טאן? — האט ער געפרעגט.

— נו?

— געהן אין פראטער.

— אי ניין, דא אונטען איז דארט אומעטום געווען אזוי קאלט.

— אבער זעה נאר! דא אין גאס איז שוין כמעט הייס. מיר קענען דאך באלד געהן צוריק. קום, לא'מיר געהן!

ער האט גערעדט אפגעבראכען, צושטרייט.

— עפעס מאדנע רעדסטו היינט, פעליקס?

— ווי?...

— וועגען וואס טראכסטו? דו ביזט דאך מיט מיר, מיט דיין מאריא'ן.

ער האט א קוק געטאן אויף איהר מיט א שטארען, פער־טראכטען בליק.

— טייערער! — האט זי אונרוהיג אויסגערופען און פעסטער זיך צוגעדריקט צו זיין ארעם.

— יא יא, — האט ער געזאגט, צו זיך קומענדיג — ס'איז הייס, גאנץ בעשטימט. איך בין נישט צושטרייט! און ווען יא

אפילו, דאַרפסטו מיר אויך ענטשולדיגען.

זיי האָבען זיך געלאָזען געהן אין די גאַסען, וואָס פיהרען צום פּראַטער. פעליקס איז געוואָרען נאָך שווייגענדיגער, ווי געוועהנליך. די לאַנטערנעס זענען שוין געווען אָנגעצונדען.

— דו ביזט היינט געוועזען ביי אַלפרעד'ן? — האָט זי פּלוצלונג געפרעגט.

— צו וואָס?

— דו האָסט זיך דאָך געקליבען צו געהן?

— ווער? איך?

— דו האָסט זיך נעכטען אין אָבענד געפיהלט אַזוי שוואַך.

— אמת.

— און ביזט נישט געוועזען ביי אַלפרעד'ן?

— ניין.

— דו זעהסט, נעכטען ביזטו נאָך קראַנק געוועזען, און איצט ווילט זיך דיר אַראָבגעהן אינ'ם פייכטען פּראַטער. דאָס איז ווירקליך נישט פאָרזיכטיג.

— אָ, סאיז אַלץ איינס.

— איך בעט דיך, רעד נישט אַזוי. דו ווערסט דיך נאָך אינגאַנצען איבערפיהרען.

— קום, זעה, — האָט ער געזאָגט כמעט מיט אַ ווייגענדיגער שטימע. — קום, לאָמיר געהן. איך בענק נאָכ'ן פּראַטער. מיר וועלען געהן דאָרט אַהין, וואו ס'איז יענעם מאָל געווען אַזוי שען. דו ווייסט, דאָרט, אינ'ם גאָרטען־זאַל; דאָרטען איז דאָך נישט קיהל.

— יאָ, יאָ.

— ווירקליך נישט! און היינט איז אין אַלגעמיין וואַרעם. אין שטוב קענען מיר דאָך איצט נישט געהן. ס'איז צו־פריה. און מיר ווילט זיך נישט עסען אין שטאָדט קיין אָבענדברויט אויך, ווייל ערשטענס האָב איך היינט קיין חשק נישט צו זיצען אַ פערשפּאַרטער אין רעסטאָראַן, און צווייטענס, שאַדט מיר דער רויך, — און אַזוי פיעל מענשען זעהען וויל איך אויך נישט: איך קען דעם גערויש נישט פערטראָגען!

אין אָנהויב האָט ער גערעדט שנעל און העכער ווי געוועהנליך. די לעצטע ווערטער אָבער האָט מען קוים געהערט. מאַריאַ האָט זיך נאָך פעסטער צוגעדריקט צו זיין האַנד. איהר האָט פער־

קוועטשט דאס הארץ, און זי האט אויפגעהערט רעדען, פיהלענדיג טרערען אין איהר שטימע. זיין בענקען נאך דעם שטילען רעסטאראן אים פראטער, נאך דעם פריהלינגס-אבענד אין גרינס און שטילקייט פערזונקען, — איז איבערגעגאנגען אויך צו איהר. א ווײַלע האבען זיי ביידע געשוויגען; אויף זיינע ליפען האט געבלאנדזשעט א מידער, לאנגזאמער שמייכעל, און ווען ער האט זיך אומגעווענדעט צו איהר, האט ער פראבירט אין זיין שמייכעל אריינלעגען א אויסדריק פון גליק. זי אבער, וועלכע האט איהם גוט געקענט, האט גלייך דערשפירט, אז דאס איז געצוואונגען.

זיי זענען אריין אין פראטער. די ערשטע אלעע, וואס געהט אב אן א זייט פון דער הויפט-וועג און ווערט כמעט פערשוואונדען אין דער פינסטערניש, האט געפיהרט צו זייער ציעל. דארט איז געשטאנען דער איינפאכער רעסטאראן; דער גרויסער גארטען איז געווען שוואך בעלויכטען, די טישען זענען געשטאנען נישט געדעקט און די שטוהלען זענען געלעגען אנגעשפארט אן זיי. דערביי, אין די קיילעכדיגע לאנטערנעס אויף די שלאנקע, גרינע שטענגלעך האבען טריב געפינקעלט רויטע פייערלעך. ביי די טישלעך זענען געזעסען עטליכע געסט, צווישען זיי אויך דער ווירט אליין. מאריא און פעליקס זענען פערביי געגאנגען; דער ווירט האט זיך אויפגעשטעלט און געצויגען דעם הוט. זיי האבען געעפענט די טהיר צום גארטען-זאל, אין וועלכען עס האבען געברענט עטליכע האלב-אראבגעדרעהטע גאז-לאמפען. א קליינער קעלנער-יונג איז געזעסען אין א ווינקעל און געדרעמעלט. ער האט זיך שנעל אויפגעהויבען, געשווינד ארויפגעדרעהט די גאז-ברענער און געהאלפען די געסט אראבנעהמען פון זיך די אויבערשטע מלבושים. זיי האבען זיך געזעצט אין א ווינקעל, וואו עס איז געווען גאנץ דונקעל און בעקוועם, און האבען צוגערוקט זייערע שטוהלען גאנץ נאהנט צוזאמען. זיי האבען בעשטעלט עפעס צו עסען און צו טרינקען נישט לאנג קלייבענדיג, און זענען געבליעבען אליין. נאר די טריבע רויטע פייערלעך האבען אריינגעקוקט אהער דורך די פענסטער אין די ווינקלען פון זאל זענען אויך געווען פערזונקען אין האלבער פינסטערניש.

זיי האבען נאך אלץ ביידע געשוויגען, ענדליך האט מאריע נישט אויסגעהאלטען און מיט א ציטערנדער שטימע געפרעגט:

— זאג מיר, פעליקס, וואס איז מיט דיר? איך בעט דיך, זאג מיר.

ווידער האָט דאָס בעקאַנטע שמייכעל אַ שײַן געטאָן אויף זײַנע ליפּען.

— גאָרנישט, קינד, — האָט ער געזאָגט. — פרעג נישט. מײַנע משוגעת'ן זענען דאָך שוין פאַר דיר קיין נײַעס נישט — און אפשר קענסטו זיי טאַקע נאָך אַלץ נישט? —

— דײַנע משוגעת'ן, אָ יאָ, געוויס. איצט אָבער איז עס נישט קיין משוגעת בײַ דיר. איך זעה דאָך: דו ביזט עפּעס צורודערט. דאָ שטעקט עפּעס אין דעם. איך בעט דיך, פעליקס, זאָג מיר, וואָס איז מיט דיר? זאָג שוין, איך בעט דיך!

ער האָט געמאַכט אַ אונגעדולדיגע מינע; דערווײַל איז אַרײַן דער קעלנער און דערלאַנגט דעם בעשטעלטען אָבענד-ברויט.

— זאָג מיר, זאָג מיר, — האָט זי נאָכאַמאָל געבעטען, ער אָבער האָט אָנגעוויזען מיט די אויגען אויפ'ן קעלנער און געמאַכט אַ ערגערליכע בעוועגונג. דער קעלנער איז אַרויס.

— איצט זענען מיר אַליין, — האָט מאַריע געזאָגט.

זי האָט זיך צוגערוקט צו איהם נעהנטער און גענומען זײַנע ביידע הענד אין איהרע.

— וואָס איז מיט דיר? וואָס איז מיט דיר? איך מוז עס וויסען. האָסטו מיך שוין מעהר נישט ליעב?

ער האָט געשוויגען. זי האָט געקושט זײַן האַנד. ער האָט זי פּאַמעליך אַרויסגעצויגען.

— נו? נו?

ער האָט אַ וואָרף געטאָן זײַן בליק איבער'ן זאַל, אַזוי ווי זוכענדיג הילף אַרום זיך.

— איך בעט דיך, לאָז מיך אָב, פרעג נישט, מאַטער מיך נישט!

זי האָט אָבגעלאָזען זײַן האַנד און איהם שאַרף אָנגעקוקט.

— איך וויל וויסען.

ער איז אויפגעשטאַנען און טיעף אָבגעצויגען דעם אָטעם. דערנאָך האָט ער זיך אָנגעהאַפּט מיט ביידע הענד פאַר'ן קאָפּ און געזאָגט:

— דו מאַכסט מיך משוגע. פרעג נישט.

נאָך אַ לאַנגע ווײַלע איז ער אַזוי געבליעבען שטעהן מיט שטאַרע אויגען, און זי האָט פול מיט אַנגסט נאָכגעשפּירט זײַן בליק,

חעלכער איז געווען געריכטעט אין דעם לעדיגען רוים. ענדליך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט, האָט אָנגעהויבען אָטעמען רוהיגער, און אַ מיעדע מילדקייט האָט זיך צוגאָסען אויף זיין געזיכט. אין עטליכע סעקונדען אַרום האָט ער זיך אינגאַנצען בערוהיגט און מיט אַ שטי־לער, ליעבענסווירדיגער שטימע געזאָגט צו מאַריען:

— נו, טרינק־ושע, עס.

זי האָט געהאָרזאַם גענומען אין האַנד אַ גאָפּעל מיט אַ מע־סער און מיט אַנגסט געפּרעגט:

— און דו?

— יאָ, יאָ, האָט ער געענטפערט, ער איז אָבער געבליעבען זיצען אונבעוועגליך און האָט זיך צו קיין זאַך נישט צוגעריהרט.

— איך וועל אויך נישט עסען, — האָט זי געזאָגט.

דאַן האָט ער אויך אָנגעהויבען עסען און טרינקען. באַלד אָבער האָט ער שוויינענדיג אַוועקגעלעגט דעם גאָפּעל מיט'ן מעסער און אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן האַנד, נישט קוקענדיג אויף מאַריען. זי האָט איהם אַ ווייַלע אָנגעקוקט מיט שטייף צונויפגעפּרעסטע ליפּען, דערנאָך האָט זי אַראָבגענומען זיין אָרעם, וואָס האָט פערשטעלט פון איהר זיין געזיכט. און איצט האָט זי געזעהן, ווי זיינע אויגען גלאַנצען, און אין דער סעקונדע, וואָס זי האָט אויסגעשריען: „פעליקס, פעליקס", האָט ער אָנגעהויבען צו וויינען, היים און הליפּענדיג. זי האָט אָנגעשפּאַרט זיין קאָפּ אָן איהר ברוסט, האָט איהם געגלעט די האָר, געקושט אין שטערן און געוואָלט מיט איהרע קושען זיינע טרערען פערטרייבען.

— פעליקס, פעליקס!

און ער האָט געוויינט אַלץ שטילער און שטילער.

—וואָס איז מיט דיר, אוצר מיינער, טייערער, איינציגער מיי־נער, זאָג מיר!

און ער האָט נאָך אַלץ געהאַלטען דעם קאָפּ צוגעפּרעסט צו איהר ברוסט, אַזוי אַז זיינע ווערטער זענען צו איהר צוגעקומען דומפּף און שווער:

— מאַריע, מאַריע, איך האָב עס דיר ביז אַהער נישט געוואָלט זאָגען. איין יאָהר נאָך, און דאַן איז אַלץ — אויס...

און איצט האָט ער געוויינט ביטער און אויס'ן קול. זי אָבער, מיט ברייט פונאַנדערגעעפענטע אויגען און טויט־בלאַס, האָט קיין

זאַך נישט פֿערשטאַנען, האָט נישט געוואָלט קיין זאַך פֿערשטעהן. עטוואָס קאַלטעס און שרעקליכעס האָט איהר דעם האַלז צוזאַמענ-געצויגען און ענדליך האָט זי פּלוצלונג אויסגעשריען:

— פּעליקס, פּעליקס!

דאַן האָט זי זיך אַראָבגעלאָזען פאַר איהם אויף די קניע און געקוקט אויף זיין פערוויינטען, פערביטערטען געזיכט, וואָס איז געווען אַראָבגעזונקען אויפ'ן ברוסט.

ער האָט זי געזעהן שטעהענדיג פאַר איהם אויף די קניע און געפּליסטערט:

— שטעה אויף, שטעה אויף.

זי איז אויפגעשטאַנען, מעכאַניש פאָלגענדיג איהם, און האָט זיך געזעצט איהם אַנטקעגען. זי האָט נישט געקענט רעדען, זי האָט נישט געקענט פרעגען. פּלוצלונג, נאָכדעם, ווי ער איז עטליכע סע-קונדען געזעסען פערזונקען אין אַ טיעפער שטילקייט, האָט ער אויפגעהויבען די אויגען אין דער הויך און טיעף אָבגעזיפצט, ווי ווען ער וואָלט זיין בעלאָדען מיט עפּעס אַ אונבעגרייפליכער משא:

— ס'איז שרעקליך! שרעקליך!

זי האָט צוריק בעקומען איהר שטימע.

— קום, קום... — מעהר אָבער האָט זי נישט געקענט רעדען.

— יאָ, מיר וועלען געהן, — האָט ער געזאָגט, בעגלייטענדיג זיינע ווערטער מיט אַ בעוועגונג, אַזוי ווי ער וואָלט וועלן עפּעס אָבשאָקלען פון זיך. ער האָט צוגערופען דעם קעלנער, בעצאָהלט פאַר'ן אָבענדברויט, און ביידע זענען שנעל אַרויס פון זאַל.

אין דרויסען האָט זיי שווייגענדיג אַרומגענומען די פריהלינגס-נאַכט. אין דער דונקעלער אַלעע איז מאַריע געבליעבען שטעהן און אָנגענומען איהר געליעבטענס האַנד:

— זאָג מיר ענדליך —

ער האָט זיך אינגאַנצען בערוהיגט, און דאָס, וואָס ער האָט איהר געענטפערט, האָט געקלונגען איינפאַך, פּשוט, ווי ווען עס וואָלט איינענטליך גאָרנישט אַזוי וויכטיג געווען. ער האָט בעפרייט זיין האַנד פון איהרע און געגלעט איהרע באַקען. ס'איז געווען אַזוי דונקעל, אַז זיי האָבען זיך קוים געזעהן איינער דעם אַנדערן.

— נאָר שרעק דיך נישט, מערי. אַ יאָהר — דאָס איז דאָך לאַנג, אַזוי לאַנג! ריכטיג איין יאָהר נאָך האָב איך צו לעבען.

זי האָט אויסגעשריען:
— דו ביזט משוגע, דו ביזט פון זינען אַראָב!
— סאיז אַ פערברעך, וואָס איך האָב עס דיר אין אַלגעמיין געזאָגט, און אַ נאַרעשקייט אויך. פערשטעהסט אָבער, וויסען דאָס אַלץ אַליין און אַזוי איינזאַם אַרומגעהן, שטענדיג מיט דעם געדאַנק — איך וואָלט דאָך דאָס סײַ־ווי־סײַ נישט לאַנג אויסגעהאַלטען. ס'איז אפשר נאָך בעסער, וואָס דו ווייסט דיך צוגעוואָהנען דערצו. קום זשע ווייטער? וואָס שטעהען מיר דאָ? איך אַליין, מאַריע, האָב זיך שוין צוגעוואָהנט צו דעם געדאַנק. אַלפרעד'ן האָב איך שוין לאַנג אויפגעהערט צו גלויבען.
— דו ביזט, הייסט עס, נישט געווען ביי אַלפרעדן? די אַנדערע דאָקטוירים הויבען דאָך נישט אָן צו פערשטעהן קיין זאַך.
— זעהסטו, קינד, אין דעם פערלויף פון די לעצטע וואָכען האָב איך שרעקליך געליטען, נישט וויסענדיג זיכער, וואָס מיט מיר איז. איצט איז שוין בעסער: איך ווייס האָטש, ווענינגסטענס, אַלץ. איך בין געווען ביי פּראָפעסאָר בערנאַרד, און ער האָט מיר געזאָגט דעם ריינעם אמת.
— אָה, ניין, ער האָט דיר נישט געזאָגט דעם אמת. ער האָט דיר געוויס געוואָלט נאָר איבערשרעקען, כדי דו זאָלסט פאָרזיכטיגער זיין.
— מיין טייערע, איך האָב מיט דעם מענשען זעהר ערנסט גערעדט. איך האָב געמוזט איין מאָל פאַר אַלע מאָל דערגעהן דעם אמת. פערשטעהסט, האָטש צוליעב דיר.
— פעליקס, פעליקס, — האָט זי אויסגעשריגען און איהם אַרומגענומען מיט ביידע אָרעמס. — וואָס רעדסטו? אָהן דיך וועל איך אפילו קיין איין טאָג נישט לעבען, קיין איין שעה נישט.
— קום, — האָט ער געזאָגט אין דער שטיל. — זיי רוהיג.
זיי זענען צוגעקומען צום אַרויסגאַנג פון פּראַטער. אַרום זיי איז געוואָרען לעבעדיגער: טומעלדיג און ליכטיג. אין די גאַסען האָבען זיך געהערט קלאַפּערייען פון רעדער און דאָס פייפען און קלינגען פון טראַמוויי, און איבער זיי, אויפ'ן בריק, האָט זיך דורכגעטראָגען מיט אַ שווערען געוויש אַ אייזענבאַהן־צוג.
מאַריאַ'ן איז אַ שווידער דורכגעלאָפען איבער'ן לייב. אָט דאָס דאָזיגע גאַנצע לעבען האָט עפּעס מיט איין מאָל בעקומען דעם

אויסזעהען פון עטוואָס גיפטיג־לאַכעדיגעס, פיינדליכעס, און איהר האָט פערקוועטשט דאָס האַרץ. זי האָט איהם מיטגעצויגען מיט זיך, און זיי האָבען זיך געלאָזען געהן אַהיים נישט דורך די ברייטע הויפט־גאַסען, נאָר דורך שטילע הינטערע־געסלעך.

געהענדיג, איז איהר פלוצלונג איינגעפאַלען, אַז פאַר איהם, וואָלט מען געדאַרפט נעהמען אַ עקיפּאַזש, זי האָט זיך אָבער נישט בעשלאָסען איהם דאָס צו זאָגען, — מ'קען דאָך געהן פּאַמעליך.

— דו וועסט נישט שטאַרבען, ניין, ניין, — האָט זי אין דער שטיל גערעדט, צודריקענדיג איהר קאָפּ צו זיין אַקסעל. — נאָר אָהן דיך וועל איך אויך נישט לעבען.

— טייערע מיינע, שפּעטער וועסטו אַנדערש טראַכטען. איך האָב מיר שוין אַלץ גוט דורכגערעכענט. געוויס אַזוי. דו ווייסט: ווי נאָר ס'האָט זיך פּלוצלונג געעפענט פאַר מיר די גרענעץ, האָב איך אָנגעהויבען זעהען, אַזוי שאַרף, אַזוי דורכדרינגענד.

— ס'איז קיין גרענעץ נישטאָ.

— ריכטיג, מיין אוצר, מען קען עס גאָרנישט גלויבען. איצט, אין דער מינוט, גלויב איך עס אויך נישט. ס'ליעגט עפּעס אין דעם עטוואָס אונבעגרייפליכעס, ניין? בערעכען נאָר: אָט געה איך איצט מיט דיר און רעד אַרוים אויפ'ן קול ווערטער, וועלכע דו הערסט, און אין אַ יאָהר אַרום וועל איך ליעגען אַ קאַלטער, אַ טויטער, אפשר שוין אַ צופאַלענער...

——הער אויף, הער אויף!

— און דו, דו וועסט בלייבען די זעלביגע, אַזוי ווי איצט. אָט אַקוראַט די זעלביגע, נאָר אַביסעל בלאַסער פון וויינען, דערנאָך אָבער וועט נאָך אַ אָבענד קומען, און נאָך איהם אַ סך אַנדערע אָבענדען, און דער זומער און דער הערבסט און דער ווינטער און וויעדער אַ פריהלינג... און איך בין שוין דאַמאָלס אַ יאָהר לאַנג טויט און קאַלט. יאָ!... וואָס איז מיט דיר?...

זי האָט ביטער געוויינט. די טרערען האָבען זיך געצויגען איבער איהרע באַקען און זענען אַראָבגערונען אויפ'ן האַלז.

אַ פערצווייפעלטעס שמייכעלע האָט זיך אַ וויז געטאָן אויף זיין געזיכט און ער האָט געמורמעלט צווישען די צייהן, הייזעריג, גיפטיג:

— ענטשולדיג.

זי האָט ווייטער געוויינט; זיי זענען געגאַנגען פאָראויס; ער האָט געשוויגען. זייער וועג האָט זיי געפיהרט פערביי דעם שטאָדט־גאָרטען, דורך דונקעלע, שטילע און ברייטע גאַסען, וואו עס האָט זיך געהערט אַ לייכטער, שוואַכער ריח פון פיילכען. זיי זענען פאַמעליך ווייטער געגאַנגען. אויף דער אַנדערער זייט האָט זיך געצויגען אַ גלייכע רייהע הויכע גרויע און געלע הייזער, און נאָהנט פון זיי האָט זיך אַרויסגעזעהן דער מאַיעסטעטישער טורם פון דער קאַרלס־קירכע, אַרויסשטייגענדיג אין דעם בלויען נאַכט־הימעל. זיי זענען אַריין אין אַ זייטיגער גאַס און צוגעגאַנגען צו דעם הויז, אין וועלכען זיי האָבען געוואָהנט. דאַן האָבען זיי זיך פאַמעליך אויפגעהויבען אויף די שוואַך בעלויכטענע טרעפ און געהערט פון הינטער די אָפענע טהירען און פענסטער דאָס לאַכען און פלוידערן פון די דיענסטמעדלעך. אין אַ פאָר מינוטען אַרום האָבען זיי פערשלאָסען די טהיר הינטער זיך. דאָס פענסטער איז געווען אָפען; עטליכע דונקעלע רויזען, וועלכע זענען געשטאַנען אין אַ איינפאַכער וואַזע אויפ'ן נאַכט־טיש, האָבען אָנגעפילט דעם צימער מיט אַ שמעקעדיגען ריח. פון גאַס האָט זיך געטראָגען אַ שטילער גערויש. זיי זענען צוגעגאַנגען צום פענסטער. אינ'ם הויז געגענאיבער איז געווען שטיל און פינסטער. דערנאָך האָט ער זיך געזעצט אויפ'ן דיוואַן, און זי האָט פערמאַכט די לאָדענס און אַראָבגעלאָזען די פאָרהאַנגען. זי האָט אָנגעצונדען אַ ליכט און זי אַוועקגעשטעלט אויפ'ן טיש. ער איז געזעסען אונבעוועגליך, פערזונקען אין זיינע געדאַנקען, און האָט דאָס אַלץ נישט געזעהן. זי איז צוגעגאַנגען צו איהם.

—פעליקס! — האָט זי איהם גערופען.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איהר און געשמייכעלט.

—וואָס, קינד? — האָט ער געפרעגט.

און ווי נאָר ער האָט אַרויסגערעדט די ווערטער מיט אַ וויכער, שטילער שטימע, האָט איהר ווידער אַרומגענומען אַ געפיהל פון אונענדליכער אַנגסט. ניין, זי האָט איהם נישט געוואָלט פערליערען. ניין! ניין, ניין! ס'איז גאָרנישט אמת! ס'קען גאָרנישט מעגליך זיין. זי האָט פראָבירט רעדען, האָט געוואָלט דאָס אַלץ איהם זאָגען, און האָט זיך געוואָרפען פאַר איהם אויף די קניע, זי האָט אָבער די קראַפט נישט געפונען צום רעדען. זי האָט אַוועקגעלעגט

איהר קאָפּ בײַ איהם אויפ'ן שויס און געװײנט. זײַנע הענד זענען אונבעװעגליך געלעגען אויף איהרע האָר.

— מ'דאַרף נישט װײנען, — האָט ער צערטליך געפליס־טערט, — הער אויף, טײַערע.

זי האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, װי אַ פּלוצלונגע האָפנונג װאָלט איהר אַרומגענומען.

— דאָס איז דאָך נישט אמת, ניין? נישט אמת?

ער האָט אָפּגעפּרעסט אַ לאַנגען, הײסען קוש בײַ איהר אויף די ליפּען. דערנאָך האָט ער כמעט האַרט אַרויסגערעדט:

— יאָ, דאָס איז אמת!

און איז אויפגעשטאַנען.

ער איז צוגעגאַנגען צום פענסטער און האָט זיך דאָרט אַװעק־געשטעלט. זײַן גאַנצע פיגור איז געװען אײַנגעהילט אין שאָטען, נאָר בײַ זײַנע פּיס האָט זיך געװיגט דאָס פינקלענדע פײַער פון דער ליכט. אין אַ װײַלע אַרום האָט ער אָנגעהויבען רעדען.

— דו מוזט דיך צוגעװאָהנען צו דעם געדאַנק. לאָז זיך דיר דאַכטען, אַז מיר זענען זיך אַזוי פונאַנדערגעגאַנגען. דו דאַרפסט גאָרנישט װיסען, אַז איך בין שוין מעהר אויף דער װעלט נישטאָ.

זי האָט אויסגעזעהן, אַזוי װי זי װאָלט איהם גאָרנישט הערען. איהר געזיכט האָט זי בעהאַלטען אין קישען פון דיװאַן.

ער האָט װײַטער גערעדט:

— װען מ'בעטראַכט די זאַך פילאָזאָפיש, איז עס גאָרנישט אַזוי שרעקליך. מיר האָבען דאָך נאָך אַזוי פיעל צײַט גליקליך צו זײַן; ניין, טײַערע?

זי האָט פּלוצלונג אַ קוק געטהון אויף איהם מיט גרויסע, טרערענלאָזע אויגען. דערנאָך איז זי צוגעלאָפען צו איהם, האָט איהם אײַנגעשלאָסען אין איהרע אָרעמס און שטאַרק צוגע־דריקט צו איהר ברוסט.

— איך װיל מיט דיר צוזאַמען שטאַרבען, — האָט זי געפליס־טערט.

— דאָס איז קינדערײַ, — האָט ער געשמײכעלט, — איך בין נישט אַזוי קלײנליך, װי דו מײנסט. איך האָב גאָרנישט דאָס רעכט, דיך מיטצונעהמען מיט זיך.

— איך קאָן אָהן דיך נישט זײַן.

— ווי לאַנג האָסטו געלעבט אָהן מיך? איך בין שוין אַ פערלוירענער געוועזען מיט אַ יאָהר צוריק, ווען איך האָב זיך בעקאַנט מיט דיר. אמת, איך האָב דאָס נישט געוואוסט, אַ אַהנונג דערפון אָבער האָב איך שוין געהאַט.

— דו ווייסט עס נאָך איצט אויך נישט.

— ניין, איך ווייס עס, און דעריבער גיעב איך דיר שוין צוריק דיין פרייהייט.

זי האָט איהם פעסטער איינגעקלאַמערט אין איהרע אָרעמס.

— נעהם אָן די פרייהייט, נעהם זי, — האָט ער געזאָגט.

זי האָט איהם נישט געענטפערט, און נאָך אַלץ אָנגעקוקט איהם, אַזוי ווי זי וואָלט גאָרנישט פערשטעהן, וואָס ער רעדט צו איהר.

— דו ביזט אַזוי שען, אָה, און אַזוי געזונד! וואָס'רע שענעס, וואָס'רע הייליגעס רעכט האָסטו נאָך אוים'ס לעבען! לאָז מיך אַליין.

זי האָט אויסגעשריען:

— איך האָב געלעבט מיט דיר, און וועל שטאַרבען מיט דיר.

ער האָט איהר געקושט אין קאָפּ.

— דו וועסט עס נישט טהון; איך פערבאָט עס דיר. דו מוזט זיך אַרויסשלאָגען פונ'ם קאָפּ דעם געדאַנק.

— איך שווער דיר...

— שווער נישט; דו וועסט דיך בעטען אַמאָל, איך זאָל דיר דיין שבועה מוחל זיין.

— אַזוי גלויבסטו עס אין מיר!

— אָ, דו ליעבסט מיך, איך ווייס עס. דו וועסט מיך נישט פערלאָזען אַזוי לאַנג ווי —

— קיינמאָל, קיינמאָל, וועל איך דיך נישט פערלאָזען!

ער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

זי האָט זיך פעסט צוגעטוליעט צו איהם, האָט גענומען זיינע העגד און זיי געקושט.

— דו ביזט אַזוי גוט, — האָט ער געזאָגט, — דאָס מאַכט מיך זעהר טרויעריג.

— זיי נישט טרויעריג. וואָס עס זאָל נישט זיין — מיר ביידע האָבען דעם זעלבינגען שיקזאַל.

— ניין, — האָט ער ערנסט און בעשטימט געזאָגט. — לאָז אָב. איך בין נישט גלייך צו אַנדערע. איך וויל נישט זיין אַזוי. איך פערשטעה אַלץ: עס וואָלט זיין אַ פערברעך פון מיר, ווען איך וואָלט ווייטער הערען דיינע ווערטער, און פער׳שכור׳ט ווערען דערמיט, וואָס עס רייסט זיך אַרויס פון דיין מויל אין דעם ערשטען אויסברוך פון שמערץ. איך מוז געהן, און דו מוזט בלייבען.

זי האָט ווידער אָנגעהויבען צו וויינען. ער האָט זי געגלעט און געקושט, אום איהר צו בערוהיגען, און זיי זענען געבליבען שטעהן ביים פענסטער, גאָרנישט רעדענדיג.

ס׳איז פערביי איין מינוט נאָך דער אַנדערער; די ליכט איז געוואָרען קלענער.

אין אַ ווײַלע אַרום איז פעליקס אָבגעגאַנגען פון איהר און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפ׳ן דיוואַן. אַ שווערע מידקייט האָט איהם בעהערשט. מאַריע איז צוגעגאַנגען און האָט זיך געזעצט נעבען איהם. זי האָט פאָרזיכטיג גענומען זיין קאָפּ און איהם אַוועקגעלעגט ביי איהר אויפ׳ן אַקסעל. ער האָט זי צערטליך אָנגעקוקט, און פערמאַכענדיג די אויגען, איז ער אַזוי איינגעשלאָפען.

ס׳האָט אַריינגעשטראַהלט אַ בלאַסער, קיהלער פריהמאָרגען. פעליקס האָט זיך אויפגעהאַפּט. זיין קאָפּ איז נאָך אַלץ געלעגען אָנגעשפּאַרט אָן איהר ברוסט. זי אָבער איז טיעף און פעסט געשלאָפען. ער איז פאַמעליך אָבגעגאַנגען פון איהר, איז צוגעגאַנגען צו׳ם פענסטער און אַרויסגעקוקט אין גאַס, וועלכע האָט אין דעם גרויען פריהמאָרגען אויסגעזעהן אינגאַנצען פוסט. איהם איז קאַלט געווען. אין עטליכע מינוטען אַרום האָט ער זיך אַ אָנגעטהונענער געלעגט אויפ׳ן בעט און אַריבערגעצויגען די דעקע איבער׳ן קאָפּ.

עס איז שוין געווען גרויסער טאָג אין דרויסען, ווען ער האָט זיך אויפגעהאַפּט. מאַריע איז געזעסען אויפ׳ן ראַנד פון בעט און האָט איהם אויפגעוועקט מיט קושען. זיי האָבען ביידע געשמייכעלט. איז נישט אַמאָל דאָס אַלץ נאָר אַ בייזער חלום געווען? ער אַליין האָט זיך איצט געשפּירט אַזוי מונטער, אַזוי געזונד. און אין דרויסען האָט געלאַכט די זון. פון גאַס האָט זיך געהערט אַ גערויש און אַלץ איז געווען אַזוי לעבעדיג. אינ׳ם הויז געגענאיבער זענען אַ סך פענסטער געשטאַנען אָפען. און אויפ׳ן טיש, ווי יעדען פריהמאָרגען, איז געווען געגרייט דאָס פריהשטיק. אין צימער איז אַזוי

ליכטיג געווען: אין אַלע ווינקעלעך האָט זיך דער טאָג אַריינגעריסען. ווײַלען פון זונען־שטויב האָבען געשימערירט און אומעטום, אומעטום האָט זיך געפיהלט האָפנונג, האָפנונג, האָפנונג!

———

דער דאָקטאָר האָט נאָך געראויכערט זײַן נאָכמיטאָגס־ציגאַר, ווען אַ דאַמע האָט זיך צו איהם געמעלדעט. ס'איז נאָך געווען פאַר דער אויפנאַהמס־שעה, און אַלפרעד איז, פערשטעהט זיך, געווען נישט זעהר צופריעדען.

— מאַריאַ! — האָט ער ערשטוינט אויסגעשריען, ווען זי איז אַרײַנגעקומען.

— זײַט נישט בעז, וואָס איך שטער אײַך אַזוי פריה. אָה, ענדיגט רויכערן.

— אויב איהר ערלויבט. — אָבער וואָס איז פאָרגעקומען? וואָס איז מיט אײַך?

זי איז געשטאַנען פאַר איהם, אָנגעשפאַרט מיט איין האַנד אָן שרײַבטיש און אין דער אַנדערער האַלטענדיג דעם שירם.

— איז עס ריכטיג, — האָט זי שנעל אַרויסגערעדט. — אַז פעליקס איז אַזוי קראַנק? אַה, איהר זײַט בלאַס געוואָרען... פאַרוואָס האָט איהר עס מיר נישט געזאָגט? פאַרוואָס?

— וואָס איז אײַך עפּעס אײַנגעפאַלען? — ער איז זיך דורכגעגאַנגען איבער'ן צימער אַהין און צוריק. — דאָס איז נאַרעש. ביטע, זעצט זיך.

— ענטפערט מיר.

— געוויס איז ער קראַנק. דאָס איז דאָך אָבער פאַר אײַך קיין נײַעס נישט.

— ער איז פערלוירען, — האָט זי אויסגעשריען.

— אָבער... וואָס...

— איך ווייס עס; ער — אויך. נעכטען איז ער געווען בײַ פּראָפעסאָר בערנאַרד — ער האָט עס איהם געזאָגט.

— אַ סך פּראָפעסאָרען האָבען שוין פּראָבירט אַ טעות האָבען.

— איהר האָט דאָך איהם אַזוי אָפט אונטערזוכט; זאָגט מיר דעם אמת.

— אין די זאַכען איז נישטאָ קיין אַבסאָלוטער אמת.

— יאָ, ווײַל ער איז אײַער פרײַנד. איהר ווילט נישט זאָגען

דעם אמת, אָה נײן? איך זעה דאָך עס אָבער אָן איך! דאָס איז אַלזאָ אמת! אמת! אָ גאָט! גאָט מײַנער!

— בערוהיגט זיך, ליעבע —

זי האָט שנעל אַקוק געטהון אויף איהם .

— דאָס איז אמת?

— יאָ, ער איז קראַנק. איהר ווייסט עס דאָך.

— אה...

— צו וואָס אָבער האָט מען איהם דאָס געזאָגט? און אויסער דעם...

— נו, נו? נאָר, איך בעט אייך, וועקט נישט אויף אין מיר קײן האָפנונג, אויב זי איז נישט פערהאַן.

— מ'קאָן עס קײנמאָל נישט בעשטימט פאָראויסזאָגען. דאָס קאָן זיך פערציהען ווי לאַנג.

— איך ווייס דאָך: אַיאָהר.

אַלפרעד האָט זיך געביסען די ליפּען.

— יאָ, זאָגט מיר, צו וואָס איז ער אײגענטליך געגאַנגען צו אַנ'אַנדער דאָקטאָר?

— נו, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז איהר וועט איהם קײנמאָל דעם אמת נישט זאָגען — גאַנץ אײנפאַך.

— ס'איז צו-נאַרעש — האָט זיך דער דאָקטאָר געקאָכט, — ס'איז צו נאַרעש. איך פערשטעה דאָס נישט! עפּעס ריכטיג, װאָס דאָס וואָלט זײַן אַזוי אונבעדינגט נויטווענדיג, אום אַמענשען...

אין דער מינוט האָט זיך געעפענט די טהיר און פעליקס איז אַרײַנגעקומען.

— איך האָב עס פאָראויסגעזעהן ,— האָט ער געזאָגט, דערזעהענדיג מאַריאַ'ן.

— דו טהוסט מיר אָב שענע נאַרעשקײַטען ,— האָט דער דאָקטאָר אויסגערופען. — שענע נאַרעשקײַטען, כ'ליעבען.

— הער אויף מיט דײַנע פראַזען, מײַן ליעבער אַלפרעד, — האָט פעליקס געענטפערט .— איך דאַנק דיר הערצליך פאַר דײַן גוטען ווילען, דו האָסט געהאַנדעלט ווי אַפרײַנד, דו האָסט דיך גלענצענד געהאַלטען ...

מאַריאַ איז איהם אַרײַנגעפאַלען אין די רײד:

— ער זאָגט, אַז דער פּראָפעסאָר האָט געווים...

— לאָז אָב, — האָט איהר פעליקס איבערגעשלאָגען, — אַזוי לאַנג, ווי עס איז אַלץ געגאַנגען גלאַט, האָט איהר מיך געקאָנט פערפיהרען. איצט אָבער וואָלט עס שוין זיין נישט מעהר, ווי אַ נאַרעשע קאָמעדיע.

— דו ביזט אַ קינד, — האָט זיך אַלפרעד אָבגערופען. — אין וויען וועסטו געפינען טויזענדער מענשען, וועלכע מ׳האָט שוין מיט צוואַנציג יאָהר צוריק דאָס לעבען אָבגעזאָגט.

— די מעהרסטע פון זיי זענען דאָך אָבער שוין בעגראָבען.

אַלפרעד איז אַרומגעגאַנגען איבער׳ן צימער אַהין און צוריק.

— יעדענפאַלס, האָט זיך פון נעכטען ביז היינט קיין זאַך נישט געענדערט. דו וועסט דיך היטען — דאָס איז אינגאַנצען. דו וועסט פינקטליכער, ווי ביז אַהער, ערפילען מיינע פעראָרדנונגען — דאָס וועט גאָר גוט זיין. ערשט מיט אַכטאָג צוריק איז געוועזען ביי מיר אַ פופציגיעהריגער הערר...

— איך ווייס שוין, — האָט איהם פעליקס איבערגעשלאָגען, — דער געוויסער פופציגיעריגער הערר, וועלכען מ׳האָט צו צוואַנציג יאָהר אָבגעזאָגט דאָס לעבען און איצט זעהט ער אויס בליהענדשען און האָט אַכט געזונדטע קינדער.

— אַזעלכע זאַכען קומען פאָר, און דעם איז גאָרנישט צו צווייפלען, — האָט אַלפרעד בעמערקט.

— דו ווייסט, — האָט אויף דעם פעליקס געזאָגט, — איך געהער נישט צו דעם סאָרט מענשען, מיט וועלכע עס געשעהען כסדר נסים.

— נסים? — האָט אַלפרעד אויסגערופען, — דאָס זענען נאַטירליכע זאַכען.

— אָבער קוקט איהם נאָר אָן; — האָט מאַריע געזאָגט — איך געפין, אַז ער זעהט איצט בעסער אויס, ווי ווינטער.

— ער מוז זיך זעהר היטען — האָט אַלפרעד געזאָגט און אָבגעשטעלט זיך פאַר זיין פריינד, — איהר וועט איצט אין די בערג פאָהרען, און דאָרטען זיך אויסרוהען, אָבער אַזוי, פערשטעהט איהר מיך — אָרענטליך.

— ווען זאָלען מיר אָבפאָהרען? — האָט מאַריע געפרעגט סעראינטערעסירט.

— ס׳איז דאָך אַלין נאַרעש — האָט פעליקס זיך אָבגערופען.

— און אים הערבסט וועט איהר זיך אַוועקלאָזען ערגעץ־וואו אין דרום.

— און דעם קומענדיגען פריהלינג? — האָט פעליקס אַ פרעג געטהון איראָניש.

— ווערסטו, בעשטימט, געזונד זיין, — האָט אויסגעשריען מאַריע.

— יאָ, געזונד, — האָט פעליקס געלאַכט, — געזונד! — יעדענפאַלס וועל איך שוין דאַן נישט ליידען מעהר.

— איז זאָג דאָך עס שטענדיג, — האָט אויסגעשריען דער דאָקטאָר — אַז אָט די אַלע בעריהמטע קליניקער האָבען נישט אין זיך קיין האָר פּסיכאָלאָגיע.

— ווייל זיי זענען גלייכגילטיג דערצו, וואָס מיר קאָנען דעם אמת נישט פערטראָגען, — האָט פעליקס אַ זאָג געטהון.

— איך זאָג, אַז דאָ איז גאָר קיין אמת נישטאָ. דער מענש האָט זיך געטראַכט, אַז ער מוז דיר דעם גיהנם הייסער מאַכען, אום דו זאָלסט דיך מעהר היטען. זיין געדאַנקענגאַנג איז געווען אונגעפעהר אַזוינער: אויב דו וועסט נישט קוקען אויף זיין נביאות, און געזונד ווערען, וועט דאָך עס יעדענפאַלס נישט זיין פאַר איהם קיין בעליידיגונג; ער האָט דאָך דיך נאָר געוואָרנט.

— לאָז שוין אָב מיט די קינדערשע פלוידערייען, — האָט זיך אָבגערופען פעליקס — איך האָב זעהר ערנסט גערעדט מיט דעם מענשען, און האָב איהם געגעבען צו פערשטעהן, אַז איך מוז וויסען דעם גאַנצען אמת. פאַמיליענפערהעלטניסע! דערמיט קאָן מען די חברה שטענדיג נעהמען. און איך מוז דיר אויפריכטיג מודה זיין, אַז דאָס נישט וויסען איז שוין געווען צו־שרעקליך.

— אַזוי ווי איצט וואָלסטו שוין כלומר'שט יאָ וויסען, — האָט אַלפרעד בעמערקט.

— יאָ, איצט ווייס איך. ס'איז אַ אומזיסטע אַרבייט, מיך איצט צו פערריידען. עס האַנדעלט זיך איצט נאָר וועגען דעם, דאָס לעצטע יאָהר אָבצולעבען ווי ווייט נאָר מעגליך — קלוגער. דו וועסט זעהן, מיין ליעבער אַלפרעד, איך בין דער מענש, וועלכער קאָן אַוועקגעהן פון דער וועלט מיט אַ שמייכעל אויף די ליפען. נו, וויין נישט, מערי; דו האָסט גאָר קיין אַהנונג נישט דערפון, ווי שען די וועלט וועט דיר נאָך אויסזעהן אָהן מיך. וואָס, אַלפרעד, ניין?

— גוּעָה! דו פּייניגסט דאָך דיין מעדעל גאַנץ אומזיסט.

— דאָס איז אמת, ס'וואָלט זיין קליגער פאַר איין מאָל אַ ענדע צו מאַכען. פערלאָז מיך, מערי, גוּעָה, לאָז מיך אַליין שטאַרבען!

— גיט מיר גיפט — האָט מאַריע פּלוצלונג אויסגעשריען.

— איהר זענט דאָך ביידע משוגע, — האָט אויסגערופען דער דאָקטאָר.

— גיפט! איך וויל נישט לעבען איין סעקונדע לענגער פון איהם, און ער דאַרף עס מיר גלויבען; ער וויל דאָך עס מיר נישט גלויבען. פאַרוואָס? פאַרוואָס?

— הער, מערי, איצט וועל איך דיר עפּעס זאָגען. קוים וועסטו נאָך איין מאָל דערמאָהנען די דאָזיגע נאַרעשקייט, נאָך איין מאָל נאָר, וועל איך איינגאַנצען פערשוואונדען ווערען פון דיינע אויגען, און דו וועסט מיך איינגאַנצען נישט אָנזעהען מעהר. איך האָב קיין רעכט נישט צוזאַמענצובינדען דיין שיקזאַל מיט מיינעם; איך וויל אַזאַ פערראַנטוואָרטליכקייט אויף זיך נישט טראָגען.

— ווייסטו וואָס, ליעבער פעליקס, — האָט אָנגעהויבען דער דאָקטאָר — פאַר דיר וואָלט גאָרנישט שלעכט זיין אַוועקצופאָהרען היינט נאָך. אַזוי ווייטער געהן טאָר דאָס נישט. היינט אין אָבענד וועל איך אייך ביידע צו די באַהן צופיהרען: די קרעפטיגע לופט און די רוהיגקייט וועלען אייך, האָף איך, ביידען קליגער מאַכען.

— איך בין פאָלקאָם איינשטימיג, — האָט פעליקס געזאָגט. — מיר איז דאָס אין גאַנצען אַלץ איינס, וואו...

— נו, זעהר גוט — האָט איהם דער דאָקטאָר איבערגעשלאָגען, — דערווייל איז קיין גרונד נישטאָ אויף צו קומען אין פערצווייפלונג, און דיינע טרויעריגע נעבענבעמערקונגען קאָנסטו איינגענטליך איינגאַנצען לאָזען אָן אַ זייט.

מאַריאַ האָט זיך אָבגעווישט די טרערען און מיט דאַנקבאַרקייט געקוקט אויפ'ן דאָקטאָר.

— גרויסער פּסיכאָלאָג, — האָט פעליקס געשמייכעלט — ווען אַ דאָקטאָר בעהאַנדעלט איינעם אָהן צערעמאָניעס, דאַכט זיך איהם גאָר, אַז ער איז געזונד.

— פאַר אַלעמען בין איך דיין פריינד. דו ווייסט אַלזאָ, אַז...

— אַלזאָ, סאָדרען... מאָרגען... אין די בערג!

— יאָ, דערביי בלייבט עס.

— נו, איך דאַנק דיר יעדענפאַלס זעהר, — האָט פעליקס געזאָגט, דערלאַנגענדיג זיין פריינד די האַנד — און איצט וועלען מיר געהן. דאָרט, אין וואַרטע־זאַל, ווסט שוין אימיצער אונטער. קום, מערי!

— איך דאַנק אייך העֶרר דאָקטאָר — האָט מאַריע געזאָגט, זיך פעראָבשיידענדיג.

— דאָ איז נישטאָ פאַרוואָס צו דאַנקען. זייט נאָר אַ מענש און גיט אויף איהם אַכטונג. אַלזאָ, אויפ'ס וויעדערזעהן.

אויף די טרעפ האָט פעליקס פלוצלונג געזאָגט:

— דער דאָקטאָר איז אַ ליעבער מענש, ניין?

— אָ יאָ.

— און יונג און געזונד און האָט אפשר נאָך פיערציג יאָהר פאַר זיך — אָדער הונדערט.

זיי זענען אַרויסגעגאַנגען אויפ'ן גאַס און פערזונקען געוואָרען אין דער מענשען־מאַסע, וועלכע איז געגאַנגען און האָט גערעדט, געלאַכט, געלעבט און גאָרנישט געטראַכט וועגען טוידט.

---

זיי האָבען זיך איבערגעצויגען אין אַ קליין הייזיל האַרט ביים טייך. עס איז געשטאַנען אָן אַ זייט פון דאָרף, אינ'ם סאַמע עק פון דער רייהע הייזער, וואָס האָט זיך געצויגען גלייך מיט'ן וואַסער. הינטערן הויז, אויף אַ באַרג, האָבען זיך אויפגעהויבען לאָנקעס, און ווייטער אויפ'ן סאַמע שפיץ, האָבען זיך געצויגען פעלדער, בעדעקטע מיט זומערבליטען. ווייט אַרונטער, קוים מיט'ן אויג צו האַפען, האָט זיך געזעהן די פערווישטע רייהע פון ליעגענדע בערג. און ווען זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון זייער וואוינונג אויף דער טעראַסע, וועלכע איז געשטאַנען אָנגעשפאַרט אויף פיער ברוינע, פייכטע זיילען און איז ריכטיג ווי אַרויסגעשטיגען פון דעם קלאָרען וואַסער־גרונד, איז זיי געגענאיבער, ביי דעם אַנדערען ברעג, געלעגען די לאַנגע קייט שטאַרקע פעלזען, איבער וועלכע ס'האָט גערוהט דער קאַלטער גלאַנץ פונ'ם שוייגענדיגען הימעל.

אין די ערשטע טעג פון זייער וואוינען דאָ האָט זיי אַרומגענומען אַ געפיהל פון וואונדערבאַרער רוהיגקייט, וועלכען זיי האָבען אַליין נישט געקאָנט בעגרייפען. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס אַלגעמיינע מעכטיגע שיקזאַל האָט געקאָנט האָבען אַ שליטה איבער זיי נאָר

דאָרט, אין זייער געוועהנליכען שטאָדטישען לעבען; דאָ, בײַ זייערע נײַע לעבענס־בעדינגונגען, האָט דאָס אַלץ, וואָס ס'איז געהאַנגען איבער זייערע קעפּ אין דער פריהערדיגער וועלט, קיין שום ווערט נישט געהאַט. פון דער צייט אָן, וואָס זיי האָבען זיך געקענט, האָבען זיי נאָך אַזאַ ערקוויקענדע איינזאַמקייט נישט איבערגעלעבט. ס'איז פאָרגעקומען, אַז זיי האָבען זיך אָפּט־מאָל אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן אַזוי, ווי ווען עס וואָלט ווען ס'איז האָבען פאָרגעקומען צווישען זיי עפּעס אַ קליינע געשיכטע, אַ צאַנקערײַ אָדער אַ מיספער־שטענדניש, וועגען וועלכער עס לוינט נישט צו רעדען מעהר. אין די שענע זומער־טעג האָט זיך פעליקס געשפירט אַזוי גוט, אַז ער האָט זיך גלייך נאָך זײַן קומען צופאָהרען געוואָלט נעהמען אַרבייטען. מאַריע אָבער האָט עס נישט דערלאָזען.

— דו ביזט נאָך נישט אינגאַנצען געזונד, — האָט זי שמייכלענ־דיג געזאָגט.

און אויף דעם קליינעם טישעל, וואו פעליקס האָט פונאַנדער־געלעגט זײַנע ביכער און פּאַפּירען, האָבען אַרומגעטאַנצט די זונענשטראַהלען, און דורכ'ן פענסטער האָט זיך אַרײַנגעריסען פון וואַסער אַהער אַ ווייכע, שמייכלענדע לופט, וואָס האָט פון אַלע אומגליקען פון דער וועלט נישט אָנגעהויבען וויסען.

---

איינמאָל פאַרנאַכט האָבען זיי, ווי אַלע מאָל, געדונגען אַ אַלטען פוהער און זיך געלאָזען דורכשיפען אויפ'ן טײַך. דאָס איז געווען אַ גוטע, ברייטע לאָדקע, מיט אַ אויסגעבעטען געזעס, אויף וועלכען ס'איז געוועהנליך געזעסען מאַריע, און פעליקס איז געלעגען איהר צו־פוסענס, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן איהרע קניע, און איינגעהילט אין אַ וואַרעמען, גרויען פלעד, וועלכער האָט איהם געדיענט אי פאַר אַ אונטערלאַגע, אי פאַר אַ דעקע. אויף דעם ברייטען, רוהיגען וואַסער־שטח איז געלעגען אַ לייכטער נעבעל, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז די דונקעלהייט שווימט אַרוים פּאַמעליך פונ'ם טײַך, און הילט איין ביסלעכווייז די ברעגען. פעליקס האָט זיך היינט ער־לויבט פערררויכערען אַ ציגאַר, און האָט געקוקט פאַר זיך אויף די וועללען און פעלזען־ שטיינער, וועלכע זענען געווען פערגאָסען מיט אַ מאַטער זונען־גלעקייט.

— העד, מערי, — האָט ער אָנגעהויבען רעדען — דו האָסט

ניִשט קיין מורא אַרויסצוקוקען אין דער הויך?

— אַוואו?

ער האָט אָנגעוויזען מיט די פינגער אויפ'ן הימעל.

— אָט גלייך אַרויף, אין דער הונקעלער בלויקייט. איך קען עס ניִשט. מיר ווערט עפּעס שרעקליך.

זי האָט אויפגעהויבען איהר בליק צום הימעל און איהם אַזוי געהאַלטען עטליכע סעקונדען.

— מיר געפעלט עס זעהר — האָט זי געזאָגט.

— אַזוי? ווען דער הימעל איז אַזוי קלאָר, אָט אַזוי ווי היינט, קאָן איך עס גאָרנישט פערטראָגען. אָט די ווייטקייט, אָט די שרעקליכע ווייטקייט! ווען דער הימעל איז פערדעקט מיט וואָלקענס, איז עס מיר ניִשט אַזוי אונאַנגענעהם: די וואָלקען געהערען דאָך נאָך צו אונז. — אין זיי זעה איך עפּעס נאָהנטעס.

— מאָרגען וועט רעגנען, — האָט זיך אַריינגעמישט דער שיפער, — די בערג זענען היינט צו נאָהנט!

ער האָט אַוועקגעלעגט די רודער־שטאַנגען, און די לאָדקע האָט זיך שטיל און אַליין לאַנגזאַמער געגליטשט איבער'ן וואַסער.

פעליקס האָט אָנגעהויבען הוסטען.

— אַ מאָדנע זאַך: די ציגאַרען קאָן איך נאָך אַלץ ניִשט פערטראָגען.

— טאָ וואַרף איהם שוין אַוועק.

פעליקס האָט עטליכע מאָל איבערגעדרעהט צווישען די פינגער דעם גליהענדען ציגאַר, דערנאָך האָט ער איהם אַריינגעוואָרפען אין וואַסער, און ניִשט אומווענדענדיג זיך צו מאַריען האָט ער געזאָגט:

— ווי, אינגאַנצען געזונד בין איך נאָך ניִשט?

— לאָז־אָב, — האָט זי איהם איבערגעריסען, איבערפיהרענדיג פאַמעליך איהר האַנד איבער זיינע האָר.

— וואָס ווילען מיר עס טהון, ווען עס ווילען זיך אָנהויבען די נאַסע וועטערען? — האָט פעליקס געפרעגט — דאַמאָלס וועסטו מיך מוזען לאָזען אַרבייטען.

— ניין, מ'דאַרף ניִשט.

זי האָט זיך אַראָבגעבויגען צו איהם און געקוקט איהם אין די אויגען. איהר איז פּלוצלונג איינגעפאַלען, אַז זיינע באַקען זענען הויטער געוואָרען.

— דײַנע בײזע געדאַנקען װעל איך באַלד פֿערטרײַבען פֿון דיר! אָבער הער — אפשר זאָלען מיר שױן פֿאָהרען אַהײם? ס'װערט קיהל.

— קיהל? מיר איז נישט קיהל.

— נו יאָ, דיר אין דײַן װאַרעמען פּלעד.

— אָה, — האָט ער אױסגערופען — איך, עגאָאיסט, האָב גאָר פֿערגעסען אָן דײַן זומערדיגען קלײד.

— אַהײם. — האָט ער זיך געװענדעט צום רודערער.

נאָך אַ פּאָאַר הונדערט רודער־שלעג זענען זײ צוגעשװאומען נאָהנט צו זײער װאױנונג. דאָ האָט מאַריע בעמערקט, אַז פּעליקס נעהמט אַרום מיט דער רעכטער האַנד זײַן לינקע פּלײצע.

— װאָס איז דיר?

— מגיד'י, איך בין װירקליך נאָך נישט אינגאַנצען געזונד.

— אָבער...

— מיך פּיעבערט. הם... זעהר נאַרעש!

— דו האָסט בעשטימט אַ טעות. — האָט מאַריע מיט אַנגסט נעזאָגט. — איך װעל גלײַך רופען דעם דאָקטאָר.

— יאָ, פֿערשטעהט זיך, איהם קען איך נאָך דאַרפען.

זײ זענען צוגעשװאומען צום ברעג און אַרױס אױפ'ן לאַנד. אין די צימערן איז געװען כמעט דונקעל, ס'האָט זיך נאָך אָבער געפֿיהלט אין זײ די װאַרעמקײַט פֿון טאָג. אין דער צײַט, װען מאַריע האָט געגרײט צום טיש, איז פּעליקס געזעסען אין לעהנשטוהל.

— הער — האָט ער זיך פּלוצלונג אָבגערופען — די ערשטע אַכט טאָג זענען שױן אַריבער.

זי איז אָבגעגאַנגען פֿון טיש, אױף װעלכען זי האָט אױסגעשטעלט די כלים, איז שנעל צוגעלאָפען צו איהם און אַרומגענומען איהם מיט בײדע אָרעמס.

— װאָס איז שױן װידער מיט דיר?

ער האָט זיך בעפרײַט פֿון איהר אומאַרמונג.

— לאָז אָב.

ער איז אױפגעשטאַנען און האָט זיך געזעצט בײַם טיש. זי האָט זיך אױך געזעצט. ער האָט אָנגעהױבען פּיקען מיט די פֿינגער איבערן טיש.

— איך קום מיר פֿאָר עפּעס אַזױ שװאַך. פּלוצלונג פֿאַלט עס אָן אױף אַ...

— פעליקס, פעליקס, וואָס טוט זיך מיט דיר?
זי האָט צוגערוקט איהר שטוהל נעהנטער צו זיינעם.

ער האָט מיט אָפענע אויגען געקוקט אין צימער אַהין און אַהער. דערנאָך האָט ער נערוועז געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, אַזוי, ווי ער וואָלט עפּעס נישט קענען בעגרייפען, און ווידער געזיגען צווישען די ציינער:

— שוצלאָז! שוצלאָז! קיין מענש קען מיך נישט העלפען. די זאַך אַן און פאַר זיך איז גאָרנישט אַזוי שרעקליך, — נאָר דאָס, וואָס מ'איז אַזוי שוצלאָז!...

— פעליקס, איך בעט דיך, דו רעגסט זיך אויף. ס'איז בעשטימט גאָרנישט. אויב דו ווילסט, — נאָר אום דיך צו בערוהיגען — וועל איך אַראָבגעהן נאָכ'ן דאָקטאָר.

— לאָז מיך אָב, זעה! ענטשולדיג, וואָס איך האָב דיך שוין ווידער אָנגעהויבען אונטערהאַלטען מיט מיין קרענק.

— אָבער...

— דאָס וועט שוין מעהר נישט פּאָרקומען. געה, גיעב מיר עפּעס צום עסען. יאָ, יאַ, לעג אַרויף עפּעס!... דאַנקע!... נו, רעד־זשע עפּעס.

— וואָס זאָל איך רעדען?

— דאָס, וואָס שטענדיג. לעז מיר עפּעס פאָר, אויב דו געפינסט נישט וועגען וואָס צו רעדען. אַה, ענטשולדיג, נאָכ'ן עסען נאַטיר־ליך. עס דערווייל, איך וועל אויך עסען.

ער האָט צוגערוקט צו זיך דאָס עסען.

— איך האָב איצט זאָגאַר אַפּעטיט צום עסען, עס שמעקט מיר גאַנץ גוט.

און ביידע האָבען געגעסען און געטרונקען.

---

די וויטערדיגע טעג האָבען געבראַכט אַ וואַרעמען רעגען. דעם גאַנצען טאָג זענען זיי געזעסען אַביסל אין צימער און אַביסל אויפ'ן טעראַסע, לייענענדיג אויפ'ן קול אָדער קוקענדיג אין פענס־טער. אָפט פלעגט זי זיצען און נעהען און ער פלעגט פון איהר די אויגען נישט אַראָבנעהמען; אַמאָל האָבען זיי געשפּיעלט אין קאָרטען, אָדער ער האָט איהר געלערנט שפּיעלען אין שאַח־מאַט. אַנאַנדער'ס מאָל ווידער האָט ער זיך אויסגעלעגט אויפ'ן דיוואַן

זי איז געזעסען נעבען איהם און עפּעס פאַרגעלייענט. דאָס זענען געווען שטילע טעג און אָבענדען און פעליקס האָט זיך אייגענטליך געפיהלט גאַנץ גוט. ער איז צופריעדען געווען דערמיט, וואָס דאָס שלעכטע וועטער שאַדט איהם נישט, און דאָס פיעבער איז איהם אויך איבערגעגאַנגען.

איינמאָל נאָכמיטאָג, ווען דער הימעל האָט זיך דאָס ערשטע מאָל אָנגעהויבען אויסלייטערן נאָך אַ סך רעגענדיגע טעג, זענען זיי ווידער געזעסען אויפ'ן באַלקאָן, און פּלוצלונג, אָהן אַ שום צוזאַמענהאַנג מיט דעם פריהערדיגען שמועס, האָט זיך פעליקס אָנגערופען:

— עס געהען אייגענטליך אַרום אויף דר'ערד נאָר צום טויט פערורטיילטע.

מאַריאַ האָט אויפגעהויבען די אויגען פון איהר אַרבייט.

— נו יאָ, — האָט ער ווייטער גערעדט — שטעל דיר, צום ביישפּיעל, פאָר, אַז אימיצער זאָגט דיר: האָכגעשעצטעס פרוילין, איהר וועט שטאַרבען דעם ערשטען מאַי אין יאָהר 1970. דו וועסט דאַמאָלס דיין גאַנצען קומענדיגען לעבען פערברענגען אין איין אַנגסט פאַר דעם ערשטען מאַי פון יאָהר 1970, האָטש איצט קען דיר גאָרנישט איינפאַלען צו גלויבען, אַז דו וועסט לעבען הונדערט יאָהר.

זי האָט גאָרנישט געענטפערט.

ער האָט ווייטער גערעדט, קוקענדיג אויפ'ן טייך, אויף וועלכען עס האָבען זיך אָנגעהויבען אָבשלאָגען די דורכברעכענדע זונענ-שטראַהלען.

— אַנדערע ווידער געהען היינט אַרום שטאָלץ און געזונד, און וועלכער ס'איז נאַרעשער צופאַל קען זיי אין עטליכע וואָכען אַוועקפיהרען ווער-ווייס וואוהין. זיי קלערען גאָרנישט וועגען שטאַר-בען, ניין?

— זעה, — האָט מאַריע געזאָגט — וואַרף שוין אַוועק די דאָזיגע נאַרעשע געדאַנקען. דו דאַרפסט דאָך שוין איצט אַליין אויך זיכער זיין אין דעם, אַז דו וועסט צוריק געזונד.

ער האָט געשמייכעלט.

— נו יאָ, גראַדע דו געהערסט צו יענע, וועלכע ווערען געזונד.

ער האָט זיך סונאַנדערגעלאַכט אויפ'ן קול.

— גוטעס קינד, דו מיינסט אין דער אמת'ן, אַז איך וועל בייקומען דעם שיקזאַל? דו מיינסט, אַז מיך פערבלענדעט אין דער אמת'ן אָט די כלומר'שטע פערבעסערונג, מיט וועלכער די נאַטור בעגליקט מיך איצט? נאָר צופעליג האָב איך זיך דערוואוסט, וואו עס האַלט מיט מיר, און דער געדאַנק וועגען דעם נאָהנטען טוידט מאַכט מיך, ווי אַנדערע גרויסע מענשען, פאַר אַ פילאָזאָף.

— אָבער הער שוין אויף אַמאָל!

— אָ-אָ-ה, מיין פרויליין, איך זאָל שטאַרבען און איהר זאָלט אפילו איין מאָל נישט איבערטראָגען די קליינע אונאַנגענעהמליכקייט פון הערען מיך רעדען וועגען דעם?

זי האָט אַוועקגעוואָרפען איהר אַרבייט און איז צוגעגאַנגען צו איהם.

— איך פיהל, — האָט זי געזאָגט מיט אַ טאָן פון עהרליכער איבערצייגונג — אַז דו וועסט בלייבען מיינער. דו קאָנסט דאָך אַליין גאָרנישט וויסען, אויף ווי ווייט דו האָסט דיך ערהאָלט. דו דאַרפסט נאָר זעהן איצט נישט טראַכטען וועגען קיין זאַך, און דאַן איז יעדער ביזער שאָטען פערשוואונדען פון אונזער לעבען.

ער האָט זי לאַנג אָנגעקוקט.

— דו ביזט, ווי ס'ווייזט אויס, אַבסאָלוט נישט פעהיג דאָס צו פערשטעהן. מ'מוז עס דיר דייטליך ערקלערען. קוק נאָר אַהער. — ער האָט גענומען אין האַנד אַ צייטונג — וואָס שטעהט דאָ?

— דעם צוועלפטען יוני 1890.

— יאָ, פון 1890-טען יאָהר. און איצט שטעל דיר פאָר, אַז דאָ שטעהט אַ איינס אָנשטאָט דעם נול. דאַן איז שוין אַלץ פערביי. איצט פערשטעהסטו עס שוין?

זי האָט איהם אַרויסגענומען די צייטונג פון האַנד און מיט פערדרוס אַ וואָרף געטהון זי אָן ד'ערד.

— די צייטונג איז דאָ גאָרנישט שולדיג, — האָט ער רוהיג געזאָגט.

און פלוצלונג אויפהויבענדיג זיך האַסטיג פון אָרט און אַזוי ווי וועלענדיג די דאָזיגע אַלע געדאַנקען מיט אַ שנעלען ענטשלוס אַוועקטרייבען פון זיך, האָט ער אויסגערופען:

— זעה נאָר, ווי שען! ווי די זון ליגט איבער'ן וואַסער...

און דאָרט... — ער האָט זיך איבערגעבויגען איבער דער זייטענ־וואַנט פון טעראַסע און געקוקט אין דער געגענאיבערדיגער זייט, וואו ס'איז געלעגען דאָס פלאַכע לאַנד — זעה, ווי די פעלדער בעוועגען זיך; מיר וואָלט זיך וועלען אַביסעל דורכגעהן דאָרטען.

— וועט עס נישט זיין צו פייכט?

— קום, איך מוז אַרויסגעהן אויפ'ן פרייען פעלד.

זי האָט נישט געוואַגט זיך איהם ענטקעגענצושטעלען.

ביידע האָבען גענומען זייערע היט, אַרויפגעוואָרפען די מאַנטלען אויף זיך און זיך געלאָזען געהן אין יענעם וועג, וועלכער פיהרט צו די וועלדער. דער הימעל האָט זיך כמעט אינגאַנצען אויסגעלייטערט. איבער דער ווייטער בערגער־קייט איז געוועזען פערצויגען אַ פערשיעדענאַרביגער, ווייסער נעבעל. דאָס גרינס פון די לאַנקעס האָט זיך אַזוי ווי פערלאָרען אין דער גאָלדענער ווייסקייט, וועלכע האָט פערגאָסען דעם גאַנצען רוים.

זיי זענען באַלד אַרויפגעקומען אויף דעם שמאָלען וועגעל, אינמיטען, און זיי האָבען געמוזט געהן איינער הינטער'ן אַנדער'ן; וועהרענד די זאַנגען האָבען זיך געשאָקעלט אונטער דעם זוים פון זייערע מאַנטלען. אין אַ ווייַלע אַרום האָבען זיי זיך אָבגעקעהרט אָן אַ זייט, אין אַ נישט צוגעדיכטען וואַלד, אין וועלכען די וועגען זענען געוועזען ריין אָבגעראַמט און נישט ווייט איינע פון דער אַנדערער. זענען געשטאַנען בענק. דאָ זענען זיי געגאַנגען געאַרעמט.

— איז דען נישט וואונדערבאַר־שען דאָ?— האָט פעליקס אויסגעשריען. — און וואָס'רע שמעקעדיגע לופט!

— איך גלויב אָבער, אַז באַלד נאָכ'ן רעגען — האָט מאַריא אָנגעהויבען, נישט ענדיגענדיג די פראַזע.

ער האָט געמאַכט אַ אומגעדולדיגע בעוועגונג מיט'ן קאָפּ.

— לאָז שוין אָב, זעה. צו וואָס דאַרף מען עס? ס'איז נישט אַנגענעהם שטענדיג צו הערען די זעלביגע וואָרנונגען.

זיי זענען ווייטער געגאַנגען, און אין וואַלד איז געוואָרען אַלץ ליכטיגער און ליכטיגער. דורך די בלעטער פון די בוימער האָט זיך דורכגעלויכטען דער טייך, ביז וועלכען ס'איז שוין נישט געבליבען צוצוגעהן מעהר, ווי הונדערט טריט. אין וואַסער איז געזעהן אַריינגעשניטען אַ שמאָלער פאַס לאַנד, אויף וועלכען דער וואַלד האָט זיך געענדיגט מיט עטליכע שיטערע בוימלעך. דאָרט זענען געע־

שטאַנען עטליכע הילצערנע בענק מיט טישלעך, און האַרט בײַם ברעג האָט זיך געצויגען אַ הילצערנער צוים. ס׳האָט זיך אויפגעהויבען אַ לײַכטער אָבענד־ווינד און געטריבען די וועללען צו׳ם ברעג; און אָט האָט דער ווינד אַ גלעט געטהון אויך די שיטערע בוימלעך, אַזוי אַז פון די פײַכטע בלעטער האָט ווידער אָנגעהויבען צו קאַפּען. איבער׳ן וואַסער איז געווען אויסגעגאָסען דער מאַטער שײַן פון׳ם פערגעהענדען טאָג.

— איך האָב גאָר קיין אַהנונג נישט געהאַט דערפון, ווי שען דאָס אַלץ איז, — האָט פעליקס געזאָגט.

— יאָ, ס׳איז רייצענד־שען.

— דו פיהלסט עס נישט, — האָט פעליקס אויסגערופען — דו קאָנסט עס נישט פיהלען: דו דאַרפסט זיך דערמיט נישט געזעגנען.

ער איז פאַמעליך אָבגעגאַנגען עטליכע טריט פאָראויס און האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן דעם שלאַנקען צוים, די שמאָלע שטענגלעך פון וועלכען עס זענען געווען אַרײַנגעזעצט אין וואַסער. ער האָט לאַנג געקוקט אויף דער שימערירענדער אויבערפלעכע פון וואַסער. דערנאָך האָט ער זיך אומגעווענדעט. מאַריע איז געשטאַנען הינטער איהם; איהר בליק איז געווען טרויעריג און זי האָט קוים אײַנגעהאַלטען די טרערען.

— דו זעהסט, — האָט פעליקס געזאָגט מיט אַ לאַכענדיגען טאָן, — דאָס אַלץ לאָז איך דיר איבער. יאָ, יאָ, וואָרום עס געהערט איצט מיר. דאָס איז דער גרויסער סוד פונ׳ם לעבענס־געפיהל, וועלכען איך בין ערשט דערגאַנגען; דאָס געוואַלטיגע געפיהל פון אונענדליכער עשירות. איך וואָלט געקאָנט טאָן אָט מיט די אַלע זאַכען, וואָס איך וויל. דעם גאַלען פעלז דאָ אויבען, וואָלט איך געקאָנט מיט בלומען בעפלאַנצען און די ווײַסע וואָלקען האָלט איך געקאָנט פון הימעל פערטרײַבען. איך טהו עס נישט דערפאַר, וואָס דאָס אַלץ איז שען גראַדע אַזוי ווי עס איז. דו ווערסט מיך, ליעב קינד מײַנס, פערשטעהן ערשט דאַן, ווען דו וועסט בלײַבען אַליין. יאָ, דו וועסט גאַנץ בעשטימט זיך פיהלען אַזוי, ווי ווען דאָס אַלץ וואָלט איבערגעגאַנגען צו דיר אין די הענד.

ער האָט זי אָנגענומען פאַר׳ן האַנד און צוגעצויגען צו זיך. דערנאָך האָט ער אויסגעשטרעקט זײַן אַנדערען אָרעם, ווי וועלענדיג איהר ווײַזען די דאָזיגע אַלע שענקײַטען.

— אָט דאָס אַליץ, דאָס אַליץ — האָט ער געפּליסטערט.

זי אָבער האָט געשוויגען און האָט נאָך־אַליץ געקוקט אויף איהם מיט אָפענע, טרוקענע אויגען; דאַן האָט ער פלוצלונג געביטען דעם טאָן און געזאָגט:

— נו, איצט — אַהיים!

די זון האָט שוין געהאַלטען בּיי׳ם אונטערגעהן, און זיי זענען געגאַנגען מיט׳ן בּרעג, אום וואָס גיכער אַהיים צו קומען.

— דאָס איז געווען אַ שענער שפּאַציר, — האָט פעליקס בּעמערקט.

זי האָט שטום געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— מיר וועלען שוין איצט אַלע מאָל מאַכען אַזאַ שפּאַציר.

— יאָ, — האָט זי געזאָגט.

— און — ער האָט דאָס צוגעגעבען מיט אַ טאָן פון פעראַכ־טענדער מיטלייד — קוועלען וועל איך דיך שוין אויך נישט מעהר.

---

אין איינעם פון די נעהנסטע נאָכמיטאָגען האָט ער בּע־שלאָסען, זיך ווידער צו נעהמען פאַר זיין אַרבּייט. פּראָבּירענדיג דאָס ערשטע מאָל נאָך אַזאַ לאַנגער צייט פיהרען דעם בּליישטיפט איבּער׳ן פּאַפּיער, האָט ער מיט אַ געוויסער גאַליגער נייגעריגקייט געקוקט אויף מאַריען און געוואַרט, זי זאָל איהם נעהמען אָבּהאַלטען. זי האָט אָבער גאָרנישט גערעדט. ער האָט בּאַלד אַוועקגעוואָרפען דעם בּליישטיפט מיט׳ן פּאַפּיער אָן אַ זייט און גענומען עפּעס אַ בּיכעל אין האַנד צו׳ם לעזען. דאָס וועט גיכער צושטרייען זיינע געדאַנקען; צו׳ם אַרבּייטען איז ער נאָך נישט פעהיג. ער מוז פריהער איינגאַנצען דורכגעדרונגען ווערען מיט אַ פאָלשטענדיגער פעראַכטונג צו׳ם לעבּען, אום דערנאָך, רוהיג בּעטראַכטענדיג דער שטומער אייביגקייט, גלייך מיט אַלע הכמים אויפצייכנען זיין לעצטען ווילען. דאָס האָט ער געוואָלט. און זיין לעצטער ווילען זאָל זיין נישט אַזוי ווי דער פון געוועהנליכע מענשען, אין וועלכען ס׳פיהלט זיך שטענדיג די גע־היימע אַנגסט פאַר׳ן טוידט. ניין, אין זיין צוואה דאַרף זיך נישט רעדען וועגען אַזעלכע זאַכען, וועלכע מ׳קאָן אָנטאַפּען מיט׳ן האַנד און זעהן מיט די אויגען און וועלכע וועלען דאָך סוף כל סוף מוזען אַמאָל צו גרונד געהן: זיין לעצטער ווילען מוז אַ פּאָעמע זיין, אַ שטילער, שמייכלענדער אָבּשייד פון דער וועלט, וועלכער

ער האָט בּעזיעגט. מיט מאַריע'ן האָט ער וועגען דעם געדאַנק נישט גערעדט. זי וואָלט איהם נישט פערשטאַנען. ער איז בּיי זיך אין די אויגען געוועזען אַ סך העכער פון איהר. מיט אַ געוויסען שטאָלץ איז ער געזעסען איהר געגענאיבּער אין די לאַנגע נאָכמיטאָגען, ווען זי איז, ווי ס'פלעגט אָפט פאָרקומען, איינגעשלאָפען איבּער איהר בּוך און די צופאַלענע לאָקען האָבּען זיך איהר געקייקעלט איבּער'ן שטערן. זיין זעלבּסט־געפיהל איז געוואַקסען אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל ער האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז עס זענען פערהאַן אַ סך זאַכען, וועגען וועלכע ער דאַרף שווייגען און גאָרנישט רעדען מיט איהר. אַזוי איינזאַם איז ער דאָ געוואָרען און אַזוי גרויס. —

איינמאָל, אין אַ נאָכמיטאָג, ווען זי איז ווידער אַנדרעמעלט געוואָרען, האָט ער זיך שטילינקערהייד אַרויסגעגנב'ט פון שטוּבּ און איז אַוועק שפּאַצירען אין וואַלד. אַרום איהם איבּעראַל האָט געהערשט די שטילקייט פון דעם הייסען זומער־נאָכמיטאָג. און איצט איז עס איהם קלאָר געוואָרען, אַז היינט קאָן עס געשעהען. ער האָט טיעף אָבּגעאָטעמט, און איהם איז געוואָרען אַזוי לייכט, אַזוי פריי. ער האָט זיך פערקליבּען טיעפער אונטער דעם געדיכטען שאָטען פון די בּוימער. די פערשטיקטע ליכטיגקייט פון טאָג האָט איהם אויפגעמונטערט. ער האָט אַליץ עמפפונדען ווי אַ גליק, אי דעם שאָטען, אי די רוהיגקייט, אי די ווייכע לופט. און פון דעם אַלעמען האָט ער גענאָסען. ס'איז קיין שום שמערץ נישט געלעגען אין דעם בּעוואוסטזיין דערפון, אַז ער וועט אָט די אַלע צערטליכקייטען פון לעבּען מוזען פערליערען.

פערליערען, פערליערען, — האָט ער האַלבּ אויפ'ן קול איבּערגע'חזר'ט. ער האָט טיעף אָבּגעצויגען דעם אָטעם, און פיהלענדיג, אַז אַ ווייכע לופט האָט זיך אַריינגעריסען אין זיין בּרוסט מיט אַ מילדער לייכטקייט, האָט ער גאָרנישט געקאָנט גלייך בּעגרייפען, ווי אַזוי דאָס קאָן געבּען, אַז ער זאָל איבּערהויפט קראַנק זיין. ער איז אָבּער דאָך קראַנק געוועזען, ער איז דאָך פערלוירען געוועזען. און פלוצלונג איז איהם עפּעס ליכטיג געוואָרען אויף דער נשמה. ער האָט אויפגעהערט גלויבּען אין דעם. דאָס איז עס געוועזען, און דעריבּער האָט ער זיך געפיהלט אַזוי פריי און גוט, און דעריבּער האָט זיך איהם עס געדאַכט, אַז היינט איז די רעכטע שעה געקומען. נישט די פרייד פון לעבּען האָט ער בּעזיעגט, נאָר די אַנגסט פאַר'ן

טוידט איז פון איהם אוועק, ווייל ער האט אויפגעהערט גלויבען אין טוידט. ער האט געוואוסט, אז ער ־ןהערט צו יענע, וועלכע ווערען ווידער געזונד, ער האט זיך געפיהלט ריכטיג, ווי ווען עס וואלט ערגעץ אין א פערבארגענעם ווינקעל ביי איהם אין דער נשמה צוריק ערוואכט עטוואס אזוינס, וואס איז א לאנגע צייט געלעגען איינגעשלאפען. ער האט געפיהלט דאס בעדערפעניש, ברייטער די אויגען צו עפנען, צו געהן פארווערטס מיט גרעסערע טריט, טיעפער צו אטעמען. דער טאג איז געווארען העלער און דאס לעבען לעבעדיגער. דאס אלוא איז עס געווען, דאס איז עס געווען!? און פארוואס? פארוואס האט ער עס געמוזט מיט אמאל אזוי פערשכור׳ט ווערען פון האפנונג? אח, האפנונג!... ס׳איז געווען מעהר ווי דאס. דאס איז געווען זיכערקייט, געוויסהייט. און היינט אין דער פריה נאך האט עס איהם געקוועלט, האט עס איהם דעם האלז צוזאמענגעצויגען און רעדען נישט געלאזען, און איצט, איצט איז ער געזונד געווען, ער איז געווען געזונד. ער האט עס אויפ׳ן קול אויסגעשריען:

— געזונד!

ער איז געשטאנען איצט ביי׳ם ארויסגאנג פון וואלד. פאר איהם איז געלעגען דער טייך אין דונקעל־בלויער גלאטקייט. ער האט זיך אראבגעלאזען אויף א באנק, און דא איז ער זיך געזעסען זעהר בעקוועם, דעם בליק אויפ׳ן וואסער געריכטעט. ער האט געטראכט וועגען דעם, ווי מארנע דאס איז פארגעקומען: דאס אנגענעהמע געפיהל פון א שטאלצען אבשיעד איז ביי איהם פערוואנדעלט געווארען אינ׳ם געפיהל פון א פרייידיגער גענעזונג.

ש־ש־ש, א לייכטער גערויש הינטער איהם, ער האט קוים בעוויזען זיך אומצוקעהרען. מאריע איז עס געווען. איהרע אויגען האבען געבלישצעט, איהר געזיכט איז געווען לייכט פערראויטיגט.

— וואס איז מיט דיר?

— צו וואס ביזטו אוועקגעגאנגען? פאר וואס האסטו מיך געלאזען אליין? איך האב מיך שרעקליך דערשראקען.

— ס׳איז גארנישט, — האט ער געזאגט און צוגעצויגען איהר צו זיך. ער האט געשמייכעלט און זי געקושט. זי האט געהאט אזעלכע ווארמע, פולע ליפען.

— קום אהער, — האט ער דאן געזאגט פאמעליך און ארויפ־

גענומען זי בײַ זיך אויפ'ן שויס. זי האָט זיך פעסט צוגעטוליעט צו איהם און אײַנגעשלאָסען זײַן האַלז אין איהרע אָרעמס. און זי איז שטען געוועזען! פון איהרע בלאָנדע האָר האָט זיך געטראָגען אַ וואַרעמער אַראָמאַט און אין זײַן ברוסט האָט זיך דערוועקט אַ אומענדליכע צערטליכקײַט צו דעם בײַזאַמען, שמעקענדיגען וועזען. די אויגען זענען איהם פול געוואָרען מיט טרערען און ער האָט אָנגעהאַפּט איהרע הענד, אום זיי צו קושען. אָ, האָט ער זי ליעב געהאַט!

פון טײַך האָט זיך געהערט אַ שוואַכעס, נישט דײַטליכעס גערויש. זיי האָבען זיך בײדע אומגעקוקט, אויפגעהויבען און געגאַנגען אָרעם אין אָרעם נעהנטער צו'ם ברעג. פון דער ווײַטען האָט זיך געוויזען אַ דאַמפף־שיף. ווען דאָס שיף איז שוין געוועזען אַזוי נאָהנט, אַז זיי האָבען געקאָנט אונטערשיידען די מענשליכע פיגורען אויפ'ן פּאָדערדעק, האָבען זיי זיך אומגעקעהרט צוריק און זיך געלאָזען געהן דורכ'ן וואַלד אַהײם. אָרעם אין אָרעם זענען זיי געגאַנגען, פּאַמעליך, צושמײכלענדיג אײנער דעם אַנדערן. ס'האָבען זיך בײַ זיי צוריק אַלטע ווערטער אָבגעפונען, ווערטער פון די ערשטע ליעבעס־טעג. זיי האָבען זיך איבערגעוואָרפען מיט די זיסע פראַגען פון צווײפלענדער צערטליכקײַט און מיט די אינערליכע ווערטער פון שמײכלענדער בערוהיגונג. און זיי זענען געוועזען פרעהליך און ווידער זענען זיי קינדער געוועזען, און דאָס גליק איז דאָ געוועזען.

---

ס'איז אָנגעקומען אַ שווערער, גליהענדער זומער מיט היצע, ברענענדע טעג און וואַרעמע, לײַדענשאַפטליכע נעכט. יעדער טאָג האָט געבראַכט מיט זיך צוריק דעם נעכטיגען, יעדע נאַכט — די נעכטיגע; די צײַט איז געשטאַנען אַזוי ווי פערגליווערט. זיי זענען געוועזען פאָלשטענדיג אײנזאַם, און האָבען זיך אינטערעסירט נאָר אײנער מיט'ן אַנדערן; דער וואַלד, דער טײַך, דאָס קלײנע שטיבעל — דאָס איז געוועזען זייער וועלט. אַ מילדע היץ האָט זיי אײַנגעהילט, — אַ היץ, אין וועלכער זיי האָבען פערגעסען אָן אַלע זייערע טרויעריגע געדאַנקען. זאָרגלאָזע, לאַכענדע נעכט און מידע, צערטליכע טעג זענען איבער זיי פערבײַגעפלויגען.

איז אײנער פון יענע נעכט איז עס געווען. די ליכט האָט שפּעט געברענט, און מאַריאַ, וועלכע איז געלעגען מיט אָפענע

אויגען, האָט זיך אויפגעהויבען אויפ'ן בעט און אַוועקגעזעצט. זי האָט בעטראַכט דעם געזיכט פון איהר געליעבטען, איבער וועלכען ס'איז געלעגען אויסגעגאָסען די רוהיגקייט פון אַ טיעפען שלאָף, און האָט זיך איינגעהערט, ווי ער אָטעמט. יאָ, איצט איז שוין קיין צווייפעל נישטאָ אין דעם: ער ווערט מיט יעדער שעה געזינדער. איהר האָט אַרומגענומען אַ אונאויסדריקבאַרע צערטליכקייט, און זי האָט זיך אַראָבגעבויגען נעהנטער צו איהם, אום צו פיהלען אויף איהרע באַקען דעם הויך פון זיין אָטעם. אָ, ווי שען דאָס לעבען איז! און איהר גאַנצעס לעבען איז געווען ער, נאָר ער. אַה, איצט האָט זי איהם ווידער, זי האָט איהם ווידער, און אויף איביג וועט זי איהם שוין האָבען!

איין אָטעמצוג פון שלאָפענדען, וואָס האָט געקלונגען עטוואָס אַנדערש, ווי די ביזהעריגע, האָט איהר בעאונרוהיגט. דאָס איז געוועזען אַ לייכטער געפרעסטער קרעכץ. אַרום זיינע ליפען, וועלכע האָבען זיך עטוואָס געעפענט, האָט זיך בעוויזען אַ שאָטען פון ליידען, און מיט שרעק האָט זי בעמערקט טראָפּענס שווייס ביי איהם אויפ'ן שטערן. דעם קאָפּ האָט ער אָבגעבויגען עטוואָס אָן אַ זייט; דערנאָך אָבער האָבען זיך זיינע ליפען ווידער פערמאַכט, דער רוהיגער אויסדריק אויפ'ן געזיכט האָט זיך צוריק בעוויזען, און נאָך אַ פּאָר אונרוהיגע זיפצען איז דער אָטעם אויך ווידער רוהיג געוואָרען, כמעט אָהן אַ שום קלאַנג. מאַריע אָבער איז פּלוצלונג בעהערשט געוואָרען פון אַ פּייניגענדער אונרוהיגקייט. איהר האָט זיך שרעקליך געוואָלט אויפוועקען איהם, זיך צוטוליען צו איהם, שפּירען זיין וואַרעמקייט, זיין לעבען, איהם איינגאַנצען. איהר האָט אַרומגענומען אַ מאָדנע איבערצייגונג פון שולדיגקייט געגען איהם, און דער צופריעדענער גלויבען אין זיין געזונד ווערען האָט זיך איהר פּלוצלונג אויסגעוויזען פאַר אַ פערברעך, פאַר אַ פערשוועכונג. און איצט האָט זי געוואָלט איבערצייגען זיך אַליין, אַז עס איז נאָך גאָר ביי איהר קיין פעסטער גלויבען נישט געווען, ניין, נאָר אַ שוואַכע דאַנקבאַרע האָפנונג, פאַר וועלכער זי דאַרף נישט אַזוי ביטער געשטראָפט ווערען. טיעף אין האַרצען האָט זי איצט זיך פערשוואוירען, שוין קיינמאָל נישט מעהר אַזוי לייכטזיניג גליקליך צו זיין. די גאַנצע צייט פון דער פרעהליכער פערשכורונג איז פאַר איהר איצט פּלוצלונג געוואָרען אַ צייט פון לייכטזיניגער זינד, פאַר

וועלכער זי מוז אָבקומען. געוויס! איז דאָס אָבער אין דער אמת'ן געווען אַזינד? אפשר איז עס גאָר אַנאַנדער זאַך געווען? אפשר גאָר די ליעבע, וואָס בעשאַפט וואונדער? און אפשר האָבען איהם גאָר גראַדע יענע לעצטע זיסע נעכט געזונד געמאַכט?

אַ שרעקליכער קרעכץ האָט זיך אַרויסגעריסען פון פעליקס'ס מויל. האַלבשלאָפענדיג האָט ער זיך אויפגעהויבען אין בעט און מיט ווייט פונאַנדערגעעפענטע אויגען שטאַר געקוקט אין'ם לעדיגען רוים אַזוי אַנגסטפול, אַז מאַריאַ האָט אַ געשריי געטהון און איהם אינגאַנצען אויפגעוועקט.

— וואָס איז, וואָס איז? — האָט ער געמורמעלט.

מאַריאַ האָט קיין ווערטער נישט געפונען איהם צו ענטפערן.

— דאָס האָסטו געשריען, מאַריאַ? איך האָב געהערט שרייענדיג. ער האָט שנעל געאָטעמט.

— מיך האָט עפּעס אַזוי ווי געשטיקט... איך האָב עפּעס געזעהן אין חלום אויך, נאָר איך געדענק נישט — וואָס.

— איך האָב מיך אַזוי דערשראָקען, — האָט זי געשטאַמעלט.

— דו ווייסט, מאַריע, מיר איז קאַלט.

— נו יאָ, — האָט זי געענטפערט. — פון די בייזע חלומות, וואָס דו האָסט געהאַט.

— אַה, נישט דערפון, — און ער האָט מיט אַ צאָרניגען בליק געקוקט אין דער הויך. — מיך פיעבערט ווידער, דאָס איז עס.

זיינע צייהן האָבען זיך געטרייסעלט; ער האָט זיך איינגעוויקעלט אין דער דעקע.

זי האָט זיך פערצווייפעלט אַרומגעקוקט.

— אפשר ווילסטו, איך זאָל —

— איך וויל גאָרנישט; לעג זיך און שלאָף. איך בין מיעד, איך וועל אויך שלאָפען. דאָס ליכט לאָז ברענען.

ער האָט פערמאַכט די אויגען און זיך איבערגעדעקט מיט דער דעקע איבער'ן מויל. מאַריע האָט נישט געוואַגט מעהר, איהם צו פרעגען. זי האָט געוואוסט, ווי שלעכט עס ווירקט אויף איהם מיטלייד, ווען ער פיהלט זיך נישט גוט. ער איז גלייך איינגעשלאָפען, איהר אָבער האָט שוין קיין שלאָף נישט גענומען. באַלד האָבען זיך אָנגעהויבען אַריינ'גנב'נען אין צימער גרויע דעמערונגס-שטראַהלען. די דאָזיגע ערשטע, בלאַסע אָנזאָגערס פון דעם נאָהענטען פריה-

מאָרגען זענען מאַריאַ'ן זעהר אַנגענעהם געווען. איהר האָט זיך געדאַכט, אַז עס קומט צו איהר עטוואָס פריינדליכעס, לאַכענדעס, און זי האָט געפיהלט אַ מאָדנע בעדערפניש אַרויסצוגעהן עמפּפאַנגען דעם פריהמאָרגען. פּאַמעליך און שטיל איז זי אַראָב פון בעט, האָט גענומען אויף זיך איהר מאָרגענקלייד און האָט זיך אַרויס געגנב'עט אויפ'ן טעראַססע. דער הימעל, דער טייך, די בערג, — אַלץ איז נאָך געווען צוזאַמענגעגאָסען אין איין דונקעלער, אונבעשטימטער גרויקייט. איהר האָט פערשאַפט אַ בעזונדער פערגניגען דער פּראָצעס פון אָנשטרענגען די אויגען, אום דייטליכער צו דערקענען די קאָנטורען פון אַלץ אַרום. זי האָט זיך געזעצט אויפ'ן לעהנ־שטוהל און געלאָזען איהרע בליקען זינקען אין דער גרויער דעמערונג. זי האָט געפיהלט אַנ'אונבעשרייבליכע בעקוועמליכקייט פון דעם הי־אויפהאַפּענדען זומער־פריהמאָרגען. אַרום איהר איז אַלץ געווען אַזוי רוהיג, אַזוי מילד און אַזוי אייביג. ס'איז אַזוי גוט געווען זיך צו פיהלען אַט אַזוי אַליין אין דער גרויסער שטילקייט — אויסער דעם ענגען, הושנעם ציטער. און פּלוצלונג האָט איהר דורכגעשוידערט די איבערצייגונג: זי איז גערן אַוועקגעגאַנגען פון איהם, זי איז גערן דאָ געווען, גערן אַליין!

אין דעם פערלויף פון'ם גאַנצען טאָג האָבען זיך איהר כסדר געפּלאָנטערט אין קאָפּ די געדאַנקען פון דער פערגאַנגענער נאַכט. זיי זענען נישט געווען אַזוי פּייניגענד, אַזוי שרעקליך, ווי אין דער ביינאַכטיגער פינסטערניש, זיי זענען אָבער געווען דייטליכער, בעשטימטער, און האָבען איהר געצוואונגען אָנצונעהמען וועלכען נישט איז בעשלוס. פאַר אַלעמען דאַרף מען זעהן אָבקיהלען אַביסעל די היץ פון זיין ליעבע. זי האָט גאָרנישט פערשטאַנען, ווי אַזוי זי איז די גאַנצע צייט נישט געפאַלען אויף דעם, אַז זי וועט זיין אַזוי מילד, אַזוי קלוג, אַז עס וועט אויסזעהן נישט ווי אַ אָבקיהלונג, נאָר ווי אַ נייע, בעסערע ליעבע.

איהר איז אָבער נישט אויסגעקומען צו זיין נישט בעזונדער קלוג און נישט מילד. נאָך יענער נאַכט זענען אַלע שטורעמס פון ליידענשאַפט אַזוי ווי פערלאָשען געוואָרען אין איהם; ער אַליין האָט זיך בעצויגען צו איהר מיט אַ מידער צערטליכקייט, וועלכע האָט זי אין אָנהויב בערוהיגט און דערנאָך פרעמד געמאַכט. ער האָט אַ סך געלייענט ביי טאָג, אָדער ער האָט זיך געמאַכט לייענענדיג,

וואָרום גאַנץ אָפּט האָט זי בעמערקט, אַז ער זיצט איבער'ן בוך, און קוקט גאָר ערגעץ-וואו ווײַט. זיי האָבען גערעדט וועגען טויזענדע קלייניגקײַטען און נישט וועגען קיין איין וויכטיגע זאַך, דערבײַ אָבער איז מאַריאַן גאָרנישט אײַנגעפאַלען, אַז ער האָט אויפגעהערט איהר צו ענטדעקען דעם סוד פון זײַנע געדאַנקען. אַלץ איז פאָרגעקומען זעלבסטפערשטענדליך, ווי ווען די דאָזיגע אַלע האַלבע ווערטער און די דאָזיגע גלײַכגילטיגקײַט, וואָס האָט זיך געשפירט אין זײַן גאַנצען וועזען, וואָלטען זײַן נאָר די מונטערע מידקײַט פון אַ מענשען, וואָס האַלט אין געזונד ווערען.

אין די פריה-מאָרגענס פלעגט ער לאַנג בלײַבען ליגען, און זי האָט זיך ביסלעכווײַז צוגעוועהנט, אַרויסצוגעהן פאַר-טאָג אַליין אויפ'ן פרײַען פעלד. דאַן איז זי אָדער געבליבען זיצען אויפ'ן טעראַסע, אָדער זי איז אַוועק צו'ם טײַך און זיצענדיג אין אַ שיפעל נישט ווײַט פון ברעג, האָט זי זיך געלאָזען וויגען פון די לײַכטע וועללען. אָפט איז זי אַוועק אין וואַלד שפּאַצירען, און האָט זיך אומגעקעהרט אַהיים געוועהנליך נאָך אַ קליינעם מאָרגענשפּאַציר, ווען זי איז אַרײַנגעגאַנגען אין צימער, אום איהם אויפצוּוועקען. זי האָט זיך געפרעהט מיט זײַן געזונדטען שלאָף, וועלכען זי האָט בעטראַכט פאַר אַ גוטען סימפּטאָם. זי האָט נישט געוואוסט, וויפיעל מאָל ער האָט זיך אויפגעהאַפּט בײַנאַכט, און האָט נישט געזעהן דעם בליק פול מיט אונענדליכען טרויער, וועלכען ער האָט פון איהר נישט אַראָבגענומען, אין דער צײַט ווען זי איז פערזונקען געוועזען אין'ם טיפען שלאָף פון געזונדטער יוגענד.

איינמאָל אין דער פריה האָט זי זיך ווידער אַרײַנגעזעצט אין שיפעל, און דער מאָרגענשטערן האָט צושאָטען איבער'ן טײַך זײַנע ערשטע גאָלדענע פונקען. דאַן האָט איהר אַרומגענומען אַ אַ שטאַרקע לוסט, זיך אַוועקצולאָזען ווײַט, ווײַט אין דאָס בליצענדע, העלע וואַסער. זי איז אָבגעפאָהרען ווײַט פון ברעג, און אַזוי ווי זי איז געוועזען נישט געאיבט אין'ם רודערען, האָט זי זיך אָנגעשטרענגט איבער די כּחות, וואָס עס האָט די רײַזע נאָך מעהר אַנגענעהם געמאַכט. נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס עס איז נאָך אַזוי פריה געוועזען, האָט מען שוין נישט געקאָנט זײַן אויפ'ן וואַסער אײַנגאַנצען איינזאַם. מאַריע האָט בעגעגענט עטליכע שיפלעך, און געגלויבט צו בעמערקען, אַז עטליכע פון זיי זענען מיט אַ כיון

נעהנטער געפּאָהרען פערביי איהר. איין קליינע, עלעגאַנטע לאָדקע, אין װעלכער עס זענען געזעסען צװיי יונגע הערען, איז זעהר שנעל פערבייגעפּאָהרען האַרט נעבען איהר שיפעל. די הערען האָבען אויפגעהויבען די הוטען, געצויגען די הוט און מיט אַ שמייכעל העפליך געגריסט.

מאַריע האָט די ביידע אָנגעקוקט מיט אָפענע אויגען און, גאָרנישט בעדענקענדיג זיך, געענטפערט: „גוט מאָרגען" דערנאָך האָט זי, איינגאַנצען אונבעוואוסטזיניג, זיך אומגעקוקט צו די ביידע יונגע לייט; די װיעדער האָבען זיך אויך אומגעקוקט און נאָכאַמאָל געגריסט. דאַן האָט זי זיך פּלוצלונג געהאַפּט, אַז זי האָט געהאַנדעלט נישט װי עס דאַרף צו זיין, און אַזוי שנעל, װי זי איז נאָר אימשטאַנד געװעזען, האָט זי גערודערט צוריק, צום שטוב. איהר רייזע צוריק האָט געדויערט אַ האַלבע שעה, און זי איז געקומען אַ פערשוויצטע מיט פונאַנדערגעלאָזענע האָר. גלייך פון װאַסער אַרויס־געהענדיג האָט זי פעליקס'ן געזעהן זיצענדיג אויפ'ן באַלקאָן, און זי איז האַסטיג צוגעלאָפען צום שטוב. עטוואָס צוטומעלט, װי פיהלענדיג זיך שולדיג אין עפּעס, איז זי אַרויפגעלאָפען אויפ'ן באַלקאָן, האָט אַרומגענומען פעליקס'ן פון הינטען און איבערלוסטיג געפרעגט אין געלעכטער: װער איז עס?

ער האָט זיך פאַמעליך בעפרייט פון איהר אומאַרמונג און זי רוהיג אָנגעקוקט פון דער זייט.

— װאָס איז מיט דיר? פאַרוואָס ביזטו עפּעס אַזוי לוסטיג?

— װייל איך האָב דיך װיעדער.

— װאָס ביזטו אַזוי פערשוויצט? דו גליהסט דאָך!

— אָ, גאָט מיינער! איך בין אַזוי פרעהליך! אַזוי פרעהליך! אַזוי פרעהליך!

זי האָט שפּיעלענדיג אַראָבגענומען דעם פלעד פון זיינע קניע און זיך אַװעקגעזעצט איהם אויפ'ן שויס. איהר האָט געערגערט די איינגענע פערלעגענהייט און זיין פערדראָסיגער פּנים און זי האָט איהם געקושט אין די ליפּען.

— פאַרוואָס ביזטו עפּעס אַזוי פרעהליך?

— האָב איך דען נישט קיין גרונד פרעהליך צו זיין? איך בין אַזוי גליקליך, װאָס — זי האָט זיך פערהיקעט און דערנאָך װייטער געערעדט — װאָס דאָס אַלץ איז פון דיר צוגענומען געװאָרען.

— וואָס?

אין זײַן פראַגע האָט זיך געהערט אַ פערבאָרגענער פערדאַכט.

זי האָט געמוזט איצט ווײַטער רעדען. עס האָט קיין זאַך ניט געהאָלפען.

— נו, די שרעק.

— די שרעק פאַר'ן טוידט, מיינסטו?

— רעד עס נישט אַרויס!

— פאַרוואָס זאָגסטו עפּעס, פון מיר צוגענומען? ס'איז דאָך פון דיר אויך, ניין?

און זײַן בליק האָט אָנגענומען דערבײַ אַ פאָרשענדען, כמעט בייזען אויסדריק. און ווען זי האָט, אָנשטאָט איהם צו ענטפערען, אַרומגעפיהרט איהרע הענד איבער זײַנע האָר און צוגערוקט איהר מויל צו זײַן שטערן, האָט ער אָבגעבויגען דעם קאָפּ עטוואָס אָן אַ זײַט און ווײַטער גערעדט, אונבאַרמהערציג, קאַלט:

— יעדענפאַלס, האָסטו דאָך עס געוואָלט אַמאָל, אַז מײַן שיקזאַל זאָל אויך דײַנעם זײַן?

— עס וועט אַזוי זײַן, — איז זי איהם לעבעדיג אַרײַנגעפאַלען אין די רעד.

— ניין, עס וועט נישט זײַן, — האָט ער איהר ערנסט גע־ענטפערט. — צו וואָס זאָלען מיר זיך נאַרען? „דאָס אַלץ" איז פון מיר נישט צוגענומען געוואָרען. „דאָס" קומט אַלץ נעהנטער, איך שפיר עס.

— אָבער — זי איז נישט בעמערקטערהייד אָבגעגאַנגען פון איהם און האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן לעהן פון טעראַסע.

ער איז אויך אויפגעשטאַנען און האָט אָנגעהויבען אַרומ־שפּאַציערען אַהין און צוריק.

— יאָ, איך שפיר עס. מײַן פליכט איז, דיר דאָס מיטצו־טיילען. ווען דאָס וואָלט פאַרקומען פּלוצלונג, אונערוואַרטעט פאַר דיך, וואָלט עס דיך, ווי ס'שײַנט, צו שטאַרק איבערגעשראָקען. דעריבער דערמאָהן איך דיר, אַז אַ פיערטעל פון מײַן טערמין איז שוין באַלד אַריבער. אפשר רעד איך עס מיר נאָר אײַן, אַז איך מוז ס'דיר זאָגען, — און נאָר מײַן שוואַכמוטיגקייט ברענגט מיך דערצו.

— דו ביזט בייז, האָט זי מיט אַנגסט געזאָגט, — וואָס איך האָב דיך געלאָזען אַליין?

— נאַרעשקייט! — האָט ער שנעל געענטפערט, — מונטער קאָן איך דיך זעהן; איך אַליין װעל, אויף װיפיעל איך קאָן מיך איצט, דעם געװיסען טאָג מונטערע ערװאַרטען. דיין לוסטיגקייט אָבער קאָן איך, דעם אמת זאָגענדיג, נישט לייכט פערטראָגען. איך גיעב דיר, איבריגענס, די פרייהייט אָבצוטיילען דיין שיקזאַל פון מיינעם, אָט האָטש פון דעם מאָרגענדיגען טאָג אָן.

— פעליקס! — זי האָט פּראָבירט מיט ביידע הענד אָבשטעלען דעם אַהין-און אַהער-שפּאַצירענדען; ער האָט זיך אָבער װידער פריי געמאַכט.

— ס׳קומט אָן די שרעקליכסטע צייט. ביז איצט בין איך געװען אַן׳אינטערעסאַנטער קראַנקער: אַביסעל בלאַס, אַביסעל צו-הוסטענדיג, אַביסעל מעלאַנכאָליש. דאָס קאָן נאָך אַ פרוי געפעלען; דאָס אָבער, מיין קינד, װאָס דאַרף איצט קומען — פערשפּאָר דיר בעסער! דאָס קאָן נאָך פערגיפטען דיינע ערינערונגען װעגען מיך.

זי האָט אומזיסט געזוכט װערטער, איהם צו ענטפערן, און האָט נישט אַראָבגענומען פון איהם איהר הילפלאָזען בליק.

— עס איז שװער, זיך אויף דעם צו בעשליסען, מיינסטענס; דאָס װאָלט זיין דערװידער די ליעבע, דאָס װאָלט אויסזעהן אָגאַר געמיין, ניעדריג. איך פערזיכער דיר אָבער, אַז װעגען דעם קאָן גאָר קיין רעד נישט זיין, אַז דו װעסט אַ סך מעהר בעפריעדיגען מיר און מיין איינענליעבע, װען דו װעסט מיין פאָרשלאַג יאָ אָננעהמען. װאָרום דאָס װעניגסטענס װיל איך, אַז דו זאָלסט מיט טרויער זיך דערמאָהנען אָן מיך, אַז דו זאָלסט מיך מיט אמתע טרערען בעװיינען. װאָס אָבער איך קאָן אין קיין פאַל נישט פער-טראָגען, איז דאָס, אַז דו זאָלסט אָבזיצען טעג מיט נעכט איינגע-בויגען איבער מיין בעט און טראַכטען: װאָלט שוין געקומען אַמאָל דאָס, װאָס עס מוז קומען, — און אַז דו זאָלסט דיך פיהלען, װי אַ אויסגעלייזטע, װען איך װעל זיך שיידען פון דיר.

זי האָט זיך נאָך אַליין געמאַטערט צו געפינען אַ װאָרט. ענדליך האָט זי אַרויסגעשריען:

— איך בלייב ביי דיר, אייביג!

ער האָט זיך אויף דעם גאָרנישט אומגעקוקט.

— מיר װעלען מעהר נישט רעדען װעגען דעם. אין אַ װאָך

אַרום... קלעֶר איך... פאָהרעֶן קײַן װיען. איך מוז דאָך װאָס ס'איז אין אָרדנונג ברענגעֶן. אײדער מיר װעלעֶן פעֶרלאָזעֶן דאָס הויז, װעל איך דיר נאָכאַמאָל שטעלעֶן מײַן פראַגעֶ — נײן, מײַן בּיטע...

— פעֶליקס! איך!...

עֶר האָט איהר שאַרף איבּעֶרגעֶריסעֶן:

— איך פעֶרבּאָט דיר, נאָך אײן װאָרט אפילו אַרויסצורעֶדעֶן װעֶגעֶן דעֶם בּיז צו דעֶר פון מיר בּעֶשטימטעֶר צײַט. עֶר איז אַראָבּ פון בּאַלקאָן און האָט זיך געֶלאָזעֶן געֶהן אין צימעֶר, זי האָט איהם געֶװאָלט נאָכגעֶהן.

— לאָז מיך איצט, — האָט עֶר גאַנץ מילד געֶזאָגט, — איך װיל אַבּיסעֶל אַלײן זײַן.

זי איז געֶבּליבּעֶן אויפ'ן בּאַלקאָן און האָט זיך פעֶרקוקט אויף דעֶר בּליצעֶנדעֶר אויבּעֶרפלעֶכעֶ פון טײַך. פעֶליקס איז אַרײַן אין שלאָפצימעֶר און האָט זיך דאָרט אַרויפגעֶװאָרפעֶן אויף זײַן בּעֶט. לאַנג האָט עֶר נישט אַראָבּגעֶנומעֶן די אויגעֶן פון סופיט. דעֶרנאָך האָט עֶר זיך געֶבּיסעֶן די ליפּעֶן און צוזאַמעֶנבּײגעֶנדיג די פויסטעֶן האָט עֶר גיפטיג געֶזיעֶגעֶן צװישעֶן די צײהן:

— איבּעֶרגעֶגעֶבּעֶנקײַט! איבּעֶרגעֶגעֶבּעֶנקײַט!

---

פון דעֶר צײַט אָן איז עֶפּעֶס אַ פרעֶמדקײַט געֶקומעֶן צװישעֶן זײ און צוזאַמעֶן דעֶרמיט אויך אַ נעֶרװעֶזעֶ בּעֶדעֶרפניש, אַ סך צו רעֶדעֶן אײנעֶר מיט'ן אַנדעֶרעֶן. װעֶגעֶן די מינדעֶסטעֶ קלײניגקײַטעֶן פלעֶגעֶן זײ אָבּרעֶדעֶר שעה'עֶן לאַנג, און זעֶהר שלעֶכט פלעֶגעֶן זײ זיך פיהלעֶן, װעֶן זײ פלעֶגעֶן אויפהעֶרעֶן צו רעֶדעֶן. בּײַ זײ איז רעֶכט געֶװעֶן אָבּצוזיצעֶן װי לאַנג און שמועסעֶן װעֶגעֶן דעֶם, פון װאַנעֶן די גרויעֶ װאָלקעֶנס קומעֶן, װאָס'רעֶ װעֶטעֶר עֶס װעֶט זײַן מאָרגעֶן און פאַר װאָס דאָס װאַסעֶר בּײַט דעֶם קאָליר װײַנעֶם אין די פעֶרשידעֶנעֶ צײַטעֶן פון טאָג. אין דעֶר צײַט פון שפּאַצירעֶן, האָבּעֶן זײ אָפטעֶר װי בּיז אַהעֶר אויסגעֶמידעֶן די ענגעֶ, שטילעֶ װעֶגעֶן אַרום זײעֶר שטוב און געֶגאַנגעֶן מעֶהר צו'ם בּעֶװאָהנטעֶן בּרעֶג. דאָרט האָבּעֶן זײ געֶהאַט די געֶלעֶגעֶנהײַט צו מאַכעֶן פעֶרשידעֶנעֶ בּעֶמעֶרקונגעֶן װעֶגעֶן די מעֶנשעֶן, װעֶלכעֶ זעֶנעֶן זײ אַנטקעֶגעֶן געֶקומעֶן. װעֶן ס'האָט זיך געֶמאַכט, אַז יונגעֶ מעֶנשעֶן זעֶנעֶן זײ אָנגעֶגאַנגעֶן אַנטקעֶגעֶן, איז מאַריעֶ געֶװעֶן אין איהר בּעֶנעֶהמונג בּעֶזונדעֶר צו-

דיקגעהאַלטען, און ווען פעליקס האָט זיך געווענדעט צו איהר מיט אַ בעמערקונג וועגען דעם זומער-קאָסטיום פון וועלכען ס'איז רודער-ספּאָרטסמאַן אָדער אַלפּען-טוריסט, איז זי פערגאַנגען אַזוי ווייט אין איהר נישט אויפריכטיגקייט, אַז ביי איהר איז רעכט געוועזן צו זאָגען, אַז זי האָט די מענשען קיינמאָל נישט אָנגעזעהן, און נאָר מיט אַ סך מיהע איז איהם געלונגען צו פועל'ן ביי איהר, טרעפענדיג זיי אַ צווייטעס מאָל, זי זאָל זיי אויפמערקזאַם בעטראַכ-טען. זי האָט נישט געקאָנט פערטראָגען דעם בליק, מיט וועלכען ער האָט איהר דורכגענומען ביי אַזאַ געלעגענהייט. דאַן פלעגט אָפט טרעפען, אַז זיי פלעגען אָבגעהן מעהר ווי אַ פיערטעל שעה און נישט אַרויסרעדען איין וואָרט צווישען זיך. אָפטמאָל זענען זיי געוועסען שווייגענדיג אויף זייער באַלקאָן אַזוי לאַנג, ביז מאַריאַ פלעגט נישט, געשיקט געגנג, נאָר נישט קענענדיג פון דעסטוועגען עהאַלטען די כונה דערפון, פאַלען אויף דעם מיטעל, איהם פאַר-צוליינען די צייטונג. און ווען אפילו זי האָט בעמערקט, אַז ער הערט נישט, האָט זי אויך ווייטער געליינט, זיך פרעהענדיג דערמיט, וואָס ס'איז נאָר נישט אינגאַנצען שטיל צווישען זיי. און דאָך, נישט קוקענדיג אויף די דאָזיגע אַלע פּייניגענדע פּראָ-בעס, זענען זיי ביידע געווען פערנומען נאָר מיט זייערע אייגענע געדאַנקען.

פעליקס האָט אינערליך זיך אַליין מודה געווען, אַז ער האָט דאָ געשפּיעלט, אין דער בעציהונג צו מאַריאַ'ן, אַ לעכערליכע קאָ-מעדיע. קוים וואָלט ער טאַקע ערנסט טראַכטען וועגען דעם, איהר צו פערשפּאָרען די קומענדיגע ליידען, וואָלט דאָך אַמבעסטען גע-ווען פון זיין זייט, פראָסט פערשוואונדען צו ווערען פון איהר. ס'איז דאָך נישט קיין גרויסע זאַך, זיך אויסצוגעפינען ערגעץ אַ פער-וואָרפענעם, שטילען ווינקעל, אום דאָרט רוהיג צו שטאַרבען. ער אַליין האָט זיך געוואונדערט, ווי אַזוי ער קאָן מיט אַזאַ גלייכגילטיג-קייט קלערען וועגען אַזעלכע זאַכען. ווען ער האָט אָבער אָנגעהויבען ערנסט צו קלערען וועגען דער אויספיהרונג פון דעם פּלאַן; ווען ער האָט פּראָבירט אין אַ שרעקליך לאַנגער, שלאָפלאָזער נאַכט איבער-לעבען כמעט די אַלע איינצעלהייטען פון דער אויספיהרונג: ווי אַזוי ער וועט אויפשטעהן מאָרגען פאַרטאָג און אַוועק פון דאַנען, זיך נישט געזעגנענדיג, אין דער איינזאַמקייט אָבוואַרטען דעם נאָהנטען

טוידט, און זי וועט בלייבען דאָ אין דעם זוניגען, לאַכענדיגען און פאַר איהם פערלוירענעם לעבען, — ווען ער האָט זיך דאָס אַלץ לעבעדיג פאָרגעשטעלט, האָט ער געפיהלט זיין גאַנצע שוואַכקייט; האָט ער טיעף געפיהלט, אַז ער קאָן עס נישט, אַז ער וועט עס קיינמאָל נישט קאָנען. וואָס אַלזאָ, וואָס טהוט מען? מיט אַ ביטערער אונערבאַרמדיגקייט קומט אַלץ נעהנטער און נעהנטער צו דער טאָג, ווען ער וועט מוזען פון דאַנען אַוועק און איהר איבערלאָזען. זיין גאַנצעס וועזען איז געוועזען דורכגעדרונגען מיט דער ערוואַרטונג פון דעם טאָג, מיט אַ פייניגענדער שרעק, וואָס איז נאָך ערגער, ווי דער טוידט אַליין. ווען ער וואָלט נאָך צו די צרות נישט זיין געוועהנט פון דער יוגענד אָן זיך אַליין צו בעטראַכטען! די אַלע סימפטאָמען פון זיין קראַנקהייט וואָלט מען געקאָנט דאַן פערבייגעהן, זיך נישט זעהענדיג מאַכען אָדער קוקענדיג אויף זיי צווישען די פינגער. זיין זכרון האָט איהם אַרויסגערופען די בילדער פון מענשען, וועלכע ער האָט געקענט און וועלכע האָבען אויך געליטען פון דער זעלביגער קראַנקהייט, וואָס ער, און האָבען נאָך עטליכע וואָכען פאַר זייער טוידט מונטער און האָפנונגס=פול געקוקט דער צוקונפט אין די אויגען, ווי פערשאָלטען האָט ער איצט די שעה, ווען זיין צווייפעל האָט איהם געפיהרט צו יענעם שרעקליכען דאָקטאָר, דעם פאַלשען אויטאָריטעט פון וועלכען ער האָט זיך אונטערגעוואָרפען, ביז ס'האָט זיך נישט ענטדעקט פאַר איהם דער פולער, אונערבאַרמדיגער אמת. און אָט איז ער איצט געלעגען דאָ, אַ הונדערט=מאָל=פערשאָלטענער, נישט בעסער ווי אַ פעראורטיילטער צום טוידט, וועלכען דער תלין קאָן יעדען אין דער פריה קומען נעהמען, אום איהם אויפ'ן עשאַפאָט צו פיהרען, און ער האָט פערשטאַנען, אַז אייגענטליך האָט ער זיך נאָך קיין איין סעקונדע לאַנג נישט געקאָנט קלאָר מאַכען די גאַנצע שרעקליכקייט פון זיין לאַגע. ערגעץ אין אַ פערוואָרפענעם ווינקעל ביי איהם אין האַרצען האָט געלויערט די פאַלשע, שמייכלערישע האָפנונג, וועלכע האָט איהם קיינמאָל נישט געוואָלט אינגאַנצען פערלאָזען. זיין פערשטאַנד אָבער איז געוועזען שטאַרקער, און האָט איהם געגעבען אַ קלאָרע און קאַלטע עצה, האָט איהם געגעבען אַלץ ווידער און ווידער, און ער האָט עס געהערט צעהנדליגער, הונדערטער און טויזענדער מאָל, אין די דאָזיגע אונענדליכע נעכט.

װעלכע ער איז אָבגעלעגען אַ װאַכעדיגער, און אין די אײנטאָניגע טעג, װעלכע זענען אַזױ געשװינד אַריבערגעלאָפען, — אַז פאַר איהם איז נאָר אײן אױסװעג, אײן רעטונג פערהאַן: נישט צו װאַרטען מעהר, קײן אײן סעקונדע נישט, און אַלײן אַ ענדע צו מאַכען; — אַזאַ אױסגאַנג װאָלט זײַן נישט אַזױ שרעקליך. און געװען איז נאָך אַ שטיקעל נחמה אין דעם, װאָס ער װעט שױן נישט זײַן געצװאונגען מעהר צו װאַרטען. אין יעדען אױגענבליק, װען ער װעט נאָר װעלען, קאָן ער נעהמען און אַ ענדע מאַכען.

אָבער זי, זי! בײַטאָג בעזונדער, װען זי איז נים אָבגעטרעטען פון איהם אָדער װען זי האָט איהם עפּעס פאָרגעלײענט, האָט זיך אָפּט געדאַכט, אַז איהם װאָלט גאָרנישט זײַן אַזױ שװער, זיך צו שײדען מיט דעם נפש. זי איז געװען פאַר איהם נישט מעהר װי אַ טײל פון דעם עקזיסטענץ אין אַלגעמײן. זי האָט געהערט צו דעם אַרומיגען לעבען, װעלכען ער מוז פערלאָזען, און נישט צו איהם. אין אַנדערע מאָמענטען אָבער, בעזונדער בײַנאַכט, װען זי איז געװען פערזונקען אין טיעפען שלאָף און איז געלעגען נעבען איהם מיט פערשלאָסענע ברעמען אין איהר גאַנצער יוגענדשענ־הײַט — דאַן האָט ער זי געליעבט זעהן אַ גרענעץ, און װאָס רוהיגער זי איז געשלאָפען, װאָס מעהר אָבגעשיעדען פון דער װעלט איהרע הלומות זענען געװען, װאָס װײַטער איהר פער׳הלום׳טע נשמה האָט אױסגעזעהן צו זײַן פון די יסורים, װאָס האָבען איהם געפּײַניגט, אַלץ הײסער, אַלץ װילדער האָט ער זי פערגעטערט. און אײנמאָל, אין דער נאַכט אײדער זײ האָבען געזאָלט אַװעקפאָהרען פון דאַנען, האָט איהם אַרומגענומען אַ אומבעשרענקטע לוסט, אױפצורײַסען איהר פון דעם שענעם שלאָף, אין װעלכען ער האָט געזעהן אומ־טרײַהײַט, און אַרײַנצושרײַען איהר אין אױער: „אױב דו האָסט מיך ליעב, טאָ שטאַרב צוזאַמען מיט מיר, שטאַרב איצט!" ער האָט איהר אָבער געלאָזען װײַטער שלאָפען, מאָרגען װעט ער עס איהר זאָגען, מאָרגען — אפשר...

אָפטער, װי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, האָט זי געפיהלט אין יענע נעכט זײַן בליק. אָפטער, װי ער האָט געגלױבט, האָט זי זיך אין יענע נעכט געמאַכט שלאָפענדיג, װײַל אַ פערגליװערנדע אַנגסט האָט איהר אָבגעהאַלטען דערפון, צו עפנען אײנגאַנצען די ברעמען, דורך די שפּאַלטען פון װעלכע זי האָט אַלע מאָל גע־

ווארפען א קוק אין דער האלבער דונקעלהייט פון שלאפצימער און אויף זיין געשטאלט, וואס איז אונבעוועגליך געזעסען אין בעט. יענער לעצטער, ערנסטער שמועס האט איהר פון זינען נישט געקאנט ארויס, און זי האט געציטערט פאר דעם טאג, ווען ער וועט זיך נאכאמאל ווענדען צו איהר מיט דער פראגע. פארוואס האט זי אזוי געציטערט דערפאר? דער ענטפער איז דאך געלעגען ביי איהר פון אויבען אויף: זיין מיט איהם ביז דער לעצטער סעקונדע, נישט אבטרעטען פון איהם, יעדען זיפץ פון זיינע ליפען פערטויבען מיט קושען, יעדען טרער פון זיינע אויגען מיט די ליפען אבווישען! ער האט הייסט עס, געצווייפעלט אין איהר? איז דען מעגליך געוועזען אן אנדער ענטפער? ווי? וועלכער? דער אפשר: „גוט, דו האסט רעכט, איך וועל דיך איבערלאזען. איך וויל מיטנעהמען מיט זיך די ערינערונגען וועגען א אינטערעסאנטען קראנקען. איך וועל דיך דעריבער לאזען איצט אליין, אום שטארקער צו קאנען ליעבען די ערינערונג וועגען דיר?" און דערנאך? עס האט איהר געטריעבען, אליין אויסצורעכנען, וואס עס מוז קומען נאך דעם ענטפער. זי האט איהם געזעהן פאר זיך, קיהל, שמייכלענדיג. ער שטרעקט איהר אויס די האנד אנטקעגען און זאגט: איך דאנק דיר. דערנאך ווענדעט ער זיך אב פון איהר, און זי אנטלויפט פון דאנען; ס'איז א זומער פריה-מארגען, וואס גלאנצט און וועקט אויף טויזענדער פריידען. און זי טראגט זיך אליץ ווייטער און ווייטער אין דער גאלדענער לופט, אבי נאר ווי מעגליך געשווינדער זיך צו דערווייטערען פון איהם, און מיט איין מאל זיך בעפרייען פון אליץ, וואס האט איהר געקוועלט און געמאטערט. אט איז זי ווידער אליין, קיין מיטליידסגעפיהל דריקט איהר נישט, זי שפירט נישט מעהר אויף זיך דעם טרויעריגען, דעם פרעגענדען, דעם שטארבענדען בליק, וואס האט איהר אין דעם פערלויף פון די גאנצע לעצטע מאנאטען אזוי שרעקליך געפייניגט. זי געהערט דער פרעהליכקייט, דעם לעבען, זי דארף ווידער יונג זיין. זי לויפט אליץ ווייטער און ווייטער און דער מארגענווינט פלאטערט איהר לאבענדיג נאך.

און ווי דאפעלט עלענד האט זי זיך אליין אויסגעזעהן, ווען דאס דאזיגע בילד פון איהר ווילדען חלום איז ווידער ארויסגעשוואומען אין איהר פארשטעלונג! זי האט געליטען שוין דערפון

אַליין, וואָס אַזאַ פאָרשטעלונג האָט זיך איבערהויפט גאָר געקענט ווייזען ביי איהר.

און דאָס מיטלייד מיט איהם האָט איהר געגאַגט דאָס האַרץ און ווי זי האָט זי עס געשווידערט, טראַכטענדיג וועגען זיין וויסען, וועגען זיין האָפנונגסלאָזיגקייט! אָ, ווי זי האָט איהם געליעבט, ווי זי האָט איהם אַלץ שטאַרקער, אַלץ הייסער געליעבט, וואָס נעהנטער ס'איז צוגעקומען דער טאָג, ווען זי וועט איהם מוזען פערליערען. אַה, עס קען גאָר קיין צווייפעל נישט זיין אין דעם, וואָס'רע ענטפער זי וועט איהם געבען! איהם ביי'ן זייט וועט זי שטעהן, מיט איהם ליידען, — ווי ווייניג איז עס געוועזען! זעהען, ווי עֶר ערוואַרט דעם טויט, דורכלעבען איבערלעבען מיט איהם צוזאַמען מאַנאַטענלאַנג דעם אַנגסט פאַרן טויט, — דאָס איז נאָך אַלץ ווייניג. זי וויל פאַר איהם מעהר טאָן, דאָס בעסטע, דאָס העכסטע. ווען זי וועט איהם צוזאָגען זיך דעם לעבען צו נעהמען אויף זיין קבר, וועט ער שטאַרבען מיט דעם צווייפעל, צי זי וועט עס טאַקע טאָן. מיט איהם, ניין — פאַר איהם וויל זי שטאַרבען. אויב ער וועט זיך נאָכאַמאָל ווענדען צו איהר מיט דער פראַגע, וועט זי די קראַפט האָבען, איהם צו זאָגען: לאָזען מיר מאַכען אַ סוף צו דעם פיין! קום, לאָמיר שטאַרבען צוזאַמען, לאָמיר שטאַרבען שוין!...

און פערשכור'ט ווערנדיג פון דער אידעע, האָט איהר אויסגעזעהען יענע פרוי, דעם בילד פון וועלכער זי האָט נאָר וואָס געזעהען; יענע פרוי, וועלכע פליהט איבער פעלדער, הערט דעם געזאַנג פון מאָרגענווינט, לויפט אַנטקעגען דאָס לעבען און דער פרעהליכקייט, און וועלכע איז געוועזען זי אַליין, — נאַרעש און געמיין.

---

ס'איז אָנגעקומען דער טאָג פון זייער אָבפאָהרען. דער פריה-מאָרגען איז געוועזען אַ וואונדערבאַר מילדער, ווי ווען דער פריה-לינג וואָלט זיך צוריק אומגעקעהרט. מאַריאַ איז שוין געזעסען אויפ'ן טעראַסע, און דאָס פריהשטיק איז שוין געוועזען געגרייט, ווען פעליקס איז אַרויסגעגאַנגען פון צימער. ער האָט טיעף אָבגע-אָטעמט.

— אַח, ס'אַראַר שענער טאָג!

— נישט אמת?

— איך וויל דיר עפּעס זאָגען, מאַריע!

— וואָס? — און אַזוי ווי וועלנדיג אַרויסהאַפּען איר ־ דעם ענטפער פון מויל, האָט זי שנעל אַרויסגערעדט: — מיר בלייבען נאָך דאָ?

— ניין, נישט דאָס; נאָר מיר וועלן דאָך נישט אומקעהרען גלייך צוריק קיין ווין. איך פיהל מיך היינט נישט שלעכט, גאָר נישט שלעכט. מיר וועלן זיך אָבשטעלן וואו ס'איז אויפ'ן וועג.

— ווי דו ווילסט, מיין טייערער.

איהר איז מיט אַמאָל געוואָרען אַזוי פרעהליך אויפ'ן האַרצען, ווי ס'איז איהר שוין נישט געווען אַ לאַנגע צייט. אַזוי פריי האָט ער שוין די גאַנצע וואָך מיט איהר נישט גערעדט.

— איך רעכען, קינד טייערע, זיך אָבצושטעלען אין זאַלצבורג.

— זאָל זיין אַזוי ווי דו ווילסט.

— קיין ווין וועלן מיר נאָך בעוויינזען צו קומען אין דער צייט, ניין? און פאָהרען אַזוי לאַנג מיט דער באַהן טויג פאַר מיר אויך נישט.

— נו יאָ, — האָט איהם מאַריע לעבהאַפט אונטערגעהאַלטען, — מיר האָבען זיך דאָך נישט, וואָס צו יאָגען.

— ס'איז דאָך שוין אַלץ איינגעפּאַקט, יאָ, מערי?

— שוין לאַנג; מיר קענען שוין פאָהרען.

— איך גלויב, אַז אונז וועט בעסער זיין צו פאָהרען אין אַ עקיפּאַזש. פאָהרען פיער־פינף שעה מיט אַ עקיפּאַזש איז אַ סך אַנגענעהמער, ווי מיט דער באַהן. אין די קופּעס איז היים און דושנע.

— ווי דיך געפעלט, מיין טייערער.

זי האָט איהם געגעבען אויסצוטרינקען אַ גלאָז מילך, און דערנאָך האָט זי איהם אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דעם שענעם, זילבערנעם גלאַנץ, מיט וועלכען עס זענען פערגאָסען די קאַמען פון די וועללען. זי האָט גערעדט אַ סך און איבערלוסטיג. ער האָט איהר געענטפערט פריינדליך און רוהיג. אַם ענדע האָט זי זיך אָנגעבאָטען, צו געהן בעשטעלען דעם עקיפּאַזש, אויף צו פאָהרען מיט איהם נאָכמיטאָג קיין זאַלצבורג. ער האָט מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען איינגעשטימט, און זי האָט שנעל אַרויפגעהאַפּט אויפ'ן קאָפּ דעם גרויסען שטרוי־הוט, האָט עטליכע מאָל געקושט פעליקס'ן אין די ליפּען און איז אַרויסגעגאַנגען.

ער האָט נישט געפרעגט... און וועט נישט פרעגען. דאָס

האָט מען געקענט לייכט איבערלייענען אויף זיין אויסגעלייטערטען געזיכט. אין זיין פריינדליכען טאָן האָט זיך היינט אויך ניט געפיהלט קיין לויערנדעס, שטעכעדיגעס, ווי עס פלעגט אָפט פאָרקומען פריהער, ווען ער האָט אַ גאַנץ רוהיגען שמועס איבערגעשניטען מיט אַ בייזען וואָרט. ווען עטוואָס אַזוינס פלעגט דאַרפען פאָרקומען, האָט זי עס שטענדיג פריהער געוואוסט, און איצט האָט זי זיך געפיהלט ריכטיג, ווי ווען ער וואָלט איהר אַ גרויסען הסר בעוויזען. אין זיין מילדקייט איז געלעגען עטוואָס שענקענדעס, פערצייהענדעס.

ווען זי איז צוריקגעקומען אויפ'ן באַלקאָן, האָט זי איהם געפונען, לעזענדיג די צייטונג, וואָס איז אָנגעקומען אין דער צייט, וואָס זי איז נישט געווען.

— מאַריע, — האָט ער אויסגערופען, צורופענדיג איהר מיט אַ וואונק פון די אויגען, — זעה, עטוואָס וואונדערבאַרעס, מערקווירדיגעס!

— וואָס איז?

— נא, לייען!... דער מענש... נו, דער פראָפעסאָר בערנאַרד איז געשטאָרבען.

— ווער?

— דער... נו דער, ביי וועמען איך... אה דער, דער, וואָס האָט מיר אַזעלכע טרויעריגע אויסזיכטען פאָרגעשילדערט.

זי האָט איהם אַרויסגענומען פון האַנד די צייטונג. „ווי, פראָפעסאָר בערנאַרד? גערעכט אויף איהם!" — האָט זיך איהר שיער נישט אַרויסגעריסען פון מויל, זי האָט עס אָבער נישט אַרויסגערעדט. ביידע האָבען זיך געפיהלט ריכטיג, ווי ווען די געשעהעניש וואָלט האָבען פאַר זיי אַ וויכטיגע בעדייטונג. יאָ, ער, וועלכער האָט אַוועקגערויבט יעדע האָפנונג ביי אַ מענשען, וואָס האָט זיך געווענדעט צו איהם נאָך הילף, ער אַליין, מיט זיין בעריהמטער חכמה און מיט זיין פאָלשטענדיגער געזונדקייט, וועט אין אַ פּאָר טעג אַרום ליגען אַ בעגראָבענער! אין דער מינוט ערשט האָט פעליקס געפיהלט, ווי ער האָט דעם מענשען געהאַסט. — און אין דעם, וואָס דאָס שיקזאַל האָט זיך אָן איהם נוקם געווען, האָט דער קראַנקער געזעהען אַ גוטען סמן. ער האָט זיך געפיהלט ריכטיג, ווי ווען אַ מורא'דיגער, שלעכטער גייסט וואָלט פערשוואונדען וואָרן פון זיין האָריזאָנט.

כאַריע האָט אויפגעוואָרפען דעם בלאַט און געזאָגט:

— יאָ, וואָס ווייסען מיר, מענשען, פון דער צוקונפט?

ער האָט זיך מיט פרייד אַ וואָרף געטאָן אויף די ווערטער.

— וואָס ווייסען מיר וועגען דעם מאָרגענדיגען טאָג! מיר ווייסען גאָרנישט, גאָרנישט!

נאָך אַ קורצער פויזע איז ער פּלוצלונג איבערגעשפרונגען אויף אַנאַנדער געגענשטאַנד:

— דו האָסט בעשטעלט דעם עקיפּאַזש?

— יאָ, אויף עלף דעם זייגער.

— ווי רעכענסטו, מיר וועלן דאָך נאָך קענען זיך דורכפאָהרען אביסעל אויפ'ן וואַסער?

זי האָט אָנגענומען זיין אָרעם, און ביידע האָבען זיך געלאָזען געהן צום ברעג. ביידע האָבען זיי זיך געפיהלט אַזוי, ווי ווען זיי וואָלטען קריגען אַ פערדיענטע בעפריעדיגונג.

———

שפּעט נאָכמיטאָג זענען זיי אַריינגעפאָהרען אין [illegible]ג. צו זייער גרויסער פערוואונדערונג האָבען זיי געפונען די מעהרסטע הייזער פון שטאָדט בעפּוצט מיט פלאַגען; די מענשען, וועלכע זיי האָבען בעגעגענט, זענען געווען יום־טוב'דיג אויסגעפּוצט, און איינצעלנע פון זיי האָבען געהאַט אויף זיך קאָקאַרדעס. אינ'ם האָטעל, וואו זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט און פערנומען איין צימער מיט אַ פענסטער צו'ם מענסבערג, האָט מען זיי ערקלערט, אַז אין שטאָדט ווערט היינט געפייערט אַ גרויסער זינגער־יום טוב, און מ'האָט זיי פאָרגעלעגט בילעטען אויף דעם קאָנצערט, וואָס וועט פאָרקומען אַכט דעם זייגער אינ'ם קור־פּאַרק ביי אַ גרויסאַרטיגער בעלויכטונג. זייער צימער איז געווען אין ערשטען שטאָק, און אונטער זייער פענסטער האָט זיך געצויגען דער זאַלצאַך. אין עקיפּאַזש, פאָהרענדיג, האָבען זיי זיך ביידע גוט אויסגעשלאָפען און איצט האָבען די זיך געפיהלט אַזוי פריש, אַז זי זענען נאָר אַ קורצע צייט געזעסען אין שטוב און באַלד פאַרנאַכט זיך ווידער אַרויסגעלאָזען אויפ'ן שפּאַציער.

אין גאַנצען שטאָדט איז געווען לעבעדיג און פרעהליך. די איינוואָהנער זענען כמעט אַלע אויפ'ן גאַס געווען, און די זינגערס, מיט בעזונדערע סמנים בעפּוצט, האָבען פרעהליך אַרומגעשפּאַצירט

גרופּעסווייז צווישען זיי. צווישען די שפּאַצירערנדע האָבען זיך געפונען אַ מאַסע אָנגעפּאַהרענע, אונטער וועלכע מ'האָט געקענט בעמערקען אויך די אָנגעפּאַהרענע פוּערן פון די אַרומיגע דערפער אין זייערע יום־טוב'דיגע קליידער. פון אונטער די דעכער אַרויס האָבען געפלאַטערט די שטאָדטישע פלאַגען, אין דער הויפּטגאַס זענען געווען אויסגעשטעלט טריאומפ־טויערן מיט בלומען בעפּוצט. דורך אַלע גאַסען אַהין און צוריק האָט זיך געטראָגען דער מענשען־שטראָם, און איבער איהם האָט זיך געפיהלט די בעקוועמע מילדקייט פון אַ שמעקעדיגען זומער־אָבענד.

פון בריג זאַלצטאַך, וואו ס'האָט געהערשט אַ אַנגענעהמע שטילקייט, זענען מאַריע און פעליקס אַרויסגעגאַנגען אין די בעלעבטע טיילען פון שטאָדט און נאָכדעם ווי זיי האָבען אַזאַ לאַנגע איינפאָרמיגע צייט געהאַט אָבגעלעבט אין זייער שטילען דערפעל ביים טייך, האָט זיי דער אונגעוועהנליכער טומעל פון שטאָדט כמעט פערשכורט. באַלד אָבער האָט זיך צו זיי אומגעקעהרט די ערפאַהרענע גלייכגילטיגקייט פון גרויסשטעטיגע איינוואָהנער צו אַזעלכע ערשיינונגען, און זיי האָבען אויפגעהערט נתפעל צו ווערן פון דעם גאַנצען גערויש. ווי אין די פריהערדיגע צייטען, האָט די איצטיגע פרעהליכקייט פון דער מאַסע אויך נישט איבריג אַנגענעהם געווירקט אויף פעליקס'ן. מאַריע אָבער האָט זיך דאָ גלייך געפיהלט זעהר גוט, און ווי אַ קינד, האָט זי זיך אָבגעשטעלט קוקען דאָ אויף אַ פּאָר ווייבער אין זאַלצבורגער קאָסטיומען און דאָ אויף עטליכע הויכגעוואַקסענע, מיט שלייפען בעפּוצטע זינגער, וועלכע זענען זיי פערביי־געגאַנגען. אָפטמאָל האָט זי זיך אָבגעשטעלט קוקען אין דערהויך און בעוואונדערט די בעזונדער שענע דעקאָראַציע פון וועלכער ס'איז געבויעדע.

— זעה נאָר, ווי שען! — האָט זי זיך פרעהליך געווענדעט צו פעליקס'ן; ער אָבער האָט גלייכגילטיג אַ קוק געטאָן אין איהר זייט און געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— נו, זאָג דעם אמת, — האָט זי איהם נאָך אַ קורצע ווייל'ע ווידער געפרעגט, — האָבען מיר דען נישט דאָ ריכטיג גוט געטראָפען?

ער האָט אַ וואָרף געטאָן אויף איהר אַ בליק, און וועלכען זי האָט גאָרנישט געקענט לייענען. דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— דיר וואָלט זיך געוויס שטאַרק וועלן איצט אַוועקגעהן אין קור־פּאַרק אויפ'ן קאָנצערט?

זי האָט נאָר געשמייכעלט. דערנאָך האָט זי געענטפערט:

— נו, מיר דאַרפען נישט אַזוי געשווינד אָנהויבען צו האַל־טײַעווען.

איהר שמייכעל האָט איהר געקרענקט.

— דו וואָלסט, ווייזט אויס, אין דער אמת'ן אימשטאַנד זײַן, דאָס פון מיר צו פערלאַנגען?

— וואָס פעהלט דיר אַיין? — האָט זי דערשראָקען אַרויסגערעדט; גלייך אָבער האָט זי אומגעדרעהט דעם קאָפּ צו יענער זײַט גאַס, וואו ס'איז נאָר וואָס דורכגעגאַנגען אַ שען־און עלעגאַנט פּאָר־פּאָלק, וואָס האָט זיך געפונען, ווי ס'האָט אויסגעזעהן, אויף דער התונה־רייזע, און געפיהרט אַ פרעהליכען שמועס. מאַריע איז גע־גאַנגען מיט פעליקס'ן, נישט נעהמענדיג זײַן אָרעם. אָפּט האָט זי דער לעבעדיגער מענשענשטראָם פונאַנדערגעשיידט אויף עטליכע סעקונדען, און דערנאָך האָט זי איהם ווידער געפונען, שפּאַ־צירענדיג זיך האַרט בײַ די ווענט פון די הײַזער, און דערבײַ האָט מען אויף זײַן געזיכט דײַטליך געקענט איבערלייענען, אַז איהם איז נישט אַנגענעהם צו קומען אין אַ נעהנטערער בעריהרונג מיט די אַלע מענשען. דערהוויל איז געוואָרען פינסטערער; די גאַסען־לאַמטערנעס האָבען אָנגעהויבען ברענען, און אין עטליכע ער־טער, בעזונדער בײַ די טריאומפ־טויערן, זענען געוועזען אויסגע־האַנגען פאַרביגע לעמפּלעך. דער גרעסטער טייל פונ'ם מענשענשטראָם האָט זיך געצויגען אין דער ריכטונג צום פּאַרק, וואו ס'האָט זיך שוין געדאַרפט אָנהויבען באַלד דער קאָנצערט. אין אָנהויב זענען פעליקס מיט מאַריאַ'ן מיטגעצויגען געוואָרען מיט'ן שטראָם, דער־נאָך אָבער האָט ער זי פּלוצלונג אָנגענומען פאַר'ן האַנד, און זיך אָבקעהרענדיג אין אַ שמאָלער הינטערגעסעל, זענען זיי באַלד אַרײַן אין דעם שטילען, און אויך נישט אַזוי העל בעלויכטענעם טייל פון שטאָדט. נאָך צוויי־דרײַ מינוטען געהן שווײַגענדיגערהייד האָבען זיי זיך געפונען אין אַ גאַנץ אָבגעזונדערטען, שטילען ווינ־קעל פון זאַלצטאַך־ברעג, וואו ס'האָט זיך געהערט נאָר דאָס אייני־פאָניגע רוישען פון טײַך.

— וואָס דאַרפען מיר דאָ? — האָט זי געפרעגט.

— רוהיגקייט — האָט ער כּמעט בּעפעהלענדיג געזאָגט.

און ווען זי האָט אויף דעם גאָרנישט געענטפערט, האָט ער ווייטער גערעדט מיט אַ טאָן פון נערוועזער אויפגערייצטקייט:

— מיר האָבּען דאָרטען נישט וואָס צו טאָן. נישט פאַר אונז זענען די פערשידענפאַרביגע לעמפלעך, די זינגענדע פרעהליכקייטען און די יונגע, פרעהליכע מענשען. דאָ איז אונזער אָרט, וואו מ'הערט נישט קיין קלינגערייַ, וואו מיר זענען איינזאַם; דאָ געהערען מיר, — און דאַן האָט ער, איבּערגעהענדיג פון דעם געפּרעסטען טאָן צו דעם טאָן פון אַ גיפטיגען שמייכעל, צוגעגעבּען: — ווענינגסטענס איך.

ווען ער האָט דאָס גערעדט, האָט זי געפיהלט, אַז די ווערטער מאַכען נישט אויף איהר אַזאַ שטאַרקען איינדריק, ווי אַלע מאָל. זי האָט זיך דאָס אָבּער ערקלערט: זי האָט עס שוין אַ סך מאָל געהערט פון איהם און דערצו נאָך האָט ער אַזוי שטאַרק איבּערטריבּען. — און זי האָט איהם געענטפערט מיט אַ טאָן פון פערגעבּענדער מילדקייט:

— איך האָבּ דאָס נישט פערדיענט, ניין.

ער האָט אויף דעם, ווי ס'איז שוין עטליכע מאָל פאָרגעקומען, איראָניש בּעמערקט:

— ענטשולדיג.

זי האָט ווייטער גערעדט, אָננעהמענדיג איהם פאַר אַ האַנד און צודריקענדיג זי כּמעט צו זיך:

— און מיר בּיידע געהערן שוין נישט מעהר צו יענער וועלט.

— דו יאָ, — האָט ער כּמעט אויסגעשריען.

— ניין, — האָט זי ווייך געענטפערט. — מיר ווילט זיך אויך נישט געהן צוריק אַהין אין דעם מענשליכען טומעל. איך קען עס אויך נישט פערטראָגען אַזוי גוט, ווי דו. וואָס'רע גרונד אָבּער האָבּען מיר צו אַנטלויפען פון דאָרטין? וואָס זענען מיר, פערשטויסענע, וואָס?

אין דער מינוט האָבּען זיך אין דער שטילער, רייַנער לופט דערהערט די טענער פון אַ פולען אָרקעסטער. מ'האָט געקענט הערען דייטליך יעדען טאָן. דאָס איז געווען די יום־טוב'דיגע אוווערטיורע, מיט וועלכער ס'האָט זיך געזאָלט, מסתּמא, אָנהויבּען דאָס קאָנצערט.

— קום, — האָט פלוצלונג זיך אָבגערופען פעליקס, נאָכדעם ווי ער איז אַ ווײַלע מיט איהר שטעהן געבליבען און האָט זיך איינגעהערט. — קיין זאַך אין דער וועלט מאַכט מיך נישט אַזוי טרויריג, ווי מוזיק פון דער ווײַטען.

— יאָ, — האָט זי אײַנגעשטימט, — עס קלינגט זעהר מעלאַנכאָליש.

זיי האָבען זיך שנעל געלאָזען געהן צום שטאָדט. דאָ האָט מען געהערט די מוזיק נישט אַזוי קלאָר, ווי בײַם ברעג פון טײַך, און ווען זיי זענען ווידער אַרויף אויף די בעלויכטענע גאַסען, האָט מאַריאַ געפיהלט, אַז אין איהר דערוועקט זיך צוריק די אַלטע צערט־ליכקײַט, דאָס אַלטע געפיהל פון מיטלייד מיט דעם געליבטען מענ־שען. זי האָט איהם ווידער פערשטאַנען און אַלץ מוחל געווען.

— מיר וועלען אפשר געהן אַהיים? — האָט זי געפרעגט.

— ניין, פאַרוואָס עפּעס? דו ביזט דען שלעפריג?

— אָה, ניין.

— טאָ וועלען מיר בעסער זײַן נאָך אַביסל אויפ'ן פרײַען לופט, גוט?

— מיט פערגניגען... ווי דו ווילסט... אויב ס'איז נאָר נישט צו קיהל?

— ס'איז דאָך ד'שנע, ס'איז הייס זאָגאַר, — האָט ער נערוועז געענטפערט, — דו ווייסט, מיר וועלען הײַנט עסען אָבענדברויט אין פאַרק.

— גוט.

זיי זענען צוגעגאַנגען צום פאַרק. דער אָרקעסטער האָט גע־ענדיגט דעם ערשטען נומער, און איצט האָט זיך פון דעם העל־בעלויכטענעם פאַרק געהערט דאָס גערויש פון אַ פלוידערנדער, פרעהליכער מאַסע. צום פאַרק זענען צוגעגאַנגען נאָך עטליכע מענ־שען, וועלכע האָבען זיך געיאָגט אויפ'ן קאָנצערט, און צוויי פער־שפּעטיגטע זינגער, זענען אויך זעהר האַסטיג דורכגעלאָפען פער־בײַ זיי. מאַריאַ האָט זיי נאָכגעקוקט, באַלד אָבער האָט זי זיך געהאַפט און נישט אָהן אַנגסט, אַזוי ווי זי וואָלט וועלען צוריק גוט מאַכען עפּעס אַ פערברעך, האָט זי אַ קוק געטאָן אויף פעליקס'ן. ער האָט זיך געביסען די ליפּען און אויף זײַן שטערן איז געלעגען אַ שלעכט בעהאַלטענער צאָרן. זי האָט געמיינט, אַז ער וועט

איהר איצט עפּעס זאָגען, ער האָט אָבער געשוויגען, און פון איהר האָט זיך זיין בעטריבטער בליק ווידער אָבגעווענדעט צו יענע צוויי יונגע לייט, וועלכע זענען נאָר וואָס פערשוואונדען געוואָרען הינטער דעם אַריינגאַנג פון פּאַרק. ער האָט געוואוסט, וואָס ער פיהלט. דאָ פאַר איהם איז איצט געגאַנגען דאָס, וואָס ער האָט ווי דעם טוידט: אַ שטיק דערפון, וואָס עס וועט נאָך דאָ זיין, ווען ער וועט שוין נ י ש ט זיין; עטוואָס אַזוינס, וואָס וועט נאָך יונג און לעבעדיג זיין און לאַכען דאַמאָלס, ווען ער וועט שוין נישט קענען לאַכען און וויינען. און אויך דאָ נעבען איהם, האַלטענדיג זיין אָרעם צוגעפּרעסט צו זיך נאָך שטאַרקער ווי פריהער, ווי וועלענדיג דערמיט פערגלעטען איהר אייגענע שולד, — אויך דאָ נעבען איהם איז געגאַנגען אַזאַ שטיק לאַכעדיגע, לעבעדיגע יוגענד, וואָס פיהלט אין זיך אונבעוואוסטזיניג די דאָזיגע פערוואַנד־שאַפט. און ער האָט עס געוואוסט, און עס האָט געקאָכט אין איהם אַ ברענענדע פּיין. לאַנג האָבען זיי ביידע געשוויגען. ענד־ליך, האָט זיך פון זיין ברוסט אַרויסגעריסען אַ טיעפער זיפץ. זי האָט איהם געוואָלט אַ קוק טאָן אין געזיכט, ער האָט זיך אָבער אָבגעקעהרט אָן אַ זייט.

פּלוצלונג האָט ער זיך אָבגערופען:

— דאָ וועט זיין זעהר גוט.

זי האָט נישט פערשטאַנען אין אָנהויב, וואָס ער מיינט:

— וואָס?

זיי זענען געשטאַנען פאַר'ן רעסטאָראַן פון פּאַרק; אונטער די בלעטעריגע צווייגען פון די הויכע בוימער זענען געשטאַנען טישלעך געדעקט מיט ווייסע טישטוכער און שוואַך בעלויכטען מיט קליינע לעמפּלעך. בענוצענדיג זיך דערמיט, וואָס די פּלעצער זענען איצט אַלע געווען נישט פערנומען, האָבען זיי זיך ענדליך אָבגעזוכט אַ בעקוועמען ווינקעל אין גאָרטען און זיך דאָרטין אַוועקגעזעצט. אינ'ם גאַנצען רעסטאָראַן האָבען זיך איצט געפונען אַרום צוואַנציג פּערזאָן, און גאַנץ נאָהנט פון זיי איז געזעסען דאָס זעלביגע יונגע, עלעג־גאַנטע פּאָר, וועלכער זיי האָבען שוין היינט איינמאָל בעגעגענט. מאַריאַ האָט זיי גלייך דערקענט. אים פּאַרק אויבען האָט געזונגען דער כאָר. די שטימען זענען צוגעקומען צו זיי נישט בעזונדער הויך, אָבער דייטליך, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז די בלעטער פון די

בוימער בעוועגען זיך אונטער דעם מעכטיגען שטראָם פון די פרעהליכע טענער. פעליקס האָט געהייסען געבען אַ גוטע פלאַש ווייַן און איצט איז ער געזעסען מיט האַלב־פערמאַכטע ברעמען, האָט געלאָזען צוגעהן די קליינע ביסלעך ווייַן אויפ'ן צונג, און זיך אינגאַנצען איבערגעגעבען דעם צויבער פון דער מוזיק, גאָר נישט קלערנדיג וועגען דעם, פון וואַנען זי קומט. מאַריאַ איז געזעסען נאָהנט צוגערוקט צו איהם, און ער האָט געשפירט די וואַרעמקייט פון איהרע קניע. נאָך דער שרעקליכער אויפרעגונג פון די לעצטע מינוטען, האָט איהם איצט אַרומגענומען אַ מאָדנע אַנגענעהמע גלייכגילטיגקייט, און ער האָט זיך געפרעהט דערמיט, וואָס איהם האָט זיך אייַנגעגעבען צו בעהערשען זייַן ווילען און אַזוי גלייכגילטיג צו ווערן. וואָרום גלייך, ווי זיי האָבען זיך אַוועקגעזעצט בייַם טיש, האָט ער ביי זיך פעסט בעשלאָסען, זייַן שטערבענדיגען וועהטאָג צו בעהאַלטען. ער איז געוועזען צו שוואַך, אום געניי צו אונטערזוכען, ווי גרויס ס'איז געוועזען דער אַנטהייל פון זייַן ווילען אין דעם דאָזיגען נצחון. איצט האָבען איהם אָבער נאָך אַ סך אַיינפאַלען געהאָלפען זיך בערוהיגען: געוועהנליך, האָט ער צוגעגעבען מאַריאַ'ס בליק אַ בעדייַטונג אַביסל אַ ערגערע, ווי ער האָט פערדיענט, און זי, קען זייַן, וואָלט אויף וועמען ס'איז אויך אַזוי געקוקט; אָט קוקט זי איצט אויף דעם אונבעקאַנטען פאָר־פאָלק ביי דעם דערבייאיגען טישעל מיט דעם זעלביגען בליק, וואָס פריהער אויף די זינגער.

דער ווייַן איז געוועזען גוט, די מוזיק האָט געקלונגען, דער זומער־אָבענד איז געוועזען פער'שכור'נד־מילד, און ווען פעליקס האָט אַ קוק געטאָן אויף מאַריאַ'ן, האָט ער אין איהרע אויגען געזעהען אַ שטראַהלענדען שייַן פון אונענדליכער גוטסקייַט און ליעבע. און איהם האָט זיך געוואָלט פערזינקען מיט זייַן גאַנצען וועזען אין דער איבערלעבונג פון דעם איצטיגען מאָמענט. ער האָט געמאַכט די לעצטע אַנשטרענגונגען איבער זייַן ווילען, אום זיך צו בעפרייַען פון אַלץ, וואָס געהער צו דער פערגאַנגענהייט און צו דער צוקונפט. ער האָט געוואָלט גליקליך זייַן אָדער וועניגסטענס שכור. און פלוצלונג, גאָר אונערוואַרטעט, האָט איהם בעהערשט אַ נייעס געפיהל, וואָס האָט איהם געבראַכט אַ אונגעוועהנליכע פרייד; אין דער מינוט איז איהם אייַנגעפאַלען, אַז איהם וואָלט גאָרנישט שוועהר זייַן איצט זיך צו נעהמען דאָס לעבען. יאָ, געוויס, אָט שוין,

גלײַך. און דאָס ליגט דאָך שטענדיג בײַ איהם אין די הענד: אַזאַ שטימונג, ווי די איצטיגע, וועט ער זיך שטענדיג קענען שאַפען: מוזיק און אַביסל שכּור׳לעך, און אַזאַ וואַרעמע מעדעל בײַם זײַט... אַה, יאָ, דאָס איז — מאַריאַ... ער האָט אָנגעשטרענגט אַביסל זײַנע געדאַנקען. אַנדערע אויף איהר אָרט וואָלט איהם אפשר איצט אויך אַזוי ליב געווען. זי האָט אויך מיט אַ שטאַרקער צופרידענהייט געטרונקען דעם ווײַן, און פעליקס׳ן איז אויסגעקומען צו בעשטעלען אַ נײַע פלאַש. ער איז געווען אַזוי צופריעדען, ווי שוין אַ לאַנגע צײַט נישט, און ער האָט זיך אַליין ערקלערט, אַז אים גרונד גענומען איז די דאָזיגע שטימונג נאָר אַ רעזולטאַט פונ׳ם ביסעל אַלקאָהאָל, וואָס ער האָט איצט אויסגעטרונקען מעהר, וויפיעל ער איז געוועהנט צו טרינקען. וואָס מאַכט עס אָבער אוים? ווען שכּרות וואָלט איבערהויפט נאָר געקאָנט שאַפען אַזאַ שטימונג! אין דער אמת׳ן, דער טויט שרעקט איהם שוין איצט גאָרנישט. אַה, אַליך איז געווען אַזוי נאַריש...

— נו וואָס, טײַערע? — האָט ער זיך געווענדעט צו איהר.

זי האָט זיך צוגעבויגען צו איהם.

— וואָס ווילסטו וויסען?

— אַליך איז מאָדנע נאַריש! ניין?

— יאָ, אַליך, — האָט זי געענטפערט, — אויסער דאָס, אַז איך האָב דיך ליעב און וועל דיך אייביג, אייביג ליעב האָבען.

איהם איז פאַרגעקומען זעהר וואונדערבאַר דער ערנסטער טאָן, מיט וועלכען זי האָט עס געזאָגט. איהר פערזענליכקײַט האָט נישט געהאַט פאַר איהם כּמעט קיין שום אינטערעסע. זי איז געווען בײַ איהם צוזאַמענגעגאָסען מיט דעם אַלעם אַנדערן. יאָ, אַזוי איז עס גוט געווען, אַזוי מוז מען איבערהויפט בעהאַנדלען די זאַכען. אַה ניין, ס׳איז נישט דער ווײַן, נישט דער ווײַן האָט עס איהם אַזוי פרעהליך געמאַכט, דער ווײַן נעהמט נאָר אַראָב פון אונז דאָס, וואָס מאַכט אונז שווער און שרעקענדיג; ער נעהמט אַראָב די וויכטיגקײַט פון זאַכען און מענשען. אָט דאָ, איצט, אַ קליין ביסעל ווײַסען פולווער.. אין גלאָז אַרײַנשיטען — ווי איינפאַך וואָלט דאָס זײַן!... און דערבײַ האָט ער געשפירט, ווי אַ פּאָר טרערען קומען איהם אין די אויגען. ער האָט אויף זיך אַליין אַביסעל רחמנות געקריגען.

דער כאַר אויבען איז שטיל געוואָרען. איצט האָט מען גע־הערט פון דאָרטען די אַפּלאָדיסמענטען און בראַוואָ־פּאַטשערייען, דערנאָך אַ טויבען ליאַרם, און באַלד האָט דאָס אָרקעסטער ווידער אָנגעהויבען קלאַפּען מיט דער יום־טוב׳דיגער פרעהליכקייט אַלע־בעדיג פּאָלאָנעז. פעליקס האָט צוגעקלאַפּט מיט׳ן האַנד צו׳ם טאַקט. אין קאָפּ האָט איהם אַ בליץ געטהון דער געדאַנק: „אַה, דאָס ביסעל לעבען נאָך, לאָמיך עס פערברענגען, ווי איך קאָן“... און אין דער אידעע איז געלעגען נישט קיין שרעקליכעס און שוידער־האַפטעס, נאָר, פערקעהרט, עטוואָס שטאָלצעס, קעניגליכעס. ווי? מיט אַנגסט ערוואַרטען דעם לעצטען אָטעם־צוג, וועלכער שטעהט דאָך פאַר, אין דער אמת׳ן יעדערען? פערגיפטען זיך די טעג און די נעכט מיט בעזע הלומות, דאַן, ווען ער פיהלט ביי זיך טיעף אין האַרצען, אַז ער איז נאָך גענוג שטאַרק און קרעפטיג, אום צו געניסען פון אַלע פערגעניגענס; ווען ער פיהלט, אַז די מוזיק בעגייסטערט איהם, אַז דער ווײַן שמעקט איהם אויסגעצייכענט און אַז ער וואָלט זעהר גערן נעהמען אָט דעם בליהענדען מיידעל אויפ׳ן שויס און אויסגעקושט איהר יעדעס גליעד?... ניין, ס׳איז נאָך אַביסעל צו פריה, זיך צו פערביטערען די שטימונג! און אויב די שעה וועט אָנקומען, ווען ער וועט שוין נישט פעהיג זײַן מעהר צו קיינע בעגייסטערונגען, ווען ער וועט שוין נישט האָבען מעהר קיינע פערלאַנגען, — אַ גיכער סוף מיט׳ן אייגענעם ווילען, שטאָלץ און קעניגליך! ער האָט גענומען מאַריאַ׳ס האַנד און זי לאַנג געהאַלטען אין זײַנער, פאַמעליך וואַרמענדיג זי מיט זײַן אָטעם.

— טײַערער, — האָט מאַריאַ געפּליסטערט מיט דעם אויסדריק פון גליק.

ער האָט איהר בעטראַכט מיט אַ לאַנגען בליק. און שען איז זי געוועזען... שען!...

— קום — האָט ער דאַן געזאָגט.

— לאָמיר אפשר הערען נאָך איין נומער? — האָט זי מיט אַ אונגעצוואונגענעם טאָן געפרעגט.

— אַ יאָ, — האָט ער געזאָגט. — מיר וועלען עפנען אונזער פענסטער און דער ווינט וועט אונז אַרײַנברענגען דעם ליעד אין צימער.

— דו ביזט שוין מיעד? — האָט זי עטוואָס אונרוהיג גע־פרעגט.

ער האָט איהר צערטליך געגלעט די האָר און געלאַכט:

— יאָ.

— טאָ קום.

זיי זענען אויפגעשטאַנען און אַרויסגעגאַנגען פון גאָרטען. זי האָט גענומען זיין אָרעם, האָט זיך פעסט אָנגעהאַלטען אָן איהם און אָנגעשפאַרט איהר באַק אָן זיין אַקסעל. זיי זענען געגאַנגען, און דער כאָר האָט זיי בעגלייט, קלינגענדיג אין דער לופט אַלץ ווייטער און הייטער. פרעהליך, איבערלוסטיג האָט געקלונגען דער מאָטיוו פון וואַלס, און אונטער זיינע טענער האָבען זיך געהויבען די פיס לייכטער און פרייער. זיי זענען צוגעקומען צום האָטעל אין אַ פאָר מינוט, און ווען זיי זענען אַרויף אויף די טרעפ האָט מען פון דער מוזיק גאָרנישט געהערט. ווי זיי זענען אָבער אַריין אין צימער, האָט זיי ווידער אַנטקעגען-געשאַלט דער לעבעדיגער וואַלס-מאָטיוו מיט זיין גאַנצער אויסגעלאַסענקייט.

זיי האָבען געפונען די פענסטער אָפען אינגאַנצען, און די בלייכע לבנה-נאַכט האָט זיך מיט ווייכע שטראָמען אַריינגעגאָסען אין צימער. געגענאיבער האָט זיך געזעהן דער מענכסבערג מיט די שאַרפע קאָנטורען פון שלאָס. מ'האָט נישט געדאַרפט אָנצינדען קיין פייער: איבער'ן פאָדלאָגע האָט זיך געצויגען אַ ברייטער פאַס פון זילבערנעם לבנה-גלאַנץ, און נאָר די ווינקלען פון צימער זענען געבליבען פינסטער. אין איינעם פון זיי, האַרט ביים פענסטער, איז געשטאַנען אַ לעהנשטוהל, פעליקס האָט זיך אַריינגעוואָרפען אין איהם און מיטגעצויגען מאַריאַ'ן מיט זיך. ער האָט זי געקושט און זי האָט איהם אָבגעקישט צוריק. אים פאַרק אויבען האָט זיך דאָס ליעד געענדיגט, די אַפלאָדיסמענטען האָבען זיך אָבער געצויגען אַזוי לאַנג, אַז מ'האָט עס געמוזט נאָכאַמאָל פון אָנהויב איבער-זינגען. פלוצלונג האָט זיך מאַריאַ אַ הויב געטהון און איז צוגע-לאָפען צום פענסטער.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט פעליקס געפרעגט.

— ניין, ניין!...

ער האָט געטופעט מיט די פיס אָן דרערד.

— פאַרוואָס — ניין?

— פעליקס! — זי האָט בעטענדיג צוזאַמענגעלעגט די הענד.

— ניין? — האָט ער געפרעגט מיט צוזאַמענגעפרעסטע צייה-

נער, — נײן? איך זאָל מיך בעסער, הײסט עס, אנשטענדיג פאַר־בערײטען צום טױדט?

— אָ, פעליקס! — און אין דער מינוט איז זי שױן געלעגען פאַר איהם און האָט זײַנע קניע אײַנגעשלאָסען.

ער האָט זי צוגעצױגען צו זיך.

— דו ביזט נאָך אַ קינד, — האָט ער געפליסטערט, דער־נאָך האָט ער איהר אין אױער אַרײַנגערױמט: איך האָב דיך ליעב, דו װײסט עס? און מיר װעלען גליקליך זײַן אַזױ לאַנג, ביז דאָס ביסעל לעבען װעט זיך ציהען. איך זאָג זיך אָב פון אַ גאַנץ יאָהר לעבען אין אַנגסט און פײַן, — איך װיל בעסער אַ פּאָר װאָכען, אַ פּאָר טעג און נעכט. די פּאָר טעג װעל איך אָבער לעבען, איך װיל מיר קײן זאַך נישט אָבזאָגען, קײן זאַך נישט, און דערנאָך — דאָ אַראָב, אױב דו װילסט, — און אַרומנעהמענדיג איהר מיט אײן האַנד, האָט ער מיט דער צװײטער אָנגעװיזען אַהין, װאו ס'האָט זיך געצױגען דער טײַך. די זינגער האָבען זײער ליעד געענדיגט, און מ'האָט געקאָנט איצט הערען דעם שטילען געריוש פון װאַסער.

מאַריאַ האָט גאָרנישט געענטפערט. זי האָט מיט בײדע הענד פעסט אַרומגענומען זײַן האַלז. פעליקס האָט געטרונקען דעם אַראָמאַט פון איהרע האָר. װי האָט ער עס איהר פערגעטערט! יאָ, נאָך אַ פּאָר טעג גליק און דערנאָך—

---

אַרום איז אַלץ שטיל געװאָרען, און מאַריאַ איז געשלאָפען איהם בײַ זײַט. דאָס קאָנצערט האָט זיך שױן לאַנג געענדיגט, און אונטער'ן פענסטער האָט זיך אַלע מאָל געהערט אַ הױכער שמועס און אַ געלעכטער — דאָס האָבען זיך אומגעקעהרט אַהײם די לעצטע אַנטײלנעהמער פון דעם יום־טוב. און פעליקס האָט געטראַכט, װי מאָדנע דאָס איז, װאָס די דאָזיגע פרעהליכע מענשען, װענען אפשר די זעלביגע, װעלכע האָבען מיט זײער זינגען געמאַכט אױף איהם אַזאַ שטאַרקען אײַנדריק. ענדליך, איז אױך דער לעצטער קול אַנטשװיגען געװאָרען, און איצט האָט ער געהערט נאָר דאָס קלאָגענדע רױשען פון װאַסער. — יאָ, נאָך אַ פּאָר טעג און נעכט און דערנאָך — זי האָט דאָך אַזױ ליעב געהאַט דאָס לעבען! װעט זי עס װאַגען? זי דאַרף אָבער גאָרנישט אָנהױבען צו זאַגען, זי דאַרף פון קײן זאַך נישט װיסען. װען ס'איז װעט זי

אַיינשלאָפֿען אין זײַנע אָרעמס, אַזוי ווי איצט — און זיך שוין מעהר ניט אויפֿהאַפּען. און ווען ער וועט שוין אין דעם גאַנץ זיכער זײַן, — יאָ, דאַמאָלס, קאָן ער אויך אַוועקגעהן. ער וועט איהר אָבער גאָרניט זאָגען: צו־ליעב האָט זי דאָס לעבען! זי וועט זיך אָנהויבען שרעקען פֿאַר איהם, און ער וועט מוזען אַם ענדע אַליין... אָ שרעקליך! דאָס בעסטע וואָלט זײַן אָט איצט גלײַך — — זי שלאָפֿט אַזוי געשמאַק! איין פֿעסטער דריק דאָ בײַם האַלז, און ס'איז פֿערטיג. ניין, דאָס וואָלט זײַן נאַרעש! איהם שטעהען נאָך פֿאָר אַ סך גליקליכע שעה'ען; ער וועט שוין וויסען, וועלכע ס'איז די לעצטע. ער האָט בעטראַכט מאַריאַ'ן, און איהם האָט זיך געדאַכט, אַז ער האַלט זײַן שלאָפֿענדער שקלאַפֿין אין די אָרעמס. —

דער ענטשלוס, בײַ וועלכען ער איז ענדליך געבליעבען, האָט איהם בערוהיגט. אַ גיפֿטיגעס שמייכעלע האָט אַרומגעבלאָנדזשעט אויף זײַנע ליפּען, ווען ער האָט אין עטליכע טעג אַרום אַרומגעשפּאַציערט מיט מאַריאַ'ן איבער די גאַסען און בעמערקט, אַז וועלכע ס'איז מאַנספּערזאָן קוקט אויף איהר מיט בעוואונדערונג. און ווען זיי זענען צוזאַמען געפֿאָהרען שפּאַציערען, ווען זיי זענען געזעסען פֿאַרנאַכט אין גאָרטען, און בײַנאַכט, ווען ער האָט זי געהאַלטען אַרומגענומען, — האָט ער איבערגעלעבט אַ בעזונדער שטאָלצען געפֿיהל פֿון בעזיצען, אַזעלכען, וועלכען ער האָט נאָך קיינמאָל ניט איבערגעלעבט. נאָר איין זאַך האָט איהם אָפּט געשטערט: דאָס, וואָס זי וויל ניט געהן מיט איהם פֿרייוויליג. ער האָט אָבער געהאַט בעוויזען אויף דעם, אַז דאָס וועט איהם אויך געלינגען. זי האָט שוין ניט געוואַגט, זיך אַנטקעגענצושטעלען זײַנע שטורמישע בענעהמונגען און בעגעהרען, זי איז קיינמאָל ניט געווען אַזוי טרוימעריש איבערגעגעבען, ווי אין די לעצטע נעכט, און מיט אַ ציטערדיגער פֿרייד האָט ער געזעהן אָנקומענדיג יענעם מאָמענט, ווען ער וועט זיך ענטשליסען איהר צו זאָגען: „היינט שטאַרבען מיר". ער האָט אָבער דעם מאָמענט כסדר אָבגעלעגט. אַמאָל האָט ער זיך פֿאָרגעשטעלט די ראָמאַנטישע איינצעלהייטען פֿון יענער מינוט: ווי ער זעצט איהר אַריין דעם מעסער אין האַרצען, און ווי זי, אַרויסלאָזענדיג דעם לעצטען אָטעם־צוג, וועט קושען זײַן געליעבטע האַנד. ער האָט זיך אַלע מאָל געפֿרעגט, צי זי איז שוין גרייט דערצו. ער האָט אָבער געמוזט צווייפֿלען אין דעם.

איינמאָל אין דער פריה, ווען מאַריאַ האָט זיך אויפגעהאַפּט, האָט זי זיך שטאַרק דערשראָקען: פעליקס איז נישט געווען — נעבען איהר. זי האָט זיך אויפגעהויבען אויפ'ן בעט, און ערשט דאַן האָט זי איהם געזעהן זיצענדיג אין לעהנשטוהל ביי'ם פענסטער, טויט בלאַס, דעם קאָפּ אַראָבגעזונקען און דאָס העמד איבער דער ברוסט אָפען. דורכגענומען מיט אַ שוידערנדער אַנגסט האָט זי זיך אַ וואָרף געטהון צו איהם מיט אַ געשריי:

— פעליקס!

ער האָט אויפגעמאַכט די אויגען.

— וואָס? ווי?

ער האָט זיך אַ האַפּ געטהון ביי'ם ברוסט און געזייפצט.

— פאַרוואָס האָסטו מיך נישט אויפגעוועקט? — האָט זי אויסגעשריען מיט פערבראָכענע הענד.

— איצט איז מיר בעסער, — האָט ער געזאָגט.

זי איז צוגעלאָפען צו'ם בעט, האָט אַ האַפּ געטהון די דעקע און אַוועקגעלעגט זי איהם איבער די קניע.

— זאָג מיר, אום גאָטעס ווילען, ווי אַזוי קומסטו אַהער?

— איך ווייס נישט... מסתמא אין שלאָף. אימיצער האָט מיך אָנגענומען פאַר'ן האַלז. איך האָב נישט געקאָנט אָטעמען. איך האָב גאָרנישט געטראַכט וועגען דיך. דאָ, ביי'ם פענסטער, איז געוואָרען בעסער.

מאַריאַ האָט שנעל אַרויפגעהאַפּט אויף זיך אַ קלייד און פער־מאַכט דעם פענסטער. ס'האָט געבלאָזען אַ אונאַנגענעהמער ווינט, און איצט האָט אָנגעהויבען צו קאַפּען פון גרויען הימעל אַ פייַנער רעגען, וועלכער האָט אַריינגעיאָגט אין צימער אַ פייַכטע לופט. דאָס צימער האָט דעריבער גלייך פערלאָרען די גאַנצע בעקוועמליכ־קייט פון דער זומער־נאַכט און איז געוואָרען גרוי און פרעמד. מיט איין מאָל האָט זיך אַ ווייַז געטהון אַ אומעטיגער הערבסט־פריהמאָרגען, און האָט פערטריעבען דעם גאַנצען צויבער, וועלכען זיי האָבען זיך דאָ געהאַט איבערגעגעבען.

פעליקס איז געווען פאָלקאָם רוהיג.

— פאַרוואָס שטעלסטו אָן אַזעלכע דערשראָקענע אויגען? וואָס איז דאָ אַזוי? בייזע חלומות האָב איך אין געזונדטע טעג אויך געהאַט.

האָט זיך נישט געלאָזען בערוהיגען.

— איך בעט דיך, פעליקס, לאָמיר פאָהרען צוריק, לאָמיר פאָהרען קיין וויען.

— אָבער...

— דער זומער איז דאָך שוין סיי־ווי־סיי אַריבער. זעה נאָר, ס'אַראַ אומעט, ס'אַראַ עלענדקייט! ס'וועט ווערען קאַלט, און דאָס איז געפעהרליך אויך.

ער האָט איהר אויפמערקזאַם אויסגעהערט. צו זיין איינגענער ערשטיינונג האָט איהם גראַדע איצט בעהערשט אַ בעזונדער אַנגענעהמעס געפיהל, עהנליך צו דער מידקייט פון אַ מענשען, וואָס האַלט אין געזונד ווערען. דער אָטעם איז איהם לייכט געוועזען, און אין דער שוואַכקייט, וואָס האָט איהם אַרומגענומען, איז געלעגען עטוואָס זיסעס, איינשלעפערנדעס. דאָס, אַז זיי דאַרפען אַוועקפאָהרען פון דאַנען, האָט פאָלקאָם געשטימט מיט זיין פערלאַנג. דער געדאַנק וועגען דער ענדערונג פון אָרט, האָט נאָך, פערקעהרט, געהאַט אין זיך אַ סך סימפּאַטישעס פאַר איהם. איהם איז זעהר אַנגענעהם געוועזען, צו ליעגען אינ'ם קיהלען רעגען־טאָג אין קופּע, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָן מאַריאַ'ס ברוסט.

— גוט, — האָט ער געזאָגט, — מיר פאָהרען אַוועק.

— היינט נאָך?

—, היינט נאָך. אויב דו ווילסט, וועלען מיר פאָהרען מיט דעם נאָכמיטאָגס־שנעל־צוג.

— דו וועסט אָבער נישט מיעד זיין?

— אַה, וואָס פאַלט דיר איין! איז דען דאָס פאָהרען אַזוי אַנשטרענגענד!? ווי? און דערצו וועסטו דאָך אויך זעהען מיך פערזאָרגען מיט אַלעם נויטיגען, ניין?

———

זי איז געוועזען אונענדליך צופריעדען דערפון, וואָס זי האָט איהם אַזוי לייכט איבערגערעדט צו'ם פאָהרען. גלייך האָט זי אָנגעהויבען אַליין צו צוגרייטען צו דער רייזע, האָט בעצאָהלט דעם רעכנונג, בעשטעלט אַ עקיפּאַזש און געלאָזען אויף די באַהן צוגרייטען פאַר זיי אַ בעזונדער קופּע. פעליקס האָט זיך באַלד אָנגעטהון, ער איז אָבער נישט אַרויסגעגאַנגען פון צימער און געלעגען דעם גאַנצען פאַרמיטאָג אויפ'ן דיוואַן. ער האָט זיך איינגעקוקט, ווי

מאַריאַ איז אַרומגעלאָפען בעשעפטיגט איבער'ן צימער אַהין און אַהער, און געשמייכעלט צו ביסלעך. אַממעהרסטען אָבער האָט ער געדרעמעלט. ער איז געווען אַזוי מיעד, אַזוי מיעד, און אַ קוקטהוענדיג אויף איהר, האָט איהם אינערליך אַ סך פערגניגען פערשאַפט דער געדאַנק, אַז זי וועט בלײַבען מיט איהם, אומעטום, און האַלבשלאָפענדיג האָט ער גע'חלומ'ט וועגען דעם, ווי זיי וועלען צוזאַמען רוהען, צוזאַמען טוידט זײַן. „באַלד, באַלד", — האָט ער געטראַכט. און אין דער אמת'ן איז עס איהם נאָך קײנמאָל אַזוי ווײַט נישט פאָרגעקומען.

און ריכטיג אַזוי, ווי ער האָט זיך עס אין דער פריה פאָרגעשטעלט, איז פעליקס איצט, נאָכמיטאָג, געלעגען אי'ם קופּע פון צוג, בעקוועם אין דער לענג אויסגעצויגען, דעם קאָפּ אָן מאַריאַ'ס ברוסט אָנגעשפּאַרט און אײַנגעוויקעלט אין פּלעד. דורך די פערמאַכטע פענסטער האָט ער אַרויסגעקוקט אינ'ם גרויען טאָג, געזעהן, ווי ס'קאַפּעט דער רעגען און פערוונקען זײַן בליק אינ'ם נעבעל, פון וועלכען ס'האָבען זיך פון צײַט צו צײַט אַרויסגעזעהן בערגלעך און הײַזער. פערבײַ זיי זענען געפלויגען די טעלעגראַפען־סלופּעס, און די דראָטהען האָבען געטאַנצט אַרויף און אַראָב; אַלע מאָל האָט זיך דער צוג אָבגעשטעלט אויף אַ קלײנער סטאַנציע, און זײַן פּאָזע אָבער, ווי ער איז געלעגען, האָט פעליקס די מענשען, וועלכע האָבען אַרומגעשפּאַצירט איבער'ן וואָקזאַל־פּלאַץ, נישט געקאָנט זעהן. ער האָט נאָר געהערט טויבע טריט, שטימען און דערנאָך אַ קלונג מיט אַ פײַף. אין אָנהויב האָט איהם מאַריע פאָרגעלייענט די צײַטונג, זי האָט אָבער איהר שטימע געמוזט צופיעל אָנשטרענגען, און באַלד האָבען זיי עס אויפגעהערט. ביידע זענען געווען פרעהליך, צופריעדען דערפון, וואָס זיי פאָהרען אַהיים.

ס'איז געוואָרען פאַרנאַכט, און דער רעגען האָט נאָך אַלץ געקאַפּעט. פעליקס האָט געפיהלט דאָס בעדערפניש צו טראַכטען וועגען עפּעס, זײַנע געדאַנקען זענען אָבער אַזוי ווי צושוואומען געוואָרען, און איהם האָט זיך נישט אײַנגעגעבען, זיך אָבצושטעלען אויף איין זאַך. ער האָט געטראַכט: אָט ליעגט דאָ אַ שווער קראַנקער מענש... ער איז געווען ביז אַהער אין די בערג, ווײַל די שווער־קראַנקע מענשען פאָהרען דאָרטען זומער... און דאָ איז זײַן געליעבטע... זי האָט איהם טרײַ געפּפלעגט און איצט איז

זי מיעד דערפון... זי זעהט אויס אזוי בלאס, און אפשר מאכט דאס נאר די באלייכטונג?... אה יא, אויבען ברענט שוין דער לאמפ. אבער אין דרויסען איז נאך נישט גאנץ פינסטער... און איצט קומט דער הערבסט... דער הערבסט איז אזוי טרויריג און שטיל... היינט אין אבענד וועלען מיר ווידער זיין אין וויען, אין אונזער צימער... דארט וועט זיך מיר דאכטען, אז איך בין גאר קיינמאל פון דארטען נישט אוועקגעפאהרען... אה, ווי גוט ס'איז, וואס מאריא שלאפט, איך וואלט איצט נישט וועלען הערען איהר שטימע... איז דא פערהאן אין צוג עפעס נאך ווער פון דעם זיננגער-יום-טוב?... איך בין נאר מיעד, איך בין גארנישט קראנק... אין צוג זענען פערהאן א סך געפעהרליכערע קראנקע, פון מיר... אה, ווי גוט ס'איז איינזאם צו זיין... ווי מאדנע האב איך היינט פערבראכט דעם גאנצען טאג!... איז עס דען ווירקליך היינט געוועזען, ווען איך בין עס אין זאלצבורג געלעגען אויפ'ן דיוואן?... דאס איז שוין אזוי לאנג... יא, צייט און ארט, וואס וויסען מיר דערפון?... דאס רעטעניש פון דער וועלט, — ווען מיר שטארבען, לעזען מיר עס אפשר... און איצט האט איהם געקלונגען עפעס א מעלאדיע אין אויער. ער האט געוואוסט, אז דאס איז געוועזען נאר דאס גערויש פונ'ם פאהרענדען צוג... און דאך איז עס געוועזען א מעלאדיע... א פאלקסליעד... א רוסישעס... איינטאניג... זעהר שען.

— פעליקס, פעליקס!

— וואס איז?

מאריא איז געשטאנען פאר איהם און געגלעט איהם די באקען.

— דו ביזט גוט געשלאפען, פעליקס?

— וואס אזוינס איז פארגעקומען?

— אין א פיערטעל שעה ארום וועלען מיר זיין אין וויען.

— אח, ס'קאן נישט זיין.

— דאס איז געוועזען א געזונדטער שלאף; ער וועט דיר שטארקען.

זי האט צוזאמענגענומען די זאכען און דער צוג איז געלאפען אלץ ווייטער, ווייטער דורך דער ביינאכטיגער פינסטערניש. פון מינוט צו מינוט האט זיך געהערט א שארפער, אויסגעצויגענער פייף, און דורך די שויבען האבען פון דרויסען שנעל פערביי געבליצט בינקלענדע פייערלעך. זיי זענען שוין געוועזען נאהנט פון וויען.

פעליִקס האָט זיך אַניִדערגעזעצט.

— איִך בּיִן זעהר מיִעד פון ליִעגען אַזוֹי לאַנג, — האָט ער געזאָגט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט איִן ווינקעל און אַרוֹיסגעקוּקט דורכ'ן פענסטער. פון דער ווייטען האָבּען זיך שוֹין געזעהען די בּליִשצענדע גאַסען פון שטאָדט. דער צוג איִז געפאָהרען לאַנג־זאַמער. מאַריע האָט אוֹיפגעעפענט דעם פענסטער פון קוּפּע און אַרוֹיסגעשטעקט דעם קאָפּ. דער צוג איִז צוּגעפאָהרען צוּ'ם וואָקזאַל.

— ער איִז דאָ, ער איִז דאָ!

— ווער?

— אַלפרעד!

— אַלפרעד?

זי האָט נאָך אַלץ געוואוּנקען מיִט'ן האַנד. פעליִקס איִז אוֹיפגעשטאַנען און געקוּקט איִן פענסטער איִבּער איִהרע אַקסלען. אַלפרעד איִז שנעל צוּגעלאָפען צוּ'ם קוּפּע און אַרוֹיפגעלאַנגט מאַריאַ'ן די האַנד.

— וואָס מאַכט איִהר! פעליִקס, סערוואוּס!

— ווי קוּמסטוּ אַהער?

— איִך האָבּ זיי טעלעגראַפּיִרט, — האָט מאַריע שנעל געזאָגט, — אַז מיִר קוּמען אָן.

— דוּ בּיִזט מיִר שוֹין איִין מאָל אַ אָרענטליִכער מענש, — האָט אַלפרעד בּעמערקט, — ס'איִז ניִשט דאָ וועגען דיִר וואָס צוּ רעדען. שרייבּען אַ בּריִעף איִז פאַר דיִר, ווייזט אוֹיס, אַ אוּנבּעקאַנטע ערפיִנדוּנג. נוּ, קוּם־שוֹין!

— איִך בּיִן אַזוֹי פיִעל געשלאָפען, — האָט פעליִקס געזאָגט, — אַז איִך קאָן נאָך איִצט אוֹיך ניִשט איִנגאַנצען צוּ זיִך קוּמען.

ער האָט געשמייכעלט, אַראָבּגעהענדיִג אוֹיף די טרעפּלעך פון וואַגאָן און זיך וואַקלענדיִג געוואָס.

אַלפרעד האָט איִהם גענוּמען אוּנטער'ן אָרעם, און מאַריאַ, ווי וועלענדיִג זיך אָנהענגען, האָט שנעל אָנגענוּמען זיין אַנדערן אָרעם.

— איִהר מוּזט מסתּמא בּיידע גענוּג מיִעד זיין, וואָס?

— איִך בּיִן איִנגאַנצען אַ דערשלאָגענע; — האָט מאַריאַ געזאָגט. נאָך אַזאַ מיִן אַייזענבּאַהן־רייזע פיִהלט מען זיך, ווי נאָך אַ שווערער אָבּקוּמעניִש. ניין, פעליִקס?

זיי זענען פאַמעליך אַראָבגעגאַנגען פון די טרעפּלעך. מאַריאַ האָט געזוכט אַלפרעד'ס בליק, ער האָט אָבער איהרען אויסגעמידען. אונטען האָט ער צוגערופען אַ עקיפּאַזש.

— איך פרעה מיך אַזוי, וואָס איך זעה דיך, ליעבער פעליקס, — האָט ער דאַן געזאָגט. — מאָרגען אין דער פריה קום איך צו דיר און מיר וועלען אַביסעל לענגער פּלוידערן.

— איך בין נאָך אַלץ פערשלאָפען, — האָט פעליקס נאָכאַמאָל איבערגע'חזר'ט.

אַלפרעד האָט איהם געוואָלט העלפען זיך אַריינזעצען אין עקיפּאַזש.

— אָה, אַזוי שלעכט האַלט עס נאָך נישט, אָ ניין!

ער איז אַליין אַריין אין עקיפּאַזש און האָט דערלאַנגט מאַריאַן די האַנד.

— נו, דו זעהסט?

מאַריאַ איז אויך אַריינגעשטיגען.

— אַלוא, אויפ'ס וויעדערזעהן מאָרגען פריה, — האָט זי געזאָגט, אַרויסדערלאַנגענדיג אַלפרעד'ן די האַנד צום אָבשייד; אין איהר פרעגענדען בליק איז געלעגען אַזוי פיעל אַנגסט, אַז אַלפרעד האָט זיך כמעט געצוואונגען אַ שמייכעל צו טהון.

— יאָ, מאָרגען פריה, איך וועל פריהשטיקען מיט אייך! — האָט ער אויסגעשריען.

דער עקיפּאַזש האָט זיך גערירט. אַלפרעד איז נאָך עטליכע סעקונדען געשטאַנען און אויף זיין געזיכט איז געלעגען אויסגעגאָסען אַ טיעפע ערנסטקייט.

— מיין אָרעמער פריינד! — האָט ער געפליסטערט אין דער שטיל צו זיך אַליין.

------

אויף צומאָרגענס איז אַלפרעד געקומען זעהר פריה, און מאַריאַ האָט איהם עמפפאַנגען ביי'ם טהיר.

— איך מוז מיט אייך רעדען, — האָט זי געזאָגט.

— לאָזט מיך בעסער צו צו איהם. ווען איך וועל איהם שוין האָבען אונטערזוכט, וועט אַלץ, וואָס מיר וועלען האָבען צו רעדען, מעהר זין האָבען.

— איך וויל אייך נאָר איין זאַך בעטען, אַלפרעד! איך

בעט אייך: ווי איהר זאָלט איהם נישט געפינען, — זאָגט איהם קיין זאַך נישט!

— וואָס פאַלט אייך עפּעס איין! איך גלויב גאָרנישט, עס זאָל אַזוי שלעכט זיין. ער שלאָפט נאָך?

— ניין, ער איז אויף.

— ווי האָט ער פערבראַכט די נאַכט?

— ביז פיער אין דערפריה איז ער גוט געשלאָפען, דערנאָך איז ער אַביסעל אונרוהיג געוואָרען.

— לאָזט מיך פריהער אַליין אריין צו איהם. איהר מוזט זעהן צוגעבען אָט דעם קליינעם, בלאַסען פּנים'על אַביסעל מעהר רוהיגקייט. אַזוי, ווי איהר זענט איצט, דאַרפט איהר צו איהם נישט אריינגעהן.

ער האָט איהר שמייכלענדיג געדריקט די האַנד און איז אַליין אריין אינ'ם שלאָפצימער.

פעליקס האָט זיך איינגעוויקעלט אין דער דעקע ביז די אויערן און געשאָקעלט צו זיין פריינד מיט'ן קאָפּ. דער האָט זיך געזעצט ביי איהם אויפ'ן בעט.

— נו, אָט זעהען מיר זיך ווידער גליקליך אין דערהיים. — האָט ער געזאָגט. — דו האָסט דיך גלענצענד ערהאָלט, און דיין מעלאַנכאָליע, ווי איך גלויב, אָבגעשטעלט אין די בערג.

— אָ יאָ! — האָט פעליקס געענטפערט, נישט ענדערנדיג דעם אויסדריק פון געזיכט.

— זעע דיך אַביסעל אַ ניעדער. אַזעלכע פריהע וויזיטען מאַך איך אויסשליסליך נאָר אַלס דאָקטאָר.

— ביטע, — האָט פעליקס געזאָגט גאַנץ גלייכגילטיג.

אַלפרעד האָט דעם קראַנקען אונטערזוכט, געשטעלט איהם עטליכע פראַגען, אויף וועלכע יענער האָט קורץ געענטפערט, און ענדליך געזאָגט:

— נו, יעדענפאַלס קענען מיר צופריעדען זיין.

— הער שוין אויף אַמאָל, מיך צו פיהרען פאַר'ן נאָז, — האָט פעליקס מיט פערדרוס געענטפערט.

— הער דו בעסער אויף זיך נאַרעש מאַכען. מיר דאַרפען זיך איין מאָל פאַר אַלע מאָל די זאַך קלאָר מאַכען. דו מוזט וועלען געזונד ווערען, און נישט אונטערגעבען זיך דעם שפּיעל פון שיקזאַל.

דערפֿון קומט דיר קיין געזונד נישט צו.

— וואָס אַלזאָ האָב איך צו טהון?

— פאַר אַלעמען מוזט אַ פּאָר טעג ליעגען אים בעט, פערשטאַנען?

— איך האָב סיי ווי סיי קיין לוסט נישט אויפצושטעהן.

— איז נאָך בעסער.

פעליקס איז געוואָרען לעבהאַפטער.

— איין זאַך נאָר וואָלט איך וועלען וויסען. וואָס עס איז איינגענטליך נעכטען געוועזען מיט מיר. איך מיין אָהן שפּאַס, אַלפרעד, דו מוזט עס מיר ערקלערען. עפּעס האָב איך מיר געפיהלט, ווי אין אַ טויבען הלום, אי ווען איך בין אין וואַגאָן געזעסען, אי ווען איך בין געקומען, אי ווען איך האָב מיך געלעגט—

— וואָס איז דאָ פערהאַן צו ערקלערען? קיין ריעז בינסט דאָך נישט. דאָס זעלבע קומט פאָר מיט יעדען מענשען, ווען ער איז זעהר מיעד.

— ניין אַלפרעד. אַזאַ שוואַכקייט, ווי די, וואָס איז מיר בעפאַלען נעכטען, איז פאַר מיר אַ גאַנץ נייע ערשיינונג. היינט בין איך אויך נאָך מיעד. דער פערשטאַנד מיינער איז אָבער קלאָר. נעכטען איז עס זאָגאַר גאָרנישט אַזוי שלעכט געוועזען, די עראינערונג אָבער וועגען דעם איז פאַר מיר שרעקליך. ווען איך דערמאָהן מיך איצט וועגען דעם, אַז עס קאָן אַזוינס מיט מיר נאָכאַמאָל פאָרקומען —

אין דער מינוט איז מאַריאַ אַריין אין צימער.

— דו קאָנסט דאַנקען אַלפרעד'ן, — האָט זיך פעליקס אָבגעשטאָפּען צו איהר. — ער האָט דיך געקרוינט מיט דעם טיטול קראַנקען-וואַרטאָרין. איך מוז בלייבען פון היינט אָן בלייבען ליעגען און אָט האָב איך די עהרע, דיך צו בעקאָנען מיט מיין טוידטען-בעט.

מאַריאַ'ס געזיכט האָט זיך פערקרימט פון שרעק.

— לאָזט זיך פון דעם נאָר דעם קאָפּ נישט פערדרעהען. — האָט אַלפרעד געזאָגט. — ער דאַרף עטליכע טאָג ליעגען אין בעט, און איהר וועט אַזוי גוט זיין אַכטונג געבען אויף איהם.

— אַה, דו קאָנסט, אַלפרעד, גאָר קיין אַהנונג נישט האָבען דערפון, — האָט פעליקס אויסגערופען מיט איראָניזירענדער בעגייסטע-

רונג, — וואָס'רע מלאך איך האָב בײַ'ם זײַט!

אַלפרעד האָט געגעבען מאַריאַ'ן ווײַטערדיגע אָנווײַזונגען וועגען דעם, ווי אַרומצוגעהן אַרום קראַנקען, דערנאָך האָט ער זיך גע־ווענדעט צו פעליקס'ן:

— איך ערקלער דיר, מײַן ליעבער פעליקס, אַז מײַן בעזוך אַלס דאָקטאָר וועל איך דיר מאַכען נאָר יעדען צווייטען טאָג. מעהר אָפטע בעזוכען זענען נישט נויטיג. אינ'ם אַנדערן טאָג וועט וועגען דײַן קראַנקהײַט קיין איין וואָרט נישט גערעדט ווערען. אויב איך וועל קומען אַלע טאָג, וועט עס נאָר זײַן, אום צו פלוי־דערען מיט דיר, ווי איך בין געוואָהנט.

— אָ גאָט מײַנער! — האָט פעליקס אויסגעשריגען, — וואָס'רע גרויסער פסיכאָלאָג דער מענש איז. האַלט דיר בעסער די דאָזיגע נאַרעשקײַטען פאַר דײַנע אַנדערע פאַציענטען, בעזונדער פאַר די גאַנץ פרימיטיווע.

— מײַן ליעבער פעליקס, איך רעד צו דיר, ווי אַ מאַנסביל צו אַ מאַנסביל; הער מיך האָטש אײַנמאָל אויס. ס'איז אמת, דו ביזט קראַנק. ס'איז אָבער דאָס אויך אמת, אַז אי'ם פאַל, אויב מ'וועט דיך גוט פפלעגען, וועסטו געזונד ווערען. דאָס איז אַלץ, וואָס איך האָב דיר צו זאָגען.

מיט די ווערטער איז ער אויפגעשטאַנען.

פעליקס האָט איהם נאָכגעקוקט מיט אַ אונצופֿרידענעם בליק.

— מ'וואָלט איהם שוין געקאָנט באַלד גלויבען.

— דאָס איז דײַן זאַך, ליעבער פעליקס, — האָט דער דאָקטאָר קורץ געענטפערט.

— נו, אַלפרעד, איצט האָסטו צוריק אַלץ קאַליע געמאַכט, — האָט געזאָגט דער קראַנקער. — אָט דער גראָבער טאָן אין דער בע־ציהונג צו אַ שווער קראַנקען, איז אַנ'אַלטער, בעקאַנטער שווינדעל.

— אויפ'ס ווידערזעהן מאָרגען, — האָט אַלפרעד געזאָגט, און זיך צוגעווענדעט צו'ם טהיר. מאַריאַ איז איהם נאָכגעגאַנגען; האָט איהם געוואָלט אַרויסבעגלייטען; פעליקס אָבער האָט בעפעה־לעריש געפליסטערט:

— געה נישט! און זי האָט פערמאַכט די טהיר הינטער דעם אַוועקגעהענדען.

— קום אַהער צו מיר, קליינע! — האָט פעליקס געזאָגט,

נאָכדעם ווי זי, אַרויסברענגענדיג אַ שמייכעל אויף איהר געזיכט, האָט זיך געקליבען אַוועקצווזעצען נעהען.

— אָט אַהער, אַזוי. דו ביזט אַ וואויל, זעהר וואויל מעדעל.

די דאָזיגע צערטליכע ווערטער האָט ער אַרויסגערעדט מיט האַרבען, שאַרפען טאָן.

---

אין די קומענדיגע טעג איז מאַריאַ נישט אָבגעטראָטען פון זיין בעט און איז געווען פול מיט גוטסקייט און איבערגעגעבענקייט; דערביי איז איהר גאַנצעס וועזען געווען דורכגעדרונגען מיט אַזאַ רוהיגקייט און מונטערקייט, וואָס האָט זעהר גוט געדאַרפט ווירקען אויפ'ן קראַנקען און האָט טאַקע אָפט ווירקליך גוט געווירקט אויף איהם. אַ סך מאָל אָבער האָט איהם גערייצט די מילדע פרעהליכקייט, מיט וועלכער מאַריאַ האָט איהם געוואָלט אַרומנעהמען, און ווען זי האָט אָנגעהויבען צו פלוידערן וועגען וועלכער ס'איז נייעס, וואָס זי האָט איצט אָקאָרשט געלייענט אין צייטונג, וועגען זיין בעסערען אויסזעהן, אָדער וועגען דעם, ווי זיי וועלען זיך איצט איינאָרדנען זייער לעבען, ווען ער וועט איננאַנצען געזונד ווערען, — האָט ער זי איבערגעשלאָגען אין מיטען און געבעטען, זי זאָל רחמנות האָבען אויף איהם און אויפהערען. אַלפרעד איז געקומען אַלע טאָג, אָפט אויך צוויי מאָל אַ טאָג, ווי ס'האָט אויסגעזעהן, האָט איהם אָבער גאַנץ ווייניג געקימערט דער קערפערליכער צושטאַנד פון זיין פריינד. ער האָט גערעדט פון געמיינזאַמע בעקאַנטע, דערצעהלט מעשיות פון שפּיטאָל און זיך זאָגאַר אַריינגעלאָזען אין ליטעראַרישע און קינסטלערישע געשפרעכען; ער פלעגט אָבער די דאָזיגע שמועסען זיינע אַזוי קונציג אַוועקשטעלען, אַז פעליקס'ן פלעגט נישט אויסקומען צו פיעל צו רעדען דערביי. ביידע, די געליעבטע און דער פריינד, האָבען זיך געהאַלטען אַזוי נישט געצוואונגען, אַזוי פריי, אַז אָפט פלעגט איהם אָנקומען שווער צו פערטרייבען פון זיך די דרייסטע האָפנונגען, וועלכע זענען צודרינגליך צוגעשטאַנען צו איהם. ער האָט זיך געזאָגט, אַז דאָס איז נאָר די פפליכט פון זיי ביידען, צו שפּיעלען פאַר איהם די קאָמעדיע, וועלכע ווערט געוועהנליך געשפּיעלט פאַר שווער־קראַנקע מיט נישט קיין גלייכען ערפאָלג. קוים אָבער איז ביי איהם געבליבען, זיך צוצוקוקען צו זייער קאָמעדיע און אַליין

אויף מיטצושפּיעלען, האָט ער זיך גליַיך געהאַפּט און אַרומגעגעזעהן, אַז ער פּלוידערט וועגען דער וועלט און וועגען מענשען אַזוֹי ווי ווען איהם וואָלט זיַין בּעשטימט נאָך אַ סך יאָהרען אַרוּמצוּוואַנדערען צווישען די לעבּעדיגע אונטער דעם שיַין פון דער זון. און דאַן האָט ער זיך דערמאָהנט, אַז גראַדע דאָס דאָזיגע מאָדנע גוּט פיהלען זיך בּיַי אַזעלכע קראַנקע, ווי ער איז, דיענט אָפט אַלס אָנזאָגער פון דעם נאָהנטען טוידט, און, אַ פערבּיטערטער, אָבּגעטריעבּען פון זיך אַלע האָפנונגען. און ס'איז געקומען זאָגאַר אַזוֹי וויַיט, אַז אין אונבּעשטימטע אַנגסטגעפיהלען אין טרויעריגע שטימונגען האָט ער אָנגעהויבּען צו זעהן גוטע סמנים, און זיך שיער נישט געפרעהט מיט זיי. דערנאָך וויעדער האָט ער איַינגעזעהן, ווי נאַרעש דער דאָזיגער אַרט דענקען איז, און איז געקומען צו דער איבּערציַיגונג, אַז דאָ איז איבּערהויפּט נישט פערהאַן קיין וויסען און קיין זיכערקיַיט. ער האָט צוריק אָנגעהויבּען ליַיענען; די ראָמאַנען אָבּער זענען איהם נישט געפעלען געוואָרען. ער האָט זיי געפונען פאַר לאַנגוויַיליג, און אַנדערע פון זיי, בּעזונדער אַזעלכע, אין וועלכע ס'ווערט מיט רייַכע פאַרבּען געמאָלט אַ בּליהענדעס, געשעהעניש=רייַכעס לעבּען, — האָבּען איהם אַריַינגעבּראַכט אין אַ שלעכטער שטימונג. ער האָט זיך גענומען צו די פילאָזאָפען און האָט געהייסען מאַריאַ'ן, זי זאָל איהם דערלאַנגען פון שאַנק שאָפּענהויער'ן מיט ניעטשע'ן. די דאָזיגע חכמה אָבּער האָט אַ גאַנץ קורצע ציַיט נאָר געווירקט אויף איהם בּערוהיגענד.

איינמאָל אין אַ אָבּענד האָט איהם אַלפרעד געטראָפען דערבּיַי, ווי אַ בּאַנד פון שאָפּענהויער'ס שריפטען איז איהם אַרויסגעפאַלען פון די הענד אויפ'ן דעקע און ער האָט געקוקט מיט אַ טריבּען געזיכט פאַר זיך אינ'ם הלל פון צימער. מאַריאַ איז געזעסען נעבּען איהם בּעשעפטיגט מיט אַ האַנד=אַרבּייט.

— איך וועל דיר עפּעס זאָגען, אַלפרעד, — האָט ער זיך געווענדעט צו'ם אַריַינקומענדען מיט כמעט אַ אויפגערעגטער שטימע, — איך הויבּ וויעדער אָן ליַיענען ראָמאַנען!

— וואָס איז דען?

— דאָס איז האָטש וועניגסטענס אַ אויפריכטיגע מעשה. גוט אָדער שלעכט, פון אַ קינסטלער אָדער פון אַ פּאַפּיער=שמירער — אַ מעשה. די דאָזיגע הערדען אָבּער, — דערבּיַי האָט ער אָנגעוויזען

מיט די אויגען אויף דעם באַנד, וואָס איז געלעגען אויף דער דעקע, — זענען ניעדערטרעכטיגע ליגנער.

— אָהאָ!

פעליקס האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט.

— פערראַכטען דאָס לעבען, ווען מ'איז געזונד ווי אַ גאָט, און דעם טוידט רוהיג אין די אויגען קוקען, ווען מ'פאָהרט אין איטאַליען שפּאַציערען און די וועלט אַרום איז פערשאָטען מיט די פערשיעדענפאַרביגסטע בלומען, דאָס רוף איך גאַנץ איינפאַך פאָזע. פּראָביר נאָר פערשליעסען אַזאַ מין העלד אין אַ קאַמער; פערורטייל איהם צו'ם פיעבער'ן און נישט צו קאָנען אָטעמען; זאָג איהם, אַז צווישען דעם ערשטען יאַנואַר און דעם ערשטען פעברואַר פונ'ם קומענדיגען יאָהר וועט ער אין קבר ליעגען, און דאַן זאָל ער דיר עטוואָס אַזוינס פילאָזאָפירען.

— לאָז אָב! — האָט אַלפרעד געזאָגט. — וואָס זענען עס פאַר'אַ פּאַראַדאָקסען!

— דו פערשטעהסט עס נישט. דו קאָנסט עס נישט פערשטעהן! און מיך עקעלט'ס איינפאַך, איך קאָן עס נישט פערטראָגען. זיי זענען אַלע פראַזיאָרען.

— און סאָקראַט?

— איז געוועזען אַ קאָמעדיאַנט. ווען מ'איז אַ נאַטירליכער מענש, מוז מען פיהלען אַ אַנגסט פאַר דאָס אונבעקאַנטע; אין בעסטען פאַל קאָן מען זי נאָר בעהאַלטען. איך וועל דיר עס גאַנץ עהרליך זאָגען: מ'פעלשט די פּסיכאָלאָגיע פון די שטאַרבענדע, ווייל די אַלע גרויסע מענשען אין דער וועלט-געשיכטע, וואָס מיר ווייסען פון זייער טוידט, האָבען זיך געפיהלט פערפליכטעט, צו שפּיעלען אַ קאָמעדיע פאַר די קומענדע דורות. און איך! וואָס טהו איך דען? וואָס? ווען איך רעד מיט אייך רוהיג וועגען די אַלע פערשיעדענע זאַכען, וואָס הויבען מיך נישט אָן צו אינטערעסירען, וואָס טהו איך דען?

— הער, רעד נישט אַזוי פיעל, און בעזונדער — אַזעלכע נאַרעשקייטען.

— אויך איך פיהל מיך פערפליכטעט, מיך צו פערשטעלען, און אין דער ווירקליכקייט בין איך דאָך דורכגעדרונגען מיט אַזאַ אונבעגרענצטער, וואוטענדער אַנגסט, פון וועלכער קיין געזונד-

טער מענש קאָן זיך גאָר קײַן פאָרשטעלונג נישט מאַכען; און אַזאַ אַנגסט פאַר'ן טוידט האָבען זיי אַלע איבערגעלעבט, די אַלע העלדען און די אַלע פילאָזאָפען, נאָר זיי זענען — אויסגעצייכענטע קאָמעדיאַנטען געווען.

— בערוהיג דיך, פעליקס, — האָט מאַריאַ געבעטען.

— איהר זענט אויך ביידע פעסט איבערצײַגט אין דעם, — האָט דער קראַנקער ווײַטער גערעדט, — אַז איהר קאָנט קוקען דער אייביגקײַט גלײַך אין די אויגען, ווײַל איהר האָט נאָך פון איהר קיין בעגריף נישט. מ'מוז פעראורטיילט זײַן, ווי אַ פערברעכער — אָדער ווי איך, אום צו קאָנען רעדען וועגען דעם. אי דער עלענדער רויבער, וועלכער געהט מונטער צו'ם עשאַפאָט, אי דער גרויסער דענקער, דער פערפאַסער פון קלוגע אַפאָריזמען, נאָכדעם, ווי ער האָט אויסגעלעדיגט דעם גיפט-בעכער, אי דער געפאַנגענער פרײַהײַטס-העלד, וועלכער קוקט מיט אַ שמייכעל אויף דער ביקס, וואָס איז געריכטעט געגען זײַן ברוסט, — זיי אַלע נאַרען אָב, איך ווייס עס; זייער מוט און זייער שמייכלען — אַלץ איז נישט מעהר, ווי אַ פּאָזע, וואָרום אַלע זיי זענען פול מיט אַנגסט, מיט דער שרעקליכסטער אַנגסט פאַר'ן טוידט, וועלכע איז אַזוי נאַטירליך, ווי דער טוידט אַליין!

אַלפרעד האָט זיך רוהיג אַוועקגעזעצט אויפ'ן בעט, און ווען פעליקס האָט געענדיגט האָט ער איהם געענטפערט:

— ווי דאָס זאָל נישט זײַן, איז עס נישט קלוג פון דײַן זײַט, אַזוי פיעל און אַזוי הויך צו רעדען. און צווייטענס, ביזטו נאַרעש, ווי עס קאָן נאָר זײַן און דערצו נאָך אַ אײַנגע'עקשנ'טער היפּאָכאָנדער!

— עס געהט דאָך דיר איצט אַזוי גוט, — האָט מאַריאַ אויסגערופען.

— זי גלויבט טאַקע וויִרקליך אין דעם? — האָט זיך פעליקס געווענדעט צו אַלפרעד'ן. — פאַרוואָס זאָלסטו איהר איינמאָל פאַר אַלע מאָל נישט ערקלערען אַלץ, ווי עס איז?

— ליעבער פרײַנד, — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט, — אויב אימיצער נויטיגט זיך דאָ יאָ אין אַ ערקלערונג, איז עס נישט קיין אַנדערער, ווי דו. היינט אָבער ביזטו בעזונדער אײַנגע'עקשנ'ט, און איך מוז מיך אָבזאָגען פון יעדע ערקלערונג. אין צוויי-דרײַ טעג אַרום,

אויב דו ווְעסט נאָר אִין מִיטען נִישט האַלטען קֵיין לַאנגע רעדעס, װעסטו בעשטִימט קאָנען אויפשטעהן, און דאַן װעלען מִיר אָבהאַלטען אַ לענגערע בעראַטונג אויך וועגען דיין גייסטיגען צושטאַנד.

— וועןְ אִיך װאָלט נאָר דִיך אַזוי גוט נִישט קאָנען, — האָט פעלִיקס געזאָגט.

— נו נו, עס וועט שוין גוט זיין, — האָט אַלפרעד געענטפערט. — און אִיהר מאַכט נִישט אַזאַ קלאָגעדִיגע מִינע, — האָט ער זִיך געווענדעט צו מאַריאַ'ן, — דער הערר וועט נאָך אויך אַמאָל קלִיגער ווערען. אִיצט זאָגט מִיר אָבער, פאַרוואָס אִיז עס בַיי אייך קֵיין פענסטער נִישט אָפען? היינט אִיז דאָך דער שענסטער הערבסט-טאָג, וואָס מ'קאָן זִיך נאָר פאָרשטעלען.

מאַריאַ אִיז אויפגעשטאַנען און האָט געעפענט אַ פענסטער. עס האָט אָנגעהויבען דונקעל ווערען, און די לופט, וואָס האָט זִיך אַריינגעריסען אִין צִימער, אִיז געוועזען אַזוי ערקוויקענד, אַז מאַריאַ האָט געפִיהלט דעם פערלאַנג, זִיך וואָס לענגער צו לאָזען גלעטען פון אִיהר. זִי אִיז געבלִיבען שטעהן בַיי'ם פענסטער און האָט אַרויסגעבויגען דעם קאָפּ. זִי האָט זִיך געפִיהלט פלוצלונג, ווי ווען זִי וואָלט דעם צִימער אַליין האָבען פערלאָזען. אִיהר האָט זִיך געדאַכט, אַז זִי אִיז אויף דער פריַיהייט, און אַ סך טעג שוין האָט זִי נִישט אִיבערגעלעבט אַזעלכע אַנגענעמע עמפפִינדונגען. אִיצט, ווען זִי האָט דעם קאָפּ צורִיק אִין צִימער אַריינגענומען, האָט אִיהר אַנטקעגען-געשטראָמט די גאַנצע פערשטִיקטקייט פון דעם צִימער מִיט'ן קראַנקען, און אִיהר פערקוועטשט די ברוסט. זִי האָט געזעהן, ווי פעלִיקס מִיט אַלבערט'ן רעדען צווִישען זִיך, און האָט די ווערטער נִישט געקאָנט הערען דייטלִיך; זִי האָט אָבער אויך קֵיין לוסט נִישט אָנגעהויבען שפִירען, זִיך צו בעטיילִיגען אִין דעם שמועס. זִי האָט זִיך אָנגעשפאַרט אָן פענסטער און אַרויס-געשטעקט דעם קאָפּ. אִין גאַס אִיז געוועזען גענוג שטִיל און פוסט, און נאָר פון דער דערבייאִיגער הויפט-גאַס האָט זִיך געהערט אַ פערטויבטעס גערויש פון רעדער. אַ פאָר שפאַצִיער-געהער'ס זענען זִיך בעקוועם געגאַנגען אויפ'ן טראָטואַר. פאַר'ן טויער פונ'ם שטוב געגענאִיבער זענען געשטאַנען עטלִיכע דִיענסטמעדלעך, וועלכע האָבען געפלוידערט און געלאַכט. איין יונגע פרוי אִין דעם הויז געגענאִיבער האָט אויך, אַזוי ווי מאַריאַ, אַרויסגעקוקט דורכ'ן פענ-

סטער, און מאַריאַ האָט אין דער מינוט נישט געקאָנט בעגרייפען, פאַרוואָס די דאָזיגע פרוי געהט בעסער נישט שפּאַציערען. זי האָט אַלע מענשען מקנא געווען, — אַלע זענען געווען גליקליכער פון איהר.

---

ס'זענען אָנגעקומען ווייכע, בעקוועמע סעפּטעמבער־טעג. די אָבענדען האָבען זיך געשטעלט פריה, זיי זענען אָבער געבליבען וואַרעם און נישט־ווינטיג.

מאַריאַ האָט זיך ביסלעכווייז צוגעוועהנט, אָבצורוקען איהר שטוהל פון קראַנקען'ס בעט, אַזוי אָפט, ווי דאָס איז נאָר מעגליך געוועזען, און זיך אַוועקצוזעצען ביי'ם אָפענעם פענסטער. דאָרט איז די אָבגעזעסען שעה'ען־לאַנג, בעזונדער דאַן, ווען פעליקס האָט געדרעמעלט. אַ טיעפע מיעדקייט האָט איהר אַרומגענומען איהר גאַנצען וועזען; זי האָט אינגאַנצען פערלוירען די פעהיגקייט, זיך צו מאַכען אַ קלאָרע פאָרשטעלונג פון דער לאַגע, און אין אַלגעמיין דעם השק, צו טראַכטען. ס'זענען אַריבערגעגאַנגען גאַנצע שעה'ען, און אין איהר בעוואוסטזיין איז נישט אַריינגעקומען נישט קיין ערוויגערונג, און נישט קיין געדאַנק וועגען דער צוקונפט. מיט אָפענע אויגען איז זי געזעסען און גע'חלומ'ט און איז געווען צופריעדען שוין דערמיט אַליין, וואָס פון גאַס האָט אַ ביסעל פרישע לופט איהר געבלאָזען אין געזיכט. דאַן ווידער, ווען צו איהר אויער האָט זיך דערטראָגען אַ לייכטער זיפץ פון קראַנקען'ס בעט, איז זי אַ דערשראָקענע אויפגעשפרונגען פון אָרט. זי האָט בעמערקט, אַז דאָס געפיהל פון מיטלייד איז ביי איהר וואָס ווייטער אַלץ שוואַכער און פרעמדער געוואָרען. איהר מיטלייד איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ נערוועזע אויפרעגונג און איהר שמערץ — אין אַ מישמאַש פון אַנגסט און גלייכגילטיגקייט. זי האָט זיך געוואוס נישט געהאַט וואָס פאָרצוואַרפען, און ווען דער דאָקטאָר האָט דאָ נישט לאַנג גאַנץ קֶרנסט איהר אָנגערופען „מלאך", האָט זי זיך נישט געפיהלט אַזוי שטאַרק פערשעמט. זי איז אָבער געווען מיעד, שרעקליך מיעד. איצט איז זי שוין באַלד צעהן אָדער צוועלף טאָג פון שטוב נישט אַרויסגעטרעטען. פאַרוואָס? פאַרוואָס? וועגען דעם וואָלט נישט געשאַדט אַ קלער צו טהון. ס'פערשטעהט זיך, דערפאַר, — האָט עס איהר פּלוצלונג אַ בליץ געטהון אין קאָפּ, — וואָס דאָס

האָלט פעליקס'ן זעהר געקרענקט! און זי איז דאָך גערן גע־בליעבען ביי איהם, געווים. זי האָט איהם איצט ליעב נישט ווענינער, ווי פריהער. נאָר מיעד איז זי געוועזען, און דאָס איז דאָך גאַנץ נאַטירליך. און איהר בענקשאַפט נאָך אַ פּאָר שעה זיך דורכגעהן אויפ'ן פרייען לופט איז געוואָרען אַלץ דרינגענדער. איז דאָס נישט אַ קינדעריי — זיך אָבצוזאָגען דערפון? ער מוז דאָך עס, ענדליך, אויך איינזעהן. און איצט איז איהר ווידער קלאָר געוואָרען, ווי אומבעגרענעצט עס מוז זיין איהר ליעבע צו איהם, ווען זי אַליין זוכט איהם צו פערהיטען פון אַ צווייפעלהאַפטען שאָטען זאָגאַר, פון אַ צווייפעלהאַפטער קרענקונג. זי האָט איהר נעה־אַרבייט גע־לאָזען אַרויסגליטשען זיך פון איהרע הענד און געוואָרפען אַ בליק אויפ'ן בעט, האַרט ביי'ם וואַנד, וואָס איז שוין אינגאַנצען געווען איינגעהילט אין דער דונקעלהייט. ס'איז געוועזען פאַרנאַכט, און דער קראַנקער, פערברענגענדיג רוהיג דעם טאָג, איז איינגעשלאָפען. איצט וואָלט זי געקאָנט אַוועקגעהן, און ער וואָלט זאָגאַר גאָרנישט אָנהויבען וויסען דערפון. אַה יאָ, דאָ אַראָב, און דאָרט אַרום ווינקעל, און ווידער אַמאָל אין מיטען גאַס צווישען מענשען און אי'ם שטאָדט־פּאַרק און דערנאָך אויפ'ן רינג און דעם אָפּערן־טעאַטער פערבייגעהן, וואו די עלעקטרישע לעמפּלעך ברענען, אינמיטען, אין דעם מענשליכען טומעל, און נאָך דעם טומעל בענקט זיך דאָך אַזוי שטאַרק. ווען אָבער וואָלט דאָס געקאָנט זיין? דאָס וואָלט געקאָנט פאָר־קומען דאַן, ווען פעליקס ווערט ווידער געזונד; און וואָס זענען פאַר איהר די גאַס און דער פּאַרק און די מענשען! וואָס איז פאַר איהר דאָס גאַנצע לעבען אָהן איהם!

זי איז געבליעבען אין שטוב, און האָט צוגערוקט איהר שטוהל נאָהנט צו זיין בעט. זי האָט גענומען די האַנד פון'ם שלאָפענדען און געוויינט מיט שטילע, טרויעריגע טרערען; און אויך דאַן זאָגאַר, ווען איהרע געדאַנקען האָבען איהר פערטראָגען ווייט פון דעם מענשען, אויף וועמענס האַנד עס זענען געפאַלען איהרע טרערען, האָט זי נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט צו וויינען.

---

ווען אַלפרעד האָט בעזוכט פעליקס'ן נאָך מיטאָג, האָט ער איהם געפונען פרישער, ווי אין די לעצטע טעג.

— ווען עס וועט אַזוי געהן ווייטער, — האָט ער צו איהם געזאָגט, —

וועל איך דיך אין אַ פּאָר טעג אַרום לאָזען אויפשטעהן.

ווי צו אַלץ, וואָס מ'האָט צו איהם גערעדט, האָט זיך דער קראַנקער בעצווינגען מיט אונצופרידענהייט אויך צו די דאָזיגע ווערטער און האָט געענטפערט אויף זיי מיט אַ פערדראָסיגען:

— יאָ יאָ.

אַלפרעד אָבער האָט זיך אומגעווענדעט צו מאַריאַ'ן, וועלכע איז געזעסען ביי'ם טיש, און געזאָגט:

— איהר האָט אייגענטליך אויך געקאָנט אַ ביסעל בעסער אויסזעהן.

אויף פעליקס'ן, וועלכער האָט ביי די ווערטער זיך נעהנטער צוגעקוקט צו מאַריאַ'ס געזיכט, איז איצט שטאַרק אויפגעפאַלען איהר בעזונדער בלאַסקייט. ער איז געוועהנט געווען, די געדאַנקען וועגען איהר זעלבסטאָפּפערנדער גוטסקייט, וואָס פלעגען איהם אַריינקומען אין זינען, גלייך צו פערטרייבען פון זיך. אָפטמאָל האָט איהם די דאָזיגע מערטירעריי אויסגעזעהן נישט אינגאַנצען עהרליך און איהם האָט געקרענקט די געדולדיגע מיענע, וואָס זי טראָגט אויף איהר געזיכט. ער האָט אַ סך מאָל געחאָלט, זי זאָל אונגעדולדיג ווערען. ער האָט געבענקט נאָך דעם מאָמענט, ווען זי וועט זיך אַרויסגעבען מיט איין וואָרט, מיט איין בליק און ער וועט עס איהר קאָנען אין פנים אַ שליידער טהון מיט גיפטיגע ווערטער, און ערקלערען דערביי, אַז ער האָט קיין איין מינוט זיך נישט געלאָזען אָבנאַרען, אַז איהר פאַלשקייט האָט איהם געעקעלט און אַז זי מעג איהם לאָזען שטאַרבען רוהיג.

איצט, ווען אַלפרעד האָט גערעדט וועגען איהר אויסזעהן, איז זי עטוואָס רויט געוואָרען און האָט געשמייכעלט.

— איך פיהל מיך גאַנץ גוט, — האָט זי געזאָגט.

אַלפרעד איז צוגעגאַנגען נעהנטער צו איהר.

— ניין, דאָס איז נישט אַזוי איינפאַך. אייער פעליקס וועט גאַנץ ווייניג האָבען פון זיין געזונד ווערען, ווען איהר וועט זיך דאַן אַוועקלעגען.

— אָבער איך בין ווירקליך פאָלקאָם געזונד.

— הערט, זאָגט מיר נאָר, איהר געהט גאָר קיינמאָל נישט אַרויס אויף דער פרייער לופט?

— איך פיהל נישט קיין בעדערפעניש דערצו.

— זאָג נאָר דו, פעליקס, ווי איז דאָס, זי טרעט טאַקע גאָרנישט אָב פון דיר?

— דו ווייסט דאָך, — האָט פעליקס געענטפערט — זי איז אַ מלאך.

— אָבער ענטשולדיגט, מאַריאַ, דאָס איז גאַנץ איינפאַך נאַרעש. ס'איז נוצלאָז און קינדעריש, זיך אַזוי צו פערדראַרבען. איהר מוזט פרישע לופט אָטעמען. איך זאָג אייך, אַז דאָס איז נויטיג.

— אָבער וואָס ווילט איהר פון מיר? — האָט מאַריאַ געזאָגט מיט אַ שוואַכען שמייכעל. — איך בענק נישט נאָך קיין פרישער לופט.

— דאָס איז נישט וויכטיג. דאָס אַליין, וואָס איך ציהט נישט צו'ם שפאַציערען, איז שוין אַ שלעכטער סימפטאָם. זיצט אונטער אַ שעה אי'ם שטאָדטפאַרק; אָדער, ווען דאָס איז אייך אונאַנגענעהם, נעהמט אַ עקיפאַזש און פאָהרט זיך דורך אַביסעל, אין פראַטער, צו'ם ביישפיעל. דאָרט אונטען איז איצט זעהר שען.

— אָבער...

— ס'איז נישטאָ קיין „אָבער". ווען איהר וועט זיך אַזוי ווייטער פיהרען און אינגאַנצען אַ מלאך זיין, וועט איהר זיך איבער-פיהרען. יאָ, טהוט נאָר אַ קוק אויף זיך אין שפיעגעל. איהר וועט זיך איבערפיהרען, זאָג איך אייך.

ביי די לעצטע ווערטער אַלפרעד'ס, האָט פעליקס דערשפירט אַ שטעכעדיגען וועהטאָג אין האַרצען. אַ פערביסענער צאָרן האָט געקאָכט אין איהם. אין די שטריכען פון מאַריאַ'ס געזיכט האָט ער געזעהן דעם אויסדריק פון בעקאַנטע ליידען, וואָס פערדיענען מיט-לייד, און אין קאָפּ איז איהם הורכגעפלויגען דער געדאַנק, וועגען וועלכען ער האָט זיך נאָך נישט ערלויבט צו טראַכטען, — דער געדאַנק, אַז אָט די פרוי איז פערפליכטעט מיט איהם מיטצולײַדען, מיט איהם צו שטאַרבען. זי פיהרט זיך איבער; נו יאָ, דאָס פערשטעהט זיך אַליין. וואָס, זי וואָלט אֶפשר השק האָבען צו בלייבען מיט רויטע באַקען און גליהענדע אויגען דאַן, ווען זיין לעבען ענדיגט זיך באַלד? און גלויבט דען אַלפרעד אין דער אמת'ן, אַז אָט די פרויענצימער, וועלכע איז זיין געליעבטע, האָט דאָס רעכט אַריבערצוטראַכטען די שעה, וועלכע וועט פאַר איהם די לעצטע זיין?

און אפשר צווייפעלט זי אַליין —
מיט ניגיעריגקייט און מיט אַ בעהאַלטענעם צאָרן, האָט פעליקס שטודירט דעם אויסדריק פון מאַריאַ׳ס געזיכט אין דער צייט, ווען דער דאָקטאָר האָט, נישט ושאַלעווענדיג קיין ווערטער, אַלץ נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל איבערגע׳חזר׳ט דאָס פריהער געזאָגטע.
ענדליך האָט אַלפרעד געצוואונגען מאַריאַ׳ן, זי זאָל איהם צוזאָגען, אַז זי וועט נאָך היינט אַרויסגעהן אויף דער פרישער לופט, און איהר ערקלערט, אַז די ערפילונג פון דעם צוזאָג געהערט אויך צו די פליכטען פון אַ וואַרטאָרין אַזוי גוט, ווי אַלעס אַנדערעס.
„ווייל איך קום שוין אין אַלגעמיין נישט אַריין אין רעכנונג, — האָט פעליקס געטראַכט. — ווייל דעם, וואָס איז שוין סיי ווי סיי פערלוירען, לאָזט מען איבגאַנצען איבער”.
ווען אַלפרעד איז אַוועקגעגאַנגען, האָט ער איהם נאַכלעסיג דערלאַנגט די האַנד. ער האָט איהם געהאַסט.
מאַריאַ האָט בעגלייט דעם דאָקטאָר נאָר ביז׳ן טהיר, און איז גלייך צוגעקומען צוריק צו פעליקס׳ן. ער איז געלעגען מיט צוזאַמענגעפרעסטע ליפען, און אויפ׳ן שטערען ביי איהם האָט זיך געזעהן אַ טיעפער קנייטש פון צאָרן. מאַריאַ האָט איהם פערשטאַנען; זי האָט איהם שטענדיג גוט פערשטאַנען. זי האָט זיך צוגעבויגען צו איהם און געשמייכעלט. ער האָט געאָטעמט; ער האָט געוואָלט רעדען, געוואָלט איהר עפּעס אַ ביטערע בעליידיגונג אין פנים אַ שלײַדער טהון. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז זי האָט עס פערדיענט. זי אָבער, גלעטענדיג מיט איהר האַנד זיינע האָר און נאָך אַלץ מיט דעם זעלביגען מידען, געהולדיגען שמייכעל אין די שטריכען פון געזיכט, האָט צערטליך געשעפּטשעט, גאַנץ נאָהנט פון זיינע ליפען:
— איך וועל דאָך נישט געהן.
ער האָט גאָרנישט געענטפערט. דעם גאַנצען לאַנגען אָבענד ביז טיעף אין דער נאַכט, איז זי געבליבען זיצען ביי זיין בעט און איז ענדליך אַזוי איינגעשלאָפען אויף איהר שטוהל.

---

ווען אַלפרעד איז געקומען אויף צומאָרגענס, האָט מאַריאַ אָפען געזוכט אויסצומיידען ווערלכען ס׳איז שמועס מיט איהם; פון דעסט

וועגען האָט ער אויסגעזעהן אַזוי, ווי ער וואָלט זיך היינט גאַנץ
ווענִיג אינטערעסירען מיט איהר אויסזעהן, און זיך בעשעפטיגט
נאָר מיט פעליקס׳ן. ער האָט אָבער קיין זאַך נישט דערמאָהנט
וועגען אויפשטעהן באַלד, און דער קראַנקער האָט זיך געשראָ-
קען, איהם צו פרעגען וועגען דעם. ער האָט זיך היינט געפיהלט
שוואַכער, ווי אין די פריהערדיגע טעג. איהם האָט זיך נאָך קיינמאָל
אַזוי שטאַרק נישט געוואָלט נישט רעדען, ווי היינט, און ער האָט
זיך געפרעהט, ווען דער דאָקטאָר איז אַוועקגעגאַנגען. אויך אויף
מאַריאַ׳ס פראַגען האָט ער געענטפערט קורץ און נישט גערן.
און ווען זי האָט איהם שפעט פאַרנאַכט געפרעגט נאָך עטליכע
שעה שווייגען: „ווי איז דיר איצט?“ — האָט ער געענטפערט:
ס׳איז דאָך אַלץ איינס. ער האָט אַריבערגענומען די אָרעמס איבער׳ן
קאָפּ, פערמאַכט די אויגען און איז באַלד איינגעשלאָפען. מאַריאַ
איז געזעסען אַ ווײַלע נעבען איהם און איהם בעטראַכט, דערנאָך
זענען איהרע געדאַנקען פערשוואומען געוואָרען און זי האָט אויך
אָנגעהויבען חלומ׳ען. ווען זי איז, אין אַ קורצע ווײַלע אַרום, צו
זיך געקומען, האָט זי געשפירט, ווי עפּעס אַ מאָדנע אַנגענעהמע
זיסקייט צוגיעסט זיך איהר איבער די גליעדער, אַזוי ווי ווען זי
וואָלט זיך אויפהאַפען פון אַ געזונדטען, טיעפען שלאָף. זי האָט
זיך אויפגעהויבען און אַרויפגעצויגען די פאָרהאַנגען פון די פענ-
סטער, וועלכע זענען געווען אַראָבגעלאָזען. זי האָט זיך געפיהלט
ריכטיג, ווי ווען דורך דער ענגער גאַס וואָלט זיך דערטראָגען צו
איהר פון פאַרק דער ריח פון פערשפעטיגטע בלומען. אַזוי שוין האָט
איהר נאָך די לופט, וואָס האָט איצט אַרײַנגעשטראָמט אין צימער,
קיינמאָל נישט אויסגעזעהען. זי האָט זיך אומגעקוקט צו פעליקס׳ן,
וועלכער איז נאָך אַלץ געלעגען דאָרטין אַ שלאָפעדיגער און האָט
רוהיג געאָטעמט. געוועהנליך אין אַזעלכע מינוטען פלעגט זי זיך
פיהלען זעהר געריהרט; דאָס דאָזיגע געפיהל פלעגט איהר אָב-
האַלטען אין צימער און אויסגיעסען איבער איהר גאַנצען וועזען
אַ פולע שווערקייט. היינט אָבער איז זי געבליבען רוהיג, האָט
זיך געפרעהט, וואָס פעליקס איז אײַנגעשלאָפען, און האָט אָנ-
גענומען גאָר אָהן אַ שום אינערליכען קאַמפף דעם בעשלוס, אַרויס-
צוגעהן אויף אַ שעה שפּאַצירען, אַזוי זעלבסטפערשטענדליך, ווי
ווען דאָס וואָלט פאָרגעקומען אַלע טאָג, ווי ווען אין דעם וואָלט

קיין שום אונגעוועהנליכעס נישט זיין. אויף די שפּיץ פינגער האָט זי זיך אַריינגעגנבע'ט אין קיך, האָט אָנגעזאָגט דער דינסט, זי זאָל אונטערזיצען אין צימער פון קראַנקען, און נעהמענדיג שנעל דעם הוט מיט'ן שירם איז זי מעהר אַראָבגעפלויגען, ווי אַראָבגעגאַנגען פון די טרעפּ. אָט איז זי אויפ'ן גאַס! און נאָכדעם ווי זי איז שנעל דורכגעגאַנגען עטליכע שטילע גאַסען, איז זי צוגעקומען צום פּאַרק און מיט פערגניגען געזעהען אַרום זיך די גראָזען און בוימלעך, נאָך וועלכע זי האָט אַזוי לאַנג געבענקט. זי האָט זיך געזעצט אויף אַ באַנק; נעבען איהר און אויך אויף די דערבייאיגע בענק זענען געזעסען קינדער־מעדלעך און באָננעס. אין די אַלעען האָבען זיך געשפּיעלט קליינע קינדער. אַזוי אָבער ווי עס האָט שוין אָנגעהויבען דונקעל צו ווערען, האָבען זיך די שפּילערייען געהאַלטען ביי'ן ענדיגען: די מעדלעך האָבען צוזאַמענגערופען דאָס קליינוואַרג, האָבען זיי אָנגענומען פאַר די הענד און זענען אַרויס פון פּאַרק. באַלד איז מאַריאַ געבליבען כמעט אַליין; אַ פּאָר יונגע מענשען זענען אַריבערגעגאַנגען פערביי איהר, און איינער פון זיי האָט זיך אומגעקעהרט און געקוקט אויף איהר.

זי איז, אַלזאָ, געוועזען דאָ, אויף דער פרייהייט. ווי אַזוי איז דאָס אַלץ אייגענטליך געשעהען? איהר האָט זיך געדאַכט, אַז אָט איצט איז אָנגעקומען די ריכטיגע מינוט, מיט אַ פרייען בליק די געגענוואַרט צו בעטראַכטען. זי האָט געוואָלט דייטליכע ווערטער געפינען פאַר איהרע געדאַנקען, און אינערליך אַרויסזאָגען זיי. „איך בין ביי איהם, ווייל איך האָב איהם ליעב. איך ברענג קיין שום אָפּפער נישט, וואָרום אַנדערש האַנדלען וואָלט איך גאָרנישט קענען. און וואָס וועט איצט זיין? ווי לאַנג וועט עס נאָך דויערן? ס'איז קיין רעטונג נישטאָ... און דערנאָך וואָס וועט זיין?... וואָס וועט דערנאָך זיין?... איך האָב אַמאָל געוואָלט שטאַרבען מיט איהם... פאַרוואָס זענען מיר איצט עפּעס אַזוי פרעמד געוואָרען איינע דעם אַנדערן?... ער טראַכט נאָר וועגען זיך... וואָלט ער נאָך איצט אויך וועלן שטאַרבען מיט מיר?" און דאָ האָט איהר דורכגעדרונגען די זיכערקייט, אַז ער וואָלט עס בעשטימט וועלן. פאַר איהרע אויגען אָבער האָט נישט געשוועבט איצט. דאָס בילד פון אַ שענעם יונגען מאַן, וועלכער בעט איהר, זי זאָל זיך מיט איהם צוזאַמענגיעסען אין דער אייביגקייט. ניין, איהר איז פאָרגעקומען, אַז ער רייסט

זי מיט זיך און שלעפּט זי אַראָב אונטען ערגעץ, איינגעשפּאַרט, פון קנאה, ווייל זי געהערט צו איהם.

אַ יונגער הערר האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבען איהר אויפ'ן באַנק און געמאַכט עפּעס אַ בעמערקונג. זי איז געווען אַזוי צושטרייט, אַז פריהער האָט זי געפרעגט: — וואָס? — און דערנאָך ערשט איז זי אויפגעשטאַנען און שנעל אַוועקגעגאַנגען. אין פּאַרק זענען איהר די בליקען פון די פערבייגעהער אונאַנגענעהם געוואָרען: זי איז דעריבער אַרויסגעגאַנגען אין גאַס, האָט צוגערופען אַ עקיפּאַזש און האָט זיך געלאָזען פאָהרען שפּאַציערען. ס'איז פינסטער געוואָרען; זי האָט זיך בעקוועם אָנגעשפּאַרט אין ווינקעל, און געשעפּט פערגניגען פון דער אַנגענעהמער, נישט אַנשטרענגענדער בעוועגונג און פון די זיך ענדערנדע בילדער, וועלכע האָבען זיך איהר אַנטקעגענגעטראָגען, און וועלכע זענען געווען איינגעטונקט אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט און אין די פלאַקערנדע גאַז-פלאַמען. ס'איז געווען אַ שענער סעפּטעמבער-אָבענד און אויפ'ן גאַס האָבען געשפּאַציערט מאַסען מענשען. ווען מאַריאַ איז פערבייגעפאָהרען דעם פאָלקסגאָרטען, האָט זי געהערט די פרישע טענער פון אַ מיליטער-אָרקעסטער און נישט ווילענדיג האָט זי זיך געמוזט דערמאָהנען אָן יענעם אָבענד אין זאַלצבורג. אומזיסט האָט זי זיך געזוכט איינצורעדען, אַז דאָס דאָזיגע גאַנצע לעבען אַרום איהר איז אַ נישטיגעס, אַ פערגענגליכעס, און אַז ס'איז גאָרנישט אַזוי שווער זיך צו שיידען דערמיט. זי האָט נישט געקענט פערטרייבען פון זיך די פריידיגע, אַנגענעהמע עמפּפינדונגען, וואָס האָבען איהר ביסלעכווייז אָנגעהויבען צו בעהערשען. איהר איז איצט פאָרט גוט געווען. אַלץ האָט איהר פערשאַפט פערגניגען: דאָס, וואָס דאָס שענע טעאַטער איז געשטאַנען העל בעלויכטען מיט זיינע ווייס-לייכטענדע בויגען-לאָמפּען; דאָס, וואָס פון די אַלעען פון ראָטהויז-גאָרטען האָבען זיך אַרויסגעלאָזען אַזוי פיעל שפּאַצירענדע מיט צופריעדענע פּנים'ער; דאָס, וואָס פאַר'ן קאַפע-הויז דאָרטין זענען געזעסען מענשען; דאָס, וואָס ס'זענען איבערהויפּט פערהאַן מענשען, פון וועמענס זאָרגען זי האָט נישט געוואוסט אָדער וועלכע האָבען אפשר טאַקע אַזעלכע גאָרנישט געהאַט; וואָס די לופט האָט איהר אַזוי מילד און וואַרעם געגלעט דעם געזיכט; וואָס זי וועט נאָך אַ סך אַזעלכע אָבענדען, נאָך טויזענדער שענע טעג און נעכט קע-

נען זעהען און וואָס אין איהרע אָדערן פליעסט אַ געפיהל פון לעבענס־פריידיגער געזונדהייט. אַליך, אַליך איז איהר געפעלן געוואָרען. וואָס? זי האָט אפשה זיך פאָרצו־וואַרפען עפּעס דערפאַר, וואָס נאָך אַזוי פיעל שעה'ען פון פיין און מיעדקייט, האָט זי זיך ערלויבט, אַזוי צו זאָגען, איין מינוט פרייער אָבאַטעמען? האָט זי דען נישט קיין פאָלשטענדיגעס רעכט אויף איהר אייגענער עקסיסטענץ? זי איז דאָך געזונד געווען, זי איז דאָך יונג געווען, און פון אַלע זייטען, ווי פון טויזענד קוואַלען פאַר אַמאָל, האָט זיך געגאָסען איבער איהר די פרייד פון לעבען. דאָס איז אַזוי נאַטירליך געווען, ווי איהר אָטעם און דער הימעל איבער איהר קאָפּ — פאַרוואָס זאָל זי זיך שעמען דער־מיט? זי האָט אַ טראַכט געטאָן וועגען פעליקס'ן. ווען עס געשעהט עפּעס אַ וואונדער און ער ווערט ווידער געזונד, וועט זי בעשטימט מיט איהם ווייטער לעבען. זי האָט געטראַכט וועגען איהם מיט אַ מילדען, פערצייהענדען שמערץ. ס'איז שוין צייט, זיך אומצוקעהרען. האָט ער דען אַ רעכט אויף דעם, וואָס זי זיצט נעבען איהם? ווייס ער דען אָבצושאַצען איהר צערטליכקייט? וויפיעל גאַל ליעגט עס אין זיינע ווערטער! און ווי גיפטיג איז זיין בליק! און זיין קוש! ווי לאַנג האָבען זיי זיך שוין נישט געקישט! זי האָט זיך פלוצלונג דערמאָהנט אָן זיינע ליפּען, וועלכע זענען איצט שטענדיג געווען בלאַס און טרוקען. זי וועט איהם שוין איצט קושען נאָר אין שטערן. זיין שטערן איז קאַלט און פייכט. פוי, ווי העסליך דאָס קראַנק־זיין איז!

זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן לעהן פון עקיפּאַזש, און בע־וואוסטזיניג אָבגעטריבען פון זיך די געדאַנקען וועגען דעם קראַנ־קען. אום נישט צו טראַכטען וועגען איהם, האָט זי פלייסיג אַרוים־געקוקט אין גאַס און יעדע זאַך אַזוי גענוי און פינקטליך בעטראַכט, ווי ווען זי וואָלט מוזען אָט די אַלע זאַכען פעסט בעהאַלטען אין איהר זכרון.

————————

פעליקס האָט אויפגעעפענט די אויגען. ביים בעט האָט געברענט אַ ליכט און פערשפּרייט אַ שוואַכע שיין. נעבען איהם איז גע־זעסען די אַלטע פרוי, די האַנד אין שוים האַלטענדיג, גלייכגילטיג.

— וואו איז זי? — האָט אויסגעשריגען דער קראַנקער.

די אַלטע האָט זיך אַ טרייסעל געטאָן און איהם ערקלערט,

אז מאריא איז אוועקגעגאנגען און וועט באלד קומען.

— איהר קענט געהן, — האט פעליקס געענטפערט, און ווען זי האט געזעגענט, האט ער נאכאמאל געזאגט: געהט, איך דארף אייך נישט.

ער איז געבליבען אליין. א אונרוהיגקייט, פייניגענד, ווי נאך קיינמאל נישט ביז אהער, איז איהם בעפאלען.

וואו איז זי, וואו איז זי? ער האט קוים געקענט איינליגען אין בעט, ער האט אבער נישט געוואגט אויפצושטעהן. פלוצלונג איז איהם איינגעפאלען: זי איז ענדליך אויפגעשטאנען און אוועק; זי וויל איהם אליין לאזען, אויף שטענדיג אליין. זי קען שוין נישט פערטראגען מעהר דאס לעבען נעבען איהם. זי שרעקט זיך פאר איהם. זי האט זיינע געדאנקען געלייענט. האט ער זיך נישט אויסגערעדט ווען ס'איז אין חלום וועגען דעם, וואס ער האט די גאנצע צייט בעהאלטען אין דער טיפעניש פון זיין בעוואוסטזיין, וואס ער אליין האט זיך נישט געקענט דייטליך פארשטעלען? און דאס איז געווים: זי וויל נישט שטארבען מיט איהם. די געדאנקען האבען זיך ארייגעריסען צו איהם אין מארך. איהם האט אנגעהויבען צו פיבערן, אזוי ווי אלע אבענד. אזוי לאנג האט ער שוין צו איהר קיין איין פריינדליכען ווארט נישט אויסגערעדט: אפשר איז דאס געוועזען די אורזאך! ער האט זי געפייניגט מיט זיין שלעכטע לוינע, מיט זיינע אונצוטרויליכע בליקען, מיט זיינע ביטערע ווערטער, און זי האט געדארפט דאנקבארקייט האבען!... ניין, ניין, גארנישט קיין דאנקבארקייט, — גערעכטיגקייט נאר! אה! ווען זי וואלט נאר דא געוועזען! ער מוז זי האבען! מיט א ברענענדען שמערץ האט ער עס בעגריפען: ער קען אהן איהר נישט זיין. אויב דאס איז נאר מעגליך, וועט ער ביי איהר פאר אלץ פערצייהונג אויסבעטען. ער וועט ווידער קוקען אויף איהר מיט צערטליכע אויגען און ווערטער פול מיט אינערליכקייט פאר איהר געפינען. ער וועט מיט קיין איין זילבע נישט ארויסגעבען זיינע ליידען. ער וועט שמייכלען, ווען זיינע ליידען וועלן זיך איהם שווער אויפ'ן ברוסט לעגען. ער וועט איהר די האנד קושען, ווען — ער וועט לעכצען נאך א טראפען לופט צום אטעמען. ער וועט איהר דערצעהלען, אז איהם חלומ'ען זיך ווילדע חלומות, און דאס, וואס זי הערט איהם רעדענדיג פון שלאף, איז מעהר נישט ווי א פיבער-פאנטאזיע.

און שווערען וועט ער איהר, אז ער פערגעטערט זי, אז ער ווינשט איהר א לאנגעס, גליקליכעס לעבען; אבי נאר זי זאל בלייבען מיט איהם ביז צו דער ענדע, אבי נאר זי זאל פון זיין בעט נישט אוועקגעהן, — אליין שטארבען דארף זי איהם נישט לאזען. מיט דער רוהיגקייט פון א דענקער וועט ער דער שרעקליכער שעה אין פנים קוקען, ווען ער וועט נאר וויסען, אז זי איז מיט איהם; און די שעה קען קומען אזוי געשווינד — יעדען טאג קען זי קומען. דע־ריבער מוז זי שטענדיג מיט איהם זיין; ווארום ער שרעקט זיך, ווען זי איז נעבען איהם נישטא.

וואו איז זי? וואו איז זי? דאס בלוט האט איהם גערוישט אין קאפ, זיינע אויגען זענען געווארען טריב, דער אטעם איז געגאנגען שווערער, און אין צימער איז קיינער נישט געווען. אה, צו וואס האט ער נאך דער אלטער אוועקגעשיקט? ווי ס׳איז—איז דאך עס פארט געווען א לעבעדיגער נפש. איצט איז ער הילפלאז, הילפלאז... ער האט זיך אויסגעגלייכט און געפיהלט זיך שטארקער, ווי ער האט געגלויבט; נאר דער אטעם, דער אטעם. דאס איז געווען עטוואס שרעקליכעס! ער האט עס נישט אויסגעהאלטען, איז ארויסגעשפרונגען פון בעט און אזוי האלב־נאקעט ווי ער איז געווען, צוגעשפרונגען צום פענסטער. דארט איז געווען לופט, לופט! ער האט עטליכע מאל טיעף אבגעצויגען דעם אטעם, אה, ווי גוט דאס איז געווען! ער האט זיך איינגעוויקעלט אינ׳ם ווייסען האלאט, וואס איז געהאנגען אויפ׳ן לעהן פון בעט, און אוועקגעזעצט זיך אויפ׳ן שטוהל. עטליכע סעקונדען האבען זיך זיינע געדאנקען גע־טומעלט, דערנאך האט דער זעלביגער פריהערדיגער געדאנק איהם ווידער א בליץ געטאן אין קאפ. וואו איז זי? וואו איז זי? האט זי איהם שוין עטליכע מאל אזוי איבערגעלאזען, ווען ער איז געשלאפען? ווער ווייס? וואו האט זי געקענט אוועקגעהן? האט זי געוואלט נאר אוועקגעהן אויף א פאר שעה פון דער שטיקענדער לופט דא אין צימער, אדער זי האט געוואלט פון איהם אוועקגעהן; ווייל ער איז קראנק? איז איהר זיין קראנקהייט עקעלדהאפט? שרעקט זי זיך פאר די שאטענס פון טויט, וואס שוועבען שוין דא ארום? בענקט זי נאכ׳ן לעבען? זוכט זי דאס לעבען? ועהט זי שוין מעהר אין איהם אליין קיין לעבען נישט? וואס זוכט זי? וואס וויל זי? וואו איז זי? וואו איז זי?

און די פליהענדע געדאַנקען זענען פערוואַנדעלט געוואָרען אין פליסטערנדע זילבען, אין זיפצענדע, קלאָרע ווערטער. און ער האָט געשריען און ער האָט געשטורמט: „וואו איז זי?" און ער האָט זי געזעהן פאַר זיך, ווי זי איז אַראָבגעלאָפען פון די טרעפ געשווינד, מיט דעם שמייכעל פון בעפרייאונג אויף די ליפען, און איז אַוועק, חייט־ערגעץ, וואו ס'איז נישט דאָ קיין קראַנקהייט, קיין עקעל, קיין לאַנגזאַמעס שטאַרבען; אין אַ אונבעקאַנטען אָרט ערגעץ איז זי געפלויגען, וואו עס שמעקט, וואו עס בליהט. ער האָט געזעהן, ווי זי איז פערשוואונדען געוואָרען, ווי זי איז איינגעהילט געוואָרען אין אַ לייכטען נעבעל, וועלכער האָט זי בעהאַלטען אין זיך, און פון וועלכען עס האָט אַרויסגעקלונגען איהר קלינגענדעס לאַכען, דאָס לאַכען פון גליק, פון פרייד. און דער נעבעל האָט זיך צוטיילט, און ער האָט זי געזעהן טאַנצענדיג. ווי אַ שטורם האָט זי זיך געטראָגען אַלץ ווייטער און ווייטער, און זי איז פערשוואונדען געוואָרען. דערנאָך האָט זיך געהערט, אַ טויבעס גערויש, אַלץ נעהנטער, און איז מיט אַמאָל שטיל געוואָרען. וואו איז זי? ער איז אַ דערשראָקענער אויפגעשפרונגען. צום פענסטער איז ער צוגעלאָפען. עס איז געווען דאָס געריש פון אַ פאָהרענדען עקיפאַזש; אָט איז עס צוגעפאָהרען צום טויער און האָט זיך אָבגעשטעלט. יאָ, געוויס, ער קען איהם זעהען. און פון דעם עקיפאַזש, יאָ — מאַריאַ איז עס געווען! זי איז עס געווען! ער מוז איהר אַנטקעגען געהן... ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אים פאָדער־צימער; דאָרט איז אָבער איינגאַנצען פינסטער געווען, און ער האָט נישט געקענט געפינען די קלאַמקע פון טהיר. אָט האָט זיך איבערגעדרעהט דער שליסעל אים שלאָס, די טהיר איז אויפגעשפרונגען, מאַריאַ איז אַריינגעגאַנגען און הינטער איהר האָט געפינקעלט דאָס שוואַכע ליכטיגקייט פונ'ם גאַז־לאָמפ אויף די טרעפ. זי האָט זיך אָנגעשטויסען אָן איהם, נישט קענענדיג איהם זעהען, און האָט אַ געשריי געטאָן. ער האָט זי אָנגעהאַפט ביי די אַקסלען און אַריינגעשטויסען אין צימער; ער האָט געעפענט דאָס מויל און נישט געקענט רעדען.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט זי אין שרעק אויסגעשריען, — דו ביזט פון זינען אַראָב??!

זי האָט זיך בעפרייט פון איהם. ער איז געבליבען שטעהן,

ווי אַ אַיינגעגראָבענער. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זיין געשטאַלט איז אויסגעוואַקסען און העכער געוואָרען. ענדליך האָט ער געפונען ווערטער.

— פון וואַנען קומסטו?... פון וואַנען?...

— אום גאָטעס ווילען, פעליקס, קום צו זיך, ווי קענסטו...! איך בעט דיך, זעץ דיך וועניגסטענס אַנידער.

— פון וואַנען קומסטו? — ער האָט עס גערעדט שטילער, ווי פערלוירען. — פון וואַנען? פון וואַנען? — האָט ער געפליסטערט.

זי האָט איהם אָנגענומען פאַר די הענד; זיי זענען געווען היים, זיי האָבען געברענט; ער האָט זיך געלאָזען מיט'ן גוטען ווילען, בעוואוסטלאָז כמעט, פיהרען ביז צום דיוואַן, אינ'ם ווינקעל פון וועלכען זי האָט איהם פאַמעליך אַוועקגעזעצט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטען, אַזוי ווי בעמיהענדיג זיך צום בעוואוסטזיין צו קומען. דערנאָך האָט ער ווידער געזאָגט, גאַנץ דייטליך, נאָר מיט דער זעלבער איינטאָניגער שטימע:

— פון וואַנען קומסטו?

זי האָט זיך ביסלעכווייז בערוהיגט, האָט אַראָבגעוואָרפען דעם הוט אויפ'ן שטוהל, האָט זיך געזעצט נעבען איהם אויפ'ן דיוואַן און צערטליך געזאָגט:

— מיין טייערער, איך בין נאָר אויף איין שעה אַרויסגעגאַנגען אין גאַס, אום עטוואָס די לופט צו חאַפּען. איך האָב מיך געשראָקען, אַליין אויך נישט קראַנק צו ווערען. וואָס וואָלסטו דאַן געטאָן? איך האָב גענומען אַ עקיפּאַזש, אום וואָס געשווינדער צוריק ביי דיר צו זיין.

ער איז געלעגען אין ווינקעל אויפ'ן דיוואַן אָבגעשוואַכט, פערשלאָפען; ער האָט איהר אָנגעקוקט פון דער זייט און גאָרנישט געענטפערט.

זי האָט ווייטער גערעדט צערטליך, גלעטענדיג איהם די הייסע באַקען:

— נישט אמת, פעליקס, דו ביזט דאָך נישט בעז אויף מיר? איך האָב דער דיענסט, איבריגענס, געהייסען זיצען נעבען דיר ביז איך וועל צוריק קומען. דו האָסט זי נישט געזעהן? וואו איז זי?

— איך האָב איהר אַוועקגעשיקט.

— פאַרוואָס, פעליִקס? זי האָט דאָך געזאָלט זיצען נעבען דיר נאָר ביז מיין צוריקקומען. איך האָב דאָך אַזוי געבעטען נאָך דיר! וואָס האָט מיר געהאָלפען די פרישע לופט אין דרויסען, ווען איך האָב דיך ניט געהאַט.

— מעריִ, מעריִ! — ער האָט אַוועקגעלעגט זיין קאָפּ ביי איהר אויפ'ן ברוסט, ווי אַ קראַנקעס קינד. ווי אין די פריהערדיגע טעג, האָבען זיך איהרע ליפּען געגליטשט איבער זיינע האָר. ער האָט איהר אָנגעקוקט מיט בעטענדע אויגען.

— טייערע! — האָט ער געזאָגט, — דו וועסט אייביג זיין מיט מיר? אייביג — יאָ?

— יאָ, — האָט זי געענטפערט און געקושט זיינע פערפּלאָנטערטע פייכטע האָר, איהר האָט אַזוי געגאָגט, אַזוי ביטער גענאָגט דאָס האַרץ! זי וואָלט גערן געוויינט, אין איהר געדיכטקייט איז אָבער געווען עטוואָס פערוועלקטעס, פערטריקענטעס. אין ערגעץ האָט זיי קיין טרייסט ניט געקענט געפינען, זאָגאַר אויך ניט אין איהר אייגענער ביטערניש. און זי האָט איהם מקנא געווען, ווייל זי האָט געזעהען טרערען פליעסענדיג איבער זיינע באַקען.

---

די אַלע קומענדיגע טעג און אָבענדען איז זי ווידער אָבגעזעסען נעבען איהם, האָט איהם צוגעטראָגען צום עסען, איינגעגעבען דעם מעדיצין און דערנאָך פאַרגעלייענט איהם,— ווען ער איז נאָך געווען אויפגעלעגט געגוג, אום דאָס צו פערלאַנגען, — די ציי טונג אָדער אַ קאַפּיטעל פון אַ וועלכען ס'איז ראָמאַן. אויף צו מאָרגענס נאָך איהר שפּאַציערגאַנג האָט אָנגעהויבען צו רעגנען, און ס'האָט זיך אַוועקגעשטעלט דער האַרבסט. גאַנצע שעה'ען, אָפט אויך גאַנצע טעג האָבען ניט אויפגעהערט צו טריפען איבער די פענסטער די דינע, גרויע שטרייפען פון רעגען. אין דער לעצטער צייט האָט מאַריאַ עטליכע מאָל געהערט דעם קראַנקען באָרמאָטשענדיג פון שלאָף ווערטער אָהן אַ שום צוזאַמענהאַנג. זי האָט דאַן מעכאַניש כמעט געגלעט מיט'ן האַנד זיין שטערן און זיינע האָר און געמורמעלט, ווי איינגעהמענדיג אַ אונרוהיג קינד: שלאָף, פעליִקס, שלאָף, פעליִקס! ער איז געוואָרען אַלע מאָל שוואַכער, ער האָט אָבער ניט שטאַרק געליטען, און ווען עס פלעגען פערביינגעהן די קורצע אָנפאַלען פון אָטעם-נויט, וועלכע האָבען

איהם אַלע מאָל דערמאָהנט אָן זײַן קראַנקהײַט, איז ער אַממערהרסטענטײל פערזונקען געװאָרען אין אַ צושטאַנד פון אָבגעשװאַכטקײַט, איבער װעלכען ער האָט זיך אַלײן נישט געקענט אָבגעבען קײן רעכנונג. עס איז פאָרגעקומען אָפט, אַז ער האָט זיך אַביסל געװאונדערט: „פאַרװאָס בין איך עס אַזױ גלײַכגילטיג צו אַלץ?" װען ער האָט דערבײַ געזעהען אין דרױסען דעם רעגען, האָט ער געטראַכט: „אַה, יאָ, ס'איז הערבסט" — און האָט שױן נישט געקלערט מעהר װעגען דעם צוזאַמענהאַנג צװישען די געדאַנקען, װאָס פליהען דורך בײַ איהם אין קאָפּ. ער האָט אײגענטליך נישט געטראַכט װעגען קײן פערענדערונג, װאָס קען פאָרקומען: נישט װעגען שטאַרבען, נישט װעגען געזונד װערען. מאַריאַ האָט אױך פערלױרען אין די טעג יעדע פאָרשטעלונג װעגען דער מעגליכקײַט פון אַנאַנדער לעבען, און אַלפרעד'ס בעזוכען זענען געװאָרען אַ גאַנץ אײנפאַכע, געװאָהנהײַטסמעסיגע ערשײַנונג. אמת, פאַר דעם לעצטען, װעלכער איז פון דרױסען געקומען, פון דאָרטין, װאו דאָס לעבען שטעהט נישט אױף אײן אָרט, — האָט זיך אױך דאָס אױסזעהן פון דעם קראַנקען־צימער טעגליך געענדערט. פאַר איהם איז יעדע האָפנונג פערלױרען געװעזען. ער האָט גוט געזעהען, אַז פאַר פעליקס'ן, װי פאַר מאַריאַ'ן, האָט זיך אָנגעהױבען דער פעריאָד, אין װעלכען ס'איז נישטאָ נישט קײן האָפנונג, און נישט קײן שרעק; װען זאָגאַר די עמפּפינדונג פון דער געגענװאַרט קומט אַרױס דומפּף און נישט קלאָר, צוליעב דעם, װאָס איהר פעהלט די פאָרשטעלונג װעגען דער צוקונפט און די ערינערונג פון דער פערגאַנגענהײַט. ער אַלײן איז שטענדיג אַרײַנגעגאַנגען אינ'ם צימער פון קראַנקען מיט אַ געפיהל פון אומבעקװעמליכקײַט און איז געװעזען זעהר צופריעדען, װען ער האָט בײדע אַזױ װידער געפונען, װי ער האָט זײ געלאָזען. װאָרום ענדליך האָט דאָך געמוזט אָנקומען די שעה, װען זײ זענען געצװאונגען געװעזען צו טראַכטען װעגען דעם, װאָס דאַרף פאָרקומען.

װען ער איז אײנמאָל װידער מיט די זעלביגע טרױעריגע געדאַנקען אַרױף אױף די טרעפּ, האָט ער געטראָפען מאַריאַ'ן שטעהענדיג אין פאָרצימער מיט בלײכע באַקען און פערברעכענדיג מיט די הענד.

— קומט, קומט, — האָט זי געשריען.

ער איז איהר געשווינד נאָכגעגאַנגגען. פעליקס איז געזעסען, אויסגעגלייכט, אויפ'ן בעט; ער האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר בייזע אויגען אויף דעם אַריינגעהענדען און געשריען:

— וואָס ווילט איהר אייגענטליך טאָן מיט מיר?

אַלפרעד איז שנעל צוגעלאָפען צו איהם.

— וואָס פעהלט דיר, פעליקס? — האָט ער איהם געפרעגט.

— איך וויל וויסען, וואָס איהר קלערט צו טאָן מיט מיר?

— וואָס זענען עס פאַר'אַ קינדערשע פראַגען?

— איהר לאָזט מיך אויסגעהן, עלענד אויסגעהן לאָזט איהר מיך! — האָט פעליקס אויסגערופען מיט האַלב אַ שרייענדער שטימע.

אַלפרעד איז נאָך נעהנטער צוגעגאַנגגען צו איהם און האָט געוואָלט אָננעהמען זיין האַנד. דער קראַנקער אָבער האָט זי האַסטיג אַרויסגעריסען פון איהם.

— לאָז מיך אָב, און דו, מאַריאַ, הער אויף פערברעכען די הענד. איך וואָלט וועלן וויסען, וואָס איהר טראַכט. ווי דאָס וועט ווייטער געהן, וויל איך וויסען.

— עס וואָלט געהן פיעל בעסער ווייטער, — האָט אַלפרעד רו־היג געזאָגט, — ווען דו וואָלסט דיך נישט אויפרעגען אָהן שום נוצען.

— נו יאָ; איך ליעג דאָך שוין דאָ אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג! איהר קוקט זיך צו און לאָזט מיך ליעגען. וואָס ווילסטו אייגענטליך מאַכען מיט מיר? — ער האָט זיך פּלוצלונג געווענדעט צום דאָקטאָר.

— הער שוין אויף צו רעדען דיינע נאַרעשקייטען.

— מ'טוט דאָך פאַר מיך קיין זאַך, קיין זאַך נישט. דער טוידט הענגט איבער מיך, און קיינער טוט נישט קיין ריהר מיט׳ן האַנד, אום עס אָבצווענדען!

— פעליקס, — האָט אַלפרעד אָנגעהויבען מיט אַ וואַרעמער שטימע, זיך אַוועקזעצענדיג ביי איהם אויפ'ן בעט און ווידער פראָ־בירענדיג נעהמען זיין האַנד.

— נו יאָ, דיר איז פראָסט אַליץ איינס, וואָס מיט מיר איז. דו לאָזט מיך כסדר ליעגען און מאָרפיום נעהמען.

— דו מוזט נאָך אַ פּאָר טעג געדולד האָבען—

— אָבער דו זעהסט דאָך, אַז עס נוצט מיר קיין זאַך נישט!

איך פיהל דאָך, ווי מיר געהט! פאַרוואָס לאָזט איהר מיך אַזוי רעטונגסלאָז אומקומען? איהר זעהט דאָך, אַז איך געה דאָ צו גרונד. איך וועל דאָך עס נישט אויסהאַלטען! און עס מוז דאָך נאָך עפּעס אַ הילף זיין, עפּעס אַ מעגליכקייט פון אַ הילף. בעטראַכט דיך נאָר גוט, אַלפרעד, דו ביזט דאָך אַ דאָקטאָר, דאָס איז דאָך דיין פליכט.

— געוויס איז פאַראַן אַ הילף, — האָט אַלפרעד געזאָגט.

— און אויב נישט קיין הילף, איז אפשר אַ וואונדער מעגליך; דאָ וועט אָבער קיין וואונדער נישט געשעהן. איך מוז אַוועק, איך וויל אַוועק פון דאַנען.

— מיר רעכנען דאָך נישט אַנדערש; ווי נאָר דו וועסט עטוואָס שטאַרקער ווערן, ווי נאָר דו וועסט קענען פון בעט אַראָב.

— אַלפרעד, איך זאָג דיר: עס וועט צו שפּעט זיין. פאַרוואָס זאָל איך אין דעם שרעקליכען צימער בלייבען? איך וויל אַוועק, איך וויל פון שטאָדט אַוועקפאָהרען. איך וויים, וואָס איך דאַרף. איך דאַרף דעם פריהלינג, איך דאַרף דעם דרום. ווען די זון וועט וויעדער אָנהויבען שיינען, וועל איך געזונד זיין.

— דאָס איז טאַקע אַלץ גאַנץ ריכטיג; — האָט אַלפרעד געזאָגט, — ס'פערשטעהט זיך אַליין, אַז דו מוזט פאָהרען אין דרום ערגעץ; דו מוזט אָבער אַביסעל געדולד האָבען. היינט קענסטו נישט פאָהרען און מאָרגען אויך נישט. ווי נאָר אָבער עס וועט עטוואָס —

— איך קען היינט פאָהרען, איך פיהל עס. ווי נאָר איך וועל איבערטרעטען די שוועל פון דעם שרעקליכען טוידט־צימער, וועל איך אַנאַנדער מענש ווערען. יעדער טאָג, וואָס דו האַלסט מיך דאָ אויף, איז אַ געפאַהר.

— ליעבער פריינד, דו דאַרפסט דאָך פערשטעהן, אַז איך אַלס דאָקטאָר —

— דו ביזט אַ דאָקטאָר און אורטיילסט לויט דער שאַבלאָנע. די קראַנקע ווייסען אַליין אַמבעסטען, וואָס פאַר זיי איז נויטיג. עס איז אַ לייכטזיניגקייט און אַ נאַרעשקייט, מיך צו לאָזען דאָ ליעגען און אונטערגעהן. איך בליהענדען דרום געשעהען אָפטמאָל וואונדער. מ'דאַרף נישט זיצען מיט פערלעגטע הענד, ווען ס'איז נאָר אַ שפּור פון האָפנונג פעראַן, און אַ האָפנונג איז שטענדיג פער-

האַן. עס איז אומגעמענשליך, איינעם איבערצוגעבען אין די הענד פון שיקזאַל, אַזוי ווי איהר טוט מיט מיר. איך וויל אינ'ם דרום, איך וויל צום פריהלינג פאָהרען.

— נו גוט, דו וועסט דאָך פאָהרען, — האָט אַלפרעד געזאָגט.

— נישט אמת, — איז מאַריאַ האַסטיג אַריינגעפאַלען אין די רעד — מיר קענען מאָרגען פאָהרען.

— ווען פעליקס זאָגט מיר צו, דריי טאָג זיך רוהיג צו האַלטען, שיק איך איהם אַוועק. היינט אָבער, איצט — דאָס וואָלט זיין אַ פער־ברעך! דאָס וועל איך אין קיין פאַל נישט דערלאָזען. טוט נאָר אַ קוק, — האָט ער זיך געווענדעט צו מאַריאַ'ן, — דאָס וועטער. עס שטורמט און רעגענט; דעם געזינדסטען מענשען וואָלט איך אויך נישט ראַטען היינט אָבצופאָהרען.

— אַלזאָ מאָרגען! — האָט פעליקס אויסגערופען.

— אויב עס וועט זיך עטוואָס אויסלייטערן, — האָט געזאָגט דער דאָקטאָר, — אין צוויי אָדער דריי טעג אַרום. דאָ האָסט מיין וואָרט אויף דעם.

דער קראַנקער האָט איהם שאַרף און פאָרשענד אָנגעקוקט. דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— דיין עהרענוואָרט?

— יאָ!

— נו, דו הערסט? — האָט מאַריאַ אויסגעשריען.

— דו גלויבסט נישט, — האָט דער קראַנקער געזאָגט, זיך ווענדענדיג צו אַלפרעד'ן, — אַז עס איז נאָך פערהאַן אַ רעטונג פאַר מיך? דו ווילסט, איך זאָל שטאַרבען אין דער היים? — דאָס איז פאַלשע מענשענליעבע! ווען מ'האַלט ביים שטאַרבען, איז שוין איינגאַנצען קיין היים נישט פערהאַן. קענען לעבען — דאָס איז די היים. און איך וויל נישט אַזוי שוצלאָז שטאַרבען.

— מיין ליעבער פעליקס, דו ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז מיין אָבזיכט איז געווען, דיך דעם גאַנצען ווינטער צו לאָזען פערברענגען אים דרום. איך קען דיך אָבער פאָרט נישט לאָזען אָבפאָהרען ביי אַזאַ וועטער.

— מאַריאַ, — האָט דער קראַנקער געזאָגט, — מאַך אַלץ גרייט.

מאַריאַ האָט אַ וואָרף געטאָן אַ בליק אויפ'ן דאָקטאָר, און דער בליק איז געווען אַנגסטליך־פרעגענד.

— נו יאָ, — האָט דער בעמערקט, — דאָס קאָן דאָך ניט שאַדען.

— אַליץ מאַך גרייט. איך וויל אין אַ שעה אַרום אויפשטעהן. מיר וועלן אָבפאָהרען גלייך דערמיט, ווי עס וועט זיך בעוויזען דער ערשטער זונענשטראַהל.

---

פעליקס איז אויפגעשטאַנען נאָך מיטאָג. ס'האָט אויסגעזעהען, אַז דער געדאַנק וועגען דער ענדערונג פון וואוינונגס־אָרט האָט זעהר גוט געווירקט אויף איהם. ער איז ניט געשלאָפען, נאָר געלעגען די גאַנצע צייט אויפ'ן דיוואַן; ער האָט זיך אָבער שוין ניט געלאָזען מעהר בעהערשען פון די פערצווייפלונגס־אַנפאַלען און פון דער טעמפּער גלייכגילטיגקייט צו די פערגאַנגענע טעג. ער האָט זיך אינטערעסירט מיט די פאָרבערייטונגען, וואָס מאַריאַ האָט געמאַכט צו דער רייזע, געגעבען עצות, איינגעאָרדענט, בעצייכענט די ביכער פון זיין ביבליאָטעק, וועלכע ער האָט געוואָלט מיטנעהמען מיט זיך, און האָט איינמאָל אַליין געטומען פון זיין שרייב־טיש אַ גרויסען פּאַק פּאַפּירען, אויך אויף אַריינצוטאָן אין קאָרב.

— איך וויל מיינע אַלטע זאַכען דורכזעהן, — האָט ער געזאָגט צו מאַריאַ'ן, און שפּעטער, ווען זי האָט זיך געקליבען די דאָזיגע שריפטען אי'ם קאָרב איינצופּאַקען, האָט ער וויעדער אָנגעהויבען רעדען וועגען דעם. — ווער ווייס, צי די דאָזיגע רוהיגע צייט האָט ניט גוט געווירקט אויף מיין גייסט! איך פיהל פּראָסט, אַז איך בין צייטיג געוואָרען. אין געוויסע צייטען גיעסט זיך אויס עפּעס אַ וואונדערבאַרע קלאָרקייט אויף אַליץ, וואָס איך האָב ביז אַהער איבערגעטראַכט.

אויף צו מאָרגענס, גלייך נאָך יענעם שטורם־און רעגען־וועטער איז אויף דרויסען שען געוואָרען. און אין דעם פערלויף פון די פאָלגענדע טעג איז געוואָרען אַזוי וואַרעם, אַז מ'האָט געקענט די פענסטער אָפען האַלטען. איצט האָט זיך דער גלאַנץ פון אַ וואַרעמען און פריינדליכען הערבסט־נאָכמיטאָג געגליטשט איבער'ן פּאָדלאָגע, און ווען מאַריאַ האָט זיך איינגעבויגען נעבען קאָרב,

האָבּען זיך די זונענשטראַהלען געשפּיעלט אויף איהרע גאָלדענע האָר.

אַלפרעד איז געקומען ריכטיג דאַמאָלס, ווען מאַריאַ האָט זאָרגזאַם בּעהאַלטען די פּאַפּיערען אין קאָרבּ, און ווען פעליקס, אויפ'ן סאָפאַ ליעגענדיג, האָט אָנגעהויבּען רעדען וועגען זיינע פּלענער.

— דאָס זאָל איך אויך ערלויבּען, — האָט אַלפרעד שמייכעלענדיג געפרעגט,— נו, איך האָף, אַז דו וועסט זיין פאָרזיכטיג גענוג, און זיך נישט צו האַפען פאַר דער צייט צום אַרבּייטען.

— אָה, — האָט זיך פעליקס אָבּגערופען, — דאָס וועט פאַר מיך גאָר קיין אַרבּייט נישט זיין. טויזענד נייע און פרישע שיינען זענען איצט אויסגעגאָסען אויף די אַלע געדאַנקען, וועלכע זענען פאַר מיר בּיז אַהער דונקעל געוועזען.

— דאָס אַלץ איז זעהר גוט, — האָט אַלפרעד געצויגען די ווערטער, בּעטראַכטענדיג דעם קראַנקען, וועלכער האָט מיט שטאַרקע בּליקען געקוקט אינ'ם לעדיגען רוים.

— דו פערשטעהסט מיך נישט גוט, — האָט פעליקס ווייטער גערעדט. — קיין שאַרף בּעגרענעצטע אידעע האָבּ איך נאָך איינגענטליך נישט. איך פיהל אָבּער, אַז אין מיין מאַרך קומט פאָר עפּעס אַ מין פאָרבּרייטונג דערצו.

— אַזוי —

— דו ווייסט, מיר קומט פאָר, אַז איך הער, ווי אינסטרומענטען פון אַ אָרקעסטער שפּיעלען זיך איין. דאָס האָט אין דער ווירקליכקייט אויך זעהר שטאַרק געווירקט אויף מיך. און אין איינער פון די נעהנסטע מינוטען וועלען זיך דאָ אַריינרייסען ריינע האַרמאָנישע טענער, און אַלע אינסטרומענטען וועלען ריכטיג צופאַלען... און פּלוצלונג אָבּשפּרינגענדיג האָט ער געפרעגט:

— דו האָסט בּעשטעלט אַ קופּע?

— יאָ, — האָט געענטפערט דער דאָקטאָר.

— אַלזאָ, מאָרגען אין דער פריה, — האָט פרעהליך אויסגעשריען מאַריאַ. זי איז געווען כּסדר בּעשעפטיגט: געלאָפען פון קאָמאָדע צו'ם קאָרבּ, פון דאָרט צו'ם בּיכער־שאַנק, דערנאָך ווידער צו'ם קאָרבּ, איינלעגענדיג און איינפּאַקענדיג. אַלפרעד האָט איבּערגעלעבּט אַ מערקווירדיגע אויפרעגונג. געפינט ער זיך דאָ בּיי

גליקליך־פרעהליכע יונגע מענשען, וועלכע קלויבען זיך אַ לוסט־רייזע צו מאַכען? אַזוי פול מיט פריידיגער האָפנונג, אַזוי פרעהליך כמעט האָט אויסגעזעהן די שטימונג, וואָס האָט היינט געהערשט אין דער שטוב. ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט איהם מאַריאַ אַרויס־בעגלייט.

— אַה, גאָט מיינער! — האָט זי אויסגעשריען, — ווי קלוג איז עס, וואָס מיר פאָהרען אַוועק. איך פרעה מיך אַזוי! און ער איז אויך אַ איבערגעביטענער געוואָרען פון דער צייט, וואָס מ׳האָט אָנגעהויבען ערנסט רעדען וועגען דעם.

אַלפרעד האָט נישט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן. ער האָט איהר דערלאַנגט די האַנד און זיך געווענדעט צום טהיר. דער־נאָך אָבער, זיך צוריק אומווענדענדיג, האָט ער געזאָגט צו מאַריאַ׳ן:

— איהר מוזט מיר צוזאָגען —

— וואָס— וואָס? —

— איך מיין, אַז אַ פריינד איז שטענדיג מעהר, ווי אַ דאָקטאָר. איך בין שטענדיג גרייט אייך צו דינען. איהר דאַרפט נאָר טע־לעגראַפירען.

מאַריאַ האָט זיך דערשראָקען.

— איהר גלויבט, אַז דאָס קאָן נויטיג זיין?

— איך זאָג עס נאָר אַזוי — מאַלע וואָס עס קאָן זיך מאַכען, — און מיט די ווערטער איז ער אַוועקגעגאַנגען.

זי איז געבליבען שטעהן אַ ווײַלע טראַכטענדיג; דערנאָך איז זי געשווינד אַרײַנגעלאָפען אין שטוב, זיך שרעקענדיג דערפאַר, פעליקס זאָל נישט אונרוהיג ווערען פון איהר אַוועקגעהן אויף אַ מינוט. ס׳האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט, אַז ער האָט נאָר אָבגעוואַרט איהר אַרײַנקומען, אום צו ענדיגען זיין פריהערדיגען שמועס.

— דו ווייסט, מאַריאַ, — האָט ער געזאָגט, — די זון האָט שטענדיג אַ גוטען אײַנפלוס אויף מיך. ווען עס וועט דאָרטען קעלטער ווערען, וועלען מיר אַוועק נאָך ווײַטער, צו דער ריוויעראַ, — און דערנאָך, ווי מיינסטו — אין אַפריקאַ? יאָ? אונטער׳ן עק־וואַטאָר וועט מיר דאָס מײַסטער־ווערק בעשטימט געלינגען.

ער האָט אַזוי נאָך ווײַטער געפלוידערט, ביז מאַריאַ איז

צוגעגאַנגען צו איהם, האָט איהם געגלעט די באַקען און שמייכ־לענדיג געזאָגט:

— נו, זאָל דיר שוין זיין גענוג. מ'דאַרף נישט באַלד אַזוי לייכטזיניג ווערען, דו מוזט דיך איצט לעגען אין בעט, וואָרום מאָרגען וועסטו דאָך דאַרפען פריה אויפשטעהן.

זי האָט געזעהן, אַז זיינע באַקען האָבען אָנגעהויבען גליהען און די אויגען פינקלען; און ווען זי האָט אָנגענומען זיינע האַנד, אום איהם צו העלפען אויפשטעהן פון דיוואַן, זענען זיי געווען ברענענד־הייס.

---

ווי עס האָבען זיך נאָר אָנגעהויבען אויף צומאָרגענס וויזען די ערשטע גרויע שטרייפען פון טאָג, איז פעליקס שוין וואַך געווען. ער האָט זיך געפונען אין דעם צושטאַנד פון דער פריידיגער אויפרעגונג, וואָס מ'בעמערקט געוועהנליך ביי אַ שול־קינד, ווען עס ווערט בעפרייט אויף דער צייט פון די זומער־מאָנאַטען. די גאַנצע צוויי שעה, ביז זיי האָבען געזאָלט פאָהרען צו'ם באַהן, איז ער געזעסען אויפן' דיוואַן פאָלשטענדיג צוגעגרייט צו דער רייזע. מאַריאַ איז שוין אויך לאַנג פערטיג געווען. אָנגעטהון אין'ם גרויען שטויב־מאַנטעל און אויפ'ן קאָפּ דעם הוט מיט'ן בלויען שלייער, איז זי געשטאַנען ביי'ם פענסטער, אום צו זעהן, ווי עס וועט צופאָהרען דער פריהצייטיג בעשטעלטער עקיפּאַזש. פע־ליקס האָט אַלע פינף מינוט געפרעגט, צי ער איז שוין צוגעפאָרען. ער האָט אָנגעהויבען אונגעדולדיג ווערען, און פאָרגעלעגט, מ'זאָל שיקען נאָך אַנאַנדער עקיפּאַזש, אין מיטען אָבער האָט מאַריאַ אויסגערופען.

— אָט איז ער, אָט איז ער!

— הער, — האָט זי גלייך צוגעגעבען, — אַלפרעד איז אויך דאָ.

אַלפרעד איז ווירקליך געזעסען אין עקיפּאַזש אָנגעשפאַרט אין ווינקעל. ער האָט זיך פריינדליך געגריסט מיט זיי אויבען און איז גלייך אַריין אין צימער.

— אָ, איהר זענט שוין פיקס און פערטיג, — האָט ער אויס־געשריען, — וואָס וועט איהר אַזוי פריה טהון אויפ'ן וואָקזאַל,

און דערצו נאָך, ווען איהר האָט שוין, ווי איך זעה, געפריהשטיקט אויך?

— פעליקס האָט שרעקליך קיין געדולד נישט, — האָט מאַריאַ געזאָגט.

אַלפרעד איז צוגעגאַנגען צו'ם קראַנקען, וועלכער האָט צו איהם מונטער געשמייכעלט.

— דאָס וועטער צו'ם פאָהרען איז אויסגעצייכענט, — האָט ער געזאָגט.

— יאָ, איהר וועט האָבען זעהר גוט צו'ם פאָהרען, — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט. דערנאָך האָט ער גענומען פון טיש אַ שטיקעל טאָרט און געפרעגט:

— מ'קאָן דאָך?

— איהר האָט נאָך גאָרנישט געמוזט פריהשטיקען? — האָט מאַריאַ אויסגעשריען אונרוהיג.

— יאָ יאָ; אַ גלאָז קאָניאַק האָב איך אויסגעטרונקען.

— וואַרט אַ סעקונדע, אינ'ם קריגעל איז נאָך פערהאַן קאַווע. נישט לאַנג קלערענדיג, האָט זי איהם אָנגעגאָסען די געבליבענע קאַווע, און איז אַרויסגעלאָפען אין פאָדערצימער, אום דער דיענסט עפּעס צו זאָגען. אַלפרעד האָט לאַנג נישט אַוועקגענומען די גלאָז פון זיינע ליפּען: איהם איז שווער געווען צו בלייבען אַליין מיט זיין פריינד, און ער האָט קיין מוט נישט געהאַט אָנצוהויבען רעדען. נאָר אָט איז מאַריאַ צוריק אַריינגעקומען און אָנגעזאָגט, אַז די אין'ם וואָהנונג איז שוין קיין זאַך נישטאָ צו טהון. פעליקס האָט זיך אויפגעהויבען און איז דער ערשטער צו צו'ם טהיר. ער האָט געטראָגען אויף זיך אַ גרויסען רייזע־מאַנטעל, אַ ווייכען, דונקעלען הוט אויפ'ן קאָפּ און אין האַנד האָט ער געהאַלטען אַ שטעקען. אויף די טרעפּ האָט ער אויך געוואָלט זיין דער ערשטער; ווי אָבער ער האָט דעם לעהן מיט'ן האַנד אָנגערירט, האָט ער אָנגעהויבען זיך וואַקלען, אַלפרעד מיט מאַריאַ'ן זענען גלייך צוגעלאָפען צו איהם און איהם אונטערגעהאַלטען.

— מיר שווינדעלט אַביסעל אין קאָפּ, — האָט פעליקס געזאָגט.

— דאָס איז דאָך גאַנץ נאַטירליך, — האָט זיך אַלפרעד

אבגערופען. — ווען מ'טרעט ארויס פון בעט נאך אזוי פיעל וואכען ליעגען.

ער האט גענומען דעם קראנקען פאר איין ארעם, מאריא פאר'ן אנדער'ן און אזוי האבען זיי איהם אראבגעפיהרט. דער קוטשער פון עקיפאזש האט, דערזעהענדיג דעם קראנקען, אראבגענומען דעם הוט.

ביי די פענסטער פונ'ם שטוב געגענאיבער האבען זיך געזעהן עטליכע מיטליידיגע פרויען-געזיכטער. און ווען אלפרעד מיט מאריע'ן האבען דעם טויט-בלאסען מאנספערזאן אריינגעזעצט אין עקיפאזש, איז אויך דער פערוואלטער פון הויז צוגעלאפען, אום בעהילפיג צו זיין. ווען דער עקיפאזש איז שוין געהאט אבגעפאהרען, האבען זיך דער הויז-פערוואלטער מיט די מיטליידיגע פרויען איבערגעווארפען מיט פערשטענדיגע געריהרטע בליקען.

ביז דעם לעצטען קלונג, האט אלפרעד, שטעהענדיג אויפ'ן טרעט-ברעטעל פון וואגאן, געפלוידערט מיט מאריא'ן. פעליקס האט זיך אוועקגעזעצט אין א ווינקעל און אויסגעזעהן גלייכגילטיג צו אלץ. ערשט דאן, ווען ס'האט זיך דערהערט דער ערשטער פייף פון לאקאמאטיוו, איז ער צוריק אויפמערקזאם געווארען, און געשאקעלט מיט'ן קאפ צו'ם צייכען פון אבשייד. דער צוג האט זיך אנגעהויבען ריהרען. אלפרעד איז נאך א ווייליע שטעהן געבליבען אויפ'ן פעראן און האט איהם נאכגעקוקט. דערנאך האט ער זיך פאמעליך געלאזען געהן צוריק.

ווי נאר דער צוג איז אבגעגאנגען פון וואקזאל, האט זיך מאריא געזעצט גאנץ נאהענט פון פעליקס'ן און איהם געפרעגט, צי ער וויל נישט עפעס: זי זאל עפנען די פלאש קאניאק, זי זאל איהם א בוך דערלאנגען, צי זי זאל איהם וואס ס'איז פארלייענען פון דער צייטונג. ער האט אויסגעזעהן פאר אזוי פיעל פריינדליכקייט איהר טיעף דאנקבאר צו זיין און האט איהר געדריקט די האנד. דערנאך האט ער געפרעגט:

— ווען וועלען מיר זיין אין מעראן?

און אזוי ווי זי האט נישט געוואוסט גענוי די צייטען, ווען דער באהן קומט אן, האט ער זיך געלאזען פארלייענען פון רייזע-בוך די וויכטיגסטע דאטומס. ער האט געוואלט וויסען, אויף וועלכער סטאנציע זיי וועלען זיך געפינען אין דער מיטאגס-צייט,

אויף וועלכער סטאנציע עס וועט נאכט ווערען, און זיך אינטערעסירט מיט א מאסע אזעלכע אויסערליכע זאכען, צו וועלכע ער איז שטענדיג געווען גאנץ גלייכגילטיג. ער האט פראבירט בערעכנען, וויפיעל מענשען עס קאנען זיך געפינען אינ'ם גאנצען צוג און נאכגעפרעגט, צי עס געפינען זיך נישט דא קיין יונגע „פארלעך". שפעטער עטוואס, האט ער געבעטען קאניאק, ער האט אבער דערנאך אנגעהויבען אזוי צו הוסטען, אז ער האט ערגערליך אנגעזאגט מאריא'ן, זי זאל איהם נאכאמאל אין קיין פאל נישט געבען דאס, אפילו ווען ער וועט עס בעטען. דערנאך האט ער זיך געלאזען פארלייענען דעם מעטערעאלאגישען בעריכט פון דער צייטונג און צופריעדען געשאקעלט מיט'ן קאפ, ווען עס האט זיך ארויסגעוויזען עפעס א גינסטיגע פאראויסזאגונג. זיי זענען פערבייגעפאהרען דעם זעמערינג. ער האט מיט אויפמערקזאמקייט בעטראכט די זיך ענדערנדע בילדער, וואס האבען זיך דא געזעהן; ער האט זיך אבער בעגנוגענט נאר מיט שטילע אויסדריקען פון צופריעדענהייט, מיט אזעלכע, ווי: „שען, זעהר שען', וועלכע עס האט איינגאנצען געפעהלט די בעטאנונג פון פרייד. צו מיטאג האט ער עפעס גענומען פון די קאלטע שפייזען, מיט וועלכע זיי האבען זיך פערזעהן, און איז זעהר בייז געווארען, ווען מאריא האט איהם נישט געוואלט געבען קיין קאניאק. זי האט זיך ענדליך געמוזט ענטשליסען, איהם צו געבען אביסעל. ער האט איהם גאנץ גוט פערטראגען, איז געווארען פרישער און האט אנגעהויבען צו רעדען וועגען די פערשיעדענסטע זאכען. און פון די שמועסען וועגען די בילדער וואס זענען פערבייגעפלויגען די פענסטער פון קופע, און וועגען דעם, וואס ער האט בעמערקט אויף די סטאנציעס, איז ער גלייך איבערגעגאנגען צו זיך אליין:

— איך האב געלייענט וועגען סאמנאמבולען, וועלכע זעהען אין חלום אזעלכע הייל-מיטלען, אויף וועלכע קיין דאקטאר קאן נישט איינפאלען און מיט דער הילף פון וועלכע זיי ווערען געזונד. איך זאג, אז דער קראנקער דארף פאלגען זיינע נייגונגען.

— געוויס, — האט מאריא געענטפערט.

— דער דרום! די לופט פון דרום! זיי מיינען, אז דער גאנצער אונטערשיעד בעשטעהט נאר אין דעם, וואס דארט איז ווארעם און עס זענען פערהאן א גאנץ יאהר בלומען און

אפשר אויך מעהר אָזאָן און ס'זענען נישטאָ קיין שטורעמס מיט קיין שנעען. ווער ווייס, וואָס עס שוועבט אין דער לופט פונ'ם דרום: אפשר גאָר אַזעלכע געהיימניספולע שטאָפען, וועלכע מיר קאָנען נאָך גאָרנישט.

— דו ועסט דאָרטען בעשטימט געזונד ווערען, — האָט מאַריאַ געזאָגט, נעהמענדיג דעם קראַנקענס הענד און צופיהרענדיג זיי צו איהרע ליפען.

ער האָט נאָך ווייטער גערעדט וועגען די פיעל מאַלער, וועלכע מ'בעגעגענט אין איטאַליען, וועגען דער בענקשאַפט, וועלכע האָט אַזוי פיעל קינסטלער און מלכים געטריעבען קיין רוים, און וועגען ווענעציע, וואו ער איז שוין איינמאָל געוועזען, נאָך מיט אַ לאַנגע צייט פריהער, איידער ער האָט זיך מיט מאַריאַ'ן בעקאַנט. ענדליך איז ער מיעד געוואָרען, און איהם האָט זיך פערוואָלט אויסלעגען אין דער לענג אויף די שטוהלען פון קופע. אַזוי איז ער געבליבען, אַממעהרסטען אין אַ לייכטען דרעמעל פערזונקען, ביז אין אָבענד.

זי איז געזעסען איהם געגענאיבער און האָט איהם בעטראַכט. זי האָט זיך געפיהלט רוהיג, נאָר אַ מילדעס בעדויערן האָט איהר געזאָגט דאָס האַרץ. ער איז געוועזען אַזוי בלייך און אַזוי אַלט איז ער געוואָרען. אַה, ווי זיין שענעס געזיכט איז עס פערענדערט געוואָרען פון פריהלינג אָן! און דאָס איז געוועזען גאָר אַנ'אַנדערע בלאַסקייט, נישט די, וועלכע ליעגט איצט אויך אויף איהרע באַקען, און מאַכט איהר געזיכט נאָך יונגער, מעדעלשער. מיט וויפיעל איז איהר דאָס איצט בעסער פון איהם! נאָך קיינמאָל איז איהר דער געדאַנק אַזוי דייטליך ניט פאָרגעקומען. פאַרוואָס איז איהר שמערץ ניט אַזוי פייניגענד? אַה, דאָס איז געווים נישט דערפאַר, וואָס זי פיהלט נישט אין זיך קיין מיטלייד; אין דעם איז איינפאַך שולדיג די אונבעגרענעצטע מיעדקייט, וועלכע לאָזט איהר נישט אָב שוין אַזוי לאַנג, אפילו אויך דאַן, ווען זי פיהלט זיך פרישער. זי האָט זיך געפרעהט מיט איהר מיעדקייט, וואָרום זי האָט זיך גע-שראָקען פאַר די שמערצען, וואָס וועלען קומען דאַן, ווען זי וועט אויפהערען מיעד צו זיין.

מאַריאַ האָט זיך פלוצלונג אַ האַב געטהון פון דעם שלאָף, אין וועלכען זי איז פערזונקען געוועזען. זי האָט זיך אַרומגעקוקט: ס'איז געוועזען כמעט אינגאַנצען דונקעל. דער שלייער איז געוועזען

אַריבערגעצויגען איבער'ן לאָמפּ, וואָס איז אַראָבגעהאַנגען פון סופית, און דער גאַנצער קופּע איז געווען פערגאָסען מיט אַ מאַט־גרינליכען גלאַנץ. און אין דרויסען, הינטער די פענסטער, איז נאַכט, נאַכט! ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זיי פאָהרען דורך אַ לאַנגען טונעל. פאַרוואָס האָט זי זיך אַזוי האַסטיג אַ האַפּ געטהון? ס'איז דאָך געווען כמעט גאַנץ שטיל, נאָר דאָס איינטאָניגע קלאַפּען פון די רעדער האָט זיך ווײַטער געהערט. ביסלעכווייז האָט זי זיך צוגעוויהנט צו דער מאַטער ליכטיגקייט, און איצט האָט זי ווידער געקאָנט בעמערקען די געזיכטס־ציגע פון'ם קראַנקען. ער האָט אויסגעזעהן גאַנץ רוהיג צו שלאָפען, און איז געלעגען אין ווינקעל אונבעוועגליך. פּלוצלונג האָט ער טיעף אָבגעזיפצט, אונרוהיג, יאָמערדיג. איהר האָט אָנגעהויבען קלאַפּען דאָס הארץ. ער האָט מסתמא פריהער אויך אַזוי געזיפצט, און דאָס האָט איהר אויפגעוועקט. אָבער וואָס איז דאָס געווען? זי האָט זיך נעהנטער צוגעקוקט צו איהם. ער איז גאָר נישט געשלאָפען. מיט ווײַט, ווײַט־פונאַנדערגעעפענטע אויגען איז ער דאָ געלעגען, גאַנץ דײַטליך האָט זי עס געקאָנט איצט זעהן. זי האָט זיך געשראָקען פאַר די אויגען, וועלכע האָבען שטאַר געקוקט אינ'ם פוסטע, אינ'ם ווײַטע, אינ'ם דונקעלע. און ווידער אַ זיפץ, נאָך קלינגענדער פון דעם ערשטען. ער האָט זיך אַ רודער געטהון און ווידער אָבגעזיפצט, נישט שמערצליך, גיכער ווילד. און פּלוצלונג האָט ער זיך אויפגעזעצט, אָנגעשפּאַרט זיך מיט ביידע הענד אָן קישען, און אַראָבשלײַדערנדיג פון זיך מיט די פיס דעם גרויען פלאַשץ, מיט וועלכען ער איז געווען צוגעדעקט, פראָבירט אויפשטעהן. די בעוועגונגען פון צוג אָבער, האָבען איהם געשטערט, און ער איז צוריק געבליבען ליעגען אין ווינקעל. מאַריאַ איז אויפגעשפּרונגען און האָט געוואָלט אַרויפציהען דעם גרינעם שלייער פון לאָמפּ. זי האָט זיך אָבער מיט איין מאָל דערפיהלט איינגעשלאָסען אין זײַנע אָרעמס, און איצט האָט ער אַרויפגעצויגען דער זיך־טרייסלענדער צו זיך אויף די קניע.

— מאַריאַ, מאַריאַ! — האָט ער געזאָגט מיט אַ הייזעריגער שטימע.

זי האָט זיך געוואָלט פרײַ מאַכען, איהר איז עס אָבער נישט געלונגען: ס'האָט אויסגעזעהן, אַז אַלע קרעפטען האָבען זיך צוריקגעקעהרט צו איהם, און ער האָט זי שטאַרק צוגעפרעסט צו זיך.

— דו ביזט גרייט, מאַריאַ? — האָט ער געשעפּטשעט אין דער שטיל, האַלטענדיג זיינע ליפּען גאַנץ נאָהנט פון איהר האַלז. זי האָט קיין זאַך נישט פערשטאַנען און געפיהלט נאָר אַ אונבעשרייבליכע אַנגסט. זי איז געווען שוצלאָז, זי האָט געוואָלט שרייען.

— דו ביזט גרייט? — האָט ער נאָכאַמאָל געפרעגט, האַלטענדיג איהר שוין שוואַכער עטוואָס, אַזוי אַז זי האָט געפיהלט זיינע ליפּען, זיין אָטעם און זיין שטימע ווייטער פון זיך און געקאָנט פריי אָטעמען.

— וואָס ווילסטו? — האָט זי געפרעגט מיט אַנגסט.

— דו פערשטעהסט מיך נישט? — האָט ער איבערגעפרעגט.

— לאָז מיך, לאָז מיך, — האָט זי געשריען; איהר געשריי אָבער איז פערטויבט געוואָרען אינ'ם גערויש פונ'ם שנעל־פליהענדען צוג.

ער האָט זיך אויף איהרע געשרייען נישט אומגעקוקט. זיינע הענד האָבען זיך אַראָבגעלאָזען, זי האָט זיך שנעל אַ הויב געטהון פון זיינע קניע און אַוועקגעזעצט אינ'ם ווינקעל געגענאיבער.

— פערשטעהסטו דו מיך נישט? — האָט ער ווידער געפרעגט.

— וואָס ווילסטו? — האָט זי געשעפּטשעט פון איהר ווינקעל אַרויס.

— אַ ענטפער וויל איך, — האָט ער ערקלערט.

זי האָט געשוויגען, זי האָט זיך געטרייסעלט, זי האָט געבענקט נאָכ'ן טאָג.

— די שעה רוקט זיך נעהנטער, — האָט ער שטילער געזאָגט, אָנבויגענדיג זיך צו איהר, אַזוי אַז זי האָט געקאָנט דייטליך הערען זיינע ווערטער. — איך פרעג דיך, צי דו ביזט גרייט?

— וועלכע שעה?

— אונזער! אונזער!

זי האָט איהם פערשטאַנען. די אַנגסט האָט איהר צוזאַמענגעפּרעסט דעם האַלז.

— געדענקסטו, מאַריאַ — האָט ער ווייטער גערעדט, און אין דעם טאָן פון זיין שטימע האָט זיך געפיהלט עטוואָס מילדעס, כמעט בעטענדעס. ער האָט גענומען איהרע ביידע הענד אין זיינע.

דו האָסט מיר אַ רעכט געגעגעבען, דיך אַזאַ פראַגע צו שטעלען, — האָט ער ווייטער געפליסטערט, — דערמאָהנסטו דיך דאָס?

זי איז אַביסעל צו זיך געקומען, וואָרום נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די ווערטער, וועלכע ער האָט גערעדט, זענען שרעקליכע געווען, האָבען דאָך זיינע אויגען אויפגעהערט צו קוקען אַזוי שטאַר און זיין שטימע האָט פערלוירען דעם שרעקענדען טאָן. ס'האָט אויסגעזעהען איצט, אַז ער בעט איהר עפּעס. און ער האָט ווידער געפרעגט, כמעט וויינענדיג:

— דערמאָהנסטו דיך?

דאָס מאָל האָט זי שוין געפונען די קראַפט איהם צו ענטפערן האָמש איהרע ליפּען האָבען געציטערט:

— וואָס'רע קינד דו ביזט, פעליקס!

ער האָט איהר, ווי ס'האָט אויסגעזעהען, גאָרנישט געהערט. מיט גלייכע טענער, אַזוי ווי ווען האַלבפערגעסענע זאַכען וואָלטען איהם צוריק קלאָר ווערען, האָט ער געזאָגט:

— עס רוקט זיך אָן די ענדע, און מיר מוזען אַוועק פון דאַנען, מאַריאַ; ס'איז אָנגעקומען אונזער צייט.

עטוואָס טרייבענדעס, בעשטימטעס און אונפערמיידליכעס איז געלעגען אין די ווערטער, וועלכע זענען אַזוי שטיל אַרויסגערעדט געוואָרען. וואָלט ער זי בעסער שרעקען; זי וואָלט זיך דאַן בעסער געקענט וועהרען. איין מינוט, ווען ער האָט זיך צוגערוקט נעהנטער צו איהר, האָט איהר בעהערשט אַ אונגעהויערע שרעק; איהר האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז ער וועט זיך אַרויפוואַרפען אויף איהר און זי דערשטיקען. זי האָט שוין אַ טראַכט געטאָן וועגען דעם, אָבצושפּרינגען פון דאַנען אין'ם אַנדערן ווינקעל פון קופּע, אויסצושלאָגען דעם פענסטער און רופען צו הילף. אין דעם זעלביגען מאָמענט אָבער, האָט ער אַרויסגעלאָזען איהרע הענד פון זיינע און זיך אָנגעשפּאַרט צוריק, אַזוי ווי ווען ער וואָלט נישט האָבען מעהר וואָס צו זאָגען.

דאַן האָט זי זיך אָבגערופען:

— וואָס רעדסטו אַזוינס, פעליקס! איצט, ווען מיר פאָהרען אין דרום, וואו דו וועסט פאַלקאָם געזונד ווערן.

ער איז געזעסען אָנגעשפּאַרט אויף הינטען און אויסגעזעהען ווי פערזונקען אין זיינע געדאַנקען. זי איז אויפגעשטאַנען און האָט

שנעל אַוועקגערוקט דעם גרינגעם שלייער פון לאָמפּ. אָה, ווי גוט איהר איז געוואָרען! ס'איז מיט איין מאָל ליכטיג געוואָרען, איהר האַרץ האָט אָנגעהויבען לאַנגזאַמער צו קלאַפּען, און איהר שרעק איז פערשוואונדען געוואָרען. זי האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט אין איהר ווינקעל; ער האָט געקוקט אויף דר'ערד און דערנאָך אויפגע־הויבען די אויגען צו איהר.

— מאַריאַ, האָט ער לאַנגזאַם געזאָגט, מיך וועט די ליכ־טיגקייט שוין ניט פערבלענדען און דער דרום אויך ניט. היינט האָב איך עם פערשטאַנען.

פּאַרוואָס רעדט ער איצט אַזוי רוהיג, האָט מאַריאַ געטראַכט. וויל ער מיך ניט אַמאָל איינוויעגען מיט דעם זיכערן טאָן זיינעם? שרעקט ער זיך ניט אַמאָל דערפאַר, טאָמער וועל איך פּראָבירען מיך ראַטעווען? און זי האָט בעשלאָסען ביי זיך, פאָרזיכטיג צו זיין. זי האָט ניט אויפגעהערט צו קוקען אויף איהם, זי האָט זיך ניט איינגעהערט מעהר, וואָס ער רעדט, און נאָכגעקוקט יעדען ריהר, יעדען בליק זיינעם. ער האָט געזאָגט:

— דו ביזט דאָך פריי, דיין שבועה זאָגאַר פערבינדט דיך אויך ניט. קען איך דען דיך צווינגען? — דו ווילסט מיר די האַנד ניט געבען?

זי האָט איהם געגעבען די האַנד, אָבער אַזוי, אַז איהרע איז געלעגען איבער זיינער.

— וואָלט שוין אַמאָל טאָג געוואָרען! — האָט ער געפּליסטערט.

— איך וועל דיר עפּעס זאָגען, פעליקס, — האָט מאַריאַ זיך אָנגערופען, — פּראָביר נאָך אַביסעל שלאָפען! באַלד וועט טאָג ווערן; אין עטליכע שעה אַרום וועלן מיר אָנקומען אין מעראַן.

— איך קען מעהר ניט שלאָפען! — האָט ער געענטפערט און אויפגעהויבען די אויגען. אין דער סעקונדע האָבען זיך זייערע בליקען בעגעגענט. ער האָט געמערקט אין איהר בליק דאָס פער־דעכטיגע, לויערנדע און אין דעם זעלביגען מאָמענט איז איהם אַלץ קלאָר געוואָרען. זי האָט איהם געוואָלט ברענגען צום שלאָפען, אום צו קענען אויף דער נעהנסטער סטאַנציע אונבעמערקטערהייד אַראָבגעהן און אַנטלויפען פון איהם.

— וואָס טראַכסטו צו טאָן? — האָט ער אַ געשריי געטאָן. איהר איז אַ שוידער דורכגעלאָפען איבער'ן לייב.

— גאָרנישט.

ער האָט פּראָבירט אויפשטעהן. ווי זי האָט דאָס בּעמערקט, איז זי אַנטלאָפען פון איהר ווינקעל אין אַנדערן, ווייט פון איהם.

— לופט! — האָט ער געשריען, — לופט!

ער האָט אויפגעעפענט דעם פענסטער און אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ אין דער נאַכט-לופט. מאַריאַ האָט זיך בּערוהיגט: איהם האָט פערפעהלט לופט צום אָטעמען, און דאָס האָט איהם געטריעבען זיך אויפצוהויבען. זי איז ווידער צוגעגאַנגען צו איהם און האָט איהם פאָרזיכטיג אָבגעצויגען פון פענסטער.

— דאָס קען דאָך נישט דיר לייכטער מאַכען, — האָט זי געזאָגט.

ער האָט זיך צוריק אַראָבגעלאָזען אין זיין ווינקעל, שוועהר אָטעמענדיג. זי איז געבּליבען אַ ווייַלע שטעהן נעבען איהם, מיט איין האַנד אָנגעשפּאַרט אָן דעם ראַנד פון פענסטער, דערנאָך האָט זי זיך ווידער אַוועקגעזעצט אויף איהר פריהערדיגען פּלאַץ איהם געגענאיבּער. נאָך אַ קורצע ווייַלע האָט זיך זיין אָטעם בּערוהיגט; אַ לייכטעס שמייכעלע האָט זיך אַ שפּיעל געטאָן אויף זיינע ליפען. זי האָט איהם אָנגעקוקט, פערלעגען, מיט אַנגסט.

— איך וועל פערמאַכען דעם פענסטער, — האָט זי געזאָגט.

ער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— דער מאָנגענשטערן! דער מאָרגענשטערן! — האָט זי אויסגערופען.

אויפ'ן האָריזאָנט האָבען זיך געוויזען גרוי-רויטליכע שטרייפען.

לאַנג זענען זיי בּיידע געזעסען שווייַגענדיג איינער אַנטקעגען אַנדערן. ענדליך האָט ער אָנגעהויבען רעדען, און יענס שמייכעלע האָט זיך געשפּיעלט אַרום זיין מויל:

— דו בּיזט נישט גרייט!

זי האָט איהם געוואָלט ענטפערן וואָס ס'איז אויף איהר שטייגער, אַז ער איז אַ קינד אָדער דערגלייכען, זי האָט אָבער נישט געקענט. זיין שמייכעל האָט איהר נישט געלאָזען ענטפערן.

דער צוג האָט אָנגעהויבען פאָהרען לאַנגזאַמער. אין צוויי דריי מינוט אַרום זענען זיי צוגעקומען צו דער פריהשטיק-סטאַנציע. אויפ'ן פעררון זענען אַרומגעלאָפען קעלנער מיט קאַווע און געבעקס. אַ סך רייזענדע זענען אַרויס פון וואַגאָן; ס'איז געוואָרען אַ ליאַרם און אַ רופעריי. מאַריאַ האָט זיך געפיהלט ריכטיג, ווי ווען זי וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון אַ שוועהרען חלום. דער דאָזיגער טומעל פון טאָק-

זאַל איז איהר זעהר אַנגענעם געװען. מיט אַ געפיהל פון פאָלקאָמענער זיכערקײט האָט זי זיך אויסגעהויבען און אַרויסגעקוקט אויפ'ן פערראָן. ענדליך האָט זי צוגעװאונקען אַ קעלנער און זיך גע־לאָזען אַרײַנדערלאַנגען אַ טאַץ קאַװע. פעליקס האָט געקוקט, װי זי טרינקט די קאַװע; ער האָט אָבער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף ניִשט, װען זי האָט איהם אויך געװאָלט געבען.

באַלד דערנאָך האָט זיך דער צוג װידער אָנגעהויבען בעװעגען, און װען זײַ זענען אַרויסגעפאָהרען פון דער באַהן־האַללע איז שוין געװען גוט ליכטיג. און שען! און דאָרט װײַט האָבען זיך געזעהען די בערגער, בעגאָסען מיט דער פריהמאָרגענדיגער רויט־קײַט! מאַריאַ האָט בעשלאָסען בײַ זיך, שוין קײנמאָל זיך ניִשט צו שרעקען מעהר פאַר דער נאַכט. פעליקס האָט געקוקט די גאַנצע צײַט אין פענסטער, און האָט, װי ס'האָט אויסגעזעהען, געזוכט אויסצומײַדען איהרע בליקען. איהר האָט זיך געדאַכט, אַז ער מוז זיך שעמען אַביסל פאַר די מעשים פון דער פערגאַנגענער נאַכט. דער צוג האָט זיך נאָך עטליכע מאָל אָבגעשטעלט, און עס איז געװען אַ שענער, זומערדיג־װאַרעמער פריהמאָרגען, װען ער איז אַרײַנ־געפאָהרען אין דער האַללע פון מעראַן.

— מיר זענען שוין אין מעראַן! — האָט מאַריאַ אויסגערופען,— ענדליך! ענדליך!

---

זײַ האָבען געדונגען אַ עקיפּאַזש און זענען אַרומגעפאָה־רען, אום זיך אויסצוגעפינען אַ פּאַסענדע װאוינונג.

— שפּאָרען דאַרפען מיר ניִשט, — האָט פעליקס געזאָגט.— מײַן פערמעגען װעט נאָך גענוג זײַן אויף לאַנג.

בײַ עטליכע װיללען האָבען זײַ געהײסען דעם קוטשער זיך אָבשטעלען, און װען ער איז געבליעבען אין עקיפּאַזש, האָט מאַריאַ בעזעהען די װאוינונגען און די גערטנער. באַלד האָבען זײַ זיך אויס־געפונען אַ פּאַסענדע װאוינונג. דאָס איז געװען אַ גאַנץ קלײן הײַזעל, אַ אײנ־עטאַזשיגעס, מיט אַ קלײנעם גאָרטען. מאַריאַ האָט געבעטען דער פערדינגערין פון דעם הײַזיל, זי זאָל אַרויסגעהן מיט איהר אין דרויסען, אום צו ערקלערען דעם יונגען מאַן, װאָס זיצט אין עקי־פּאַזש די פערשידענע מעלות פון דער װיללאַ. פעליקס האָט אויף

אַלץ אײַנגעשטימט, און אין עטליכע מינוט אַרום האָט דאָס פּאָר איבערגענומען די וויללאַ.

פעליקס, נישט נעהמענדיג קיין אַנטהייל אין די טענות וועגען פערשידענע ווירטשאַפטליכע קלייניגקייטען, וואָס האָבען אינטערעסירט, מאַריאַ'ן, איז גלייך אַריין אין שלאָפציממער, און האָט איהם פלינק בעטראַכט. דאָס איז געווען אַ גערוימעס און פריינדליכעס צימער, מיט זעהר ליכטיגע, גרינליכע טאַפּעטען און איין גרויסען פענסטער, וואָס איז איצט געשטאַנען אָפען, אַזוי אַז דאָס גאַנצע צימער איז געווען אָנגעפילט מיט דעם ריח פון גאָרטען. נעבען דעם פענסטער זענען געשטאַנען די בעטען; פעליקס איז געווען אַזוי מיעד, אַז ער האָט זיך גלייך אַ וואָרף געטאָן אויף איינס פון זיי.

אונטער דער צייט האָט זיך מאַריאַ געלאָזען אַרומפיהרען פון דער פערדינגעריןן און האָט זיך בעזונדער געפרעהט מיט'ן גאָרטען, וואָס איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ הויכען צוים און אין וועלכען מ'האָט געקענט דורך אַ הינטער־טהירל אַריינגעהן, גאָרנישט דורכגעהענדיג די שטוב. הינטער דעם צוים האָט זיך געצויגען אַ ברייטער וועג צום וואָקזאַל, וועלכער איז געווען גלייכער און קירצער פון דעם וועג, אויף וועלכען ס'האָט זיך געפונען דער פּאַסאַד פון שטוב.

ווען מאַריאַ איז ווידער אַריינגעקומען אין דעם צימער, אין וועלכען זי האָט פעליקס'ן געלאָזען, האָט זי איהם געפונען ליעגענדיג אויפ'ן בעט. זי האָט איהם גערופען; ער האָט נישט געענטפערט. זי איז צוגעגאַנגען נעהנטער צו איהם: ער איז געווען נאָך בלאַסער, ווי ביז אַהער. זי האָט איהם ווידער גערופען — קיין ענטפער; — ער האָט זיך נישט גערירט. אַ שרעקליכע אַנגסט האָט איהר אַרומגענומען, זי האָט אַריינגערופען דער פרוי און געשיקט איהר נאָך אַ דאָקטאָר. ווי נאָר די פרוי איז אַרויסגעגאַנגען, האָט פעליקס די אויגען געעפענט. אין דער מינוט אָבער, ווען ער האָט געוואָלט אָנהויבען עפּעס צו רעדען, האָט ער זיך אויפגעהויבען מיט אַ שמערצליך־פערקרימטען געזיכט, איז צוריק אַראָבגעפאַלען אויפ'ן קישען און האָט אָנגעהויבען האָרהלען מיט'ן האַלז. פון זיינע ליפּען האָט אַראָבגערונען עטוואָס בלוט. מאַריאַ האָט זיך אײַנגעבויגען איבער איהם ראַטלאָז, פערצווייפעלט. דערנאָך איז זי צוגעלאָפען צום טהיר, זעהן, צי דער דאָקטאָר געהט נאָך נישט, איז ווידער צו צוריק

צו איהם און האָט אויסגעשריען זײַן נאָמען. „אַה, ווען אַלפרעד וואָלט עס דאָ זײַן“! — האָט זי געטראַכט.

ענדליך איז געקומען דער דאָקטאָר, אַ עלטערער מענש מיט גרויע באַקען־בערד.

— העלפט! העלפט! — האָט איהם מאַריאַ אַנטקעגענגעשריען. דערנאָך האָט זי איהם ערקלערט, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, אויף וויפיעל זי האָט עס געקענט בעוויזען אין איהר אויפגערעגטען צושטאַנד. דער דאָקטאָר האָט בעטראַכט דעם קראַנקען, איהם אויסגעהערט דעם פולס, געזאָגט, אַז איצט, גלייך נאָך דעם בלוטשטורץ, קען ער איהם נישט אונטערזוכען, און האָט איינגעאָרדענט דאָס נויטיגסטע. מאַריאַ האָט איהם אַרויסבעגלייט, און געפרעגט, וואָס זי האָט צו ערוואַרטען.

— דאָס קען איך נאָך נישט זאָגען, — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט, — אַ קליין ביסעלע געדולד! מיר דאַרפען האָפען!

ער האָט צוגעזאָגט נאָך היינט אין אָבענד נאָכאַמאָל צו קומען, און האָט זיך פון עקיפּאַזש אַרויס אַזוי פריינדליך און פריי געזעגענט מיט מאַריאַ'ן, וועלכע איז געבליבען שטעהן אויפ'ן שוועל, דיכטיג ווי ווען ער וואָלט איהר דאָ האָבען געמאַכט אַ געוועהנליכען וויזיט.

מאַריאַ איז איין סעקונדע געבליבען שטעהן דאָ ראַטלאָז; באַלד אָבער איז איהר איינגעפאַלען אַ געדאַנק, וועלכער האָט איהר געשיינט אַ הילף צו ברענגען, און זי איז געשווינד געלאָפען אויף די פּאָסט, אום אַוועקצושיקען אַ טעלעגראַמע צו אַלפרעד'ן. נאָכ־דעם, ווי זי האָט די דעפּעשע אָבגעשיקט, האָט זי געפיהלט אַ פערגרינגערונג. זי האָט געדאַנקט דער פרוי, וועלכע האָט זיך בע־מיהט נעבען קראַנקען אין דער צייט, וואָס זי איז נישט געווען; האָט זיך ענטשולדיגט פאַר דער אונאַנגענעמליכקייט, וואָס מ'האָט איהר דאָ פערשאַפט גלייך דעם ערשטען טאָג, און צוגעזאָגט, נישט צו פערגעסען איהר די טובה.

פעליקס איז נאָך אַליין געלעגען, אַ אָנגעטהוענער, אָהן בע־וואוסטזיין אויפ'ן בעט אויסגעצויגען, זײַן אָטעם אָבער איז רוהיג געוואָרען. ווען מאַריאַ האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפ'ן בעט דעם קראַנקען צוקאָפּענס, האָט איהר די פרוי געטרייסט; דערצעהלט פון אַ סך שווינד־קראַנקע, וועלכע זענען אין מעראַן געזונד געוואָרען און וועגען דעם,

אַז זי אַליין האָט אויך אין דער יוגענד געליטען, און האָט זיך דאָ — ווי מ'קען זעהען אָן איהר — וואונדערבאַר ערהאָלט. דערבײַ זענען איהר איבערהויפּט אַ סך אונגליקען געשעהען. איהר מאַן איז געשטאָרבען צוויי יאָהר נאָך דער התונה, די זיהן וואַלגערן זיך ערגעץ אַרום, — יאָ, אַלץ האָט געקענט אַנדערש זײַן, נאָר איצט פיהלט זי זיך גליקליך, וואָס זי האָט געקריגען די שטעלע דאָ אין דעם הויז. אויף דעם בעזיצער פון הויז איז זיך נישטאָ וואָס צו קלאָגען; ער קומט העכסטענס צוויי מאָל אין מאָנאַט פון באָזען, אום צו זעהן, צי אַלץ איז אין אָרדנונג. אַזוי האָט זי אָבגעפּלוידערט וועגען טויזענדער פערשידענע זאַכען און איז געווען, פול מיט פריינדליכקייט. זי האָט זיך אָנגעבאָטען, דעם קאָרב אויסצופּאַקען, און מאַריאַ האָט דעם פאָרשלאַג מיט דאַנק אָנגענומען; דערנאָך האָט זי געבראַכט דעם מיטאָג אין צימער. מילך פאַר'ן קראַנקען איז שוין געשטאַנען גרייט, און די לייכטע בעוועגונגען, וואָס האָבען זיך געלאָזען בעמערקען בײַ'ם קראַנקען, האָבען אָנגעזאָגט, אַז ער וועט באַלד צו זיך קומען.

ענדליך איז פעליקס ווידער צום בעוואוסטזײַן געקומען, האָט עטליכע מאָל אומגעווענדעט דעם קאָפּ אַהין און אַהער און אָבגעשטעלט זײַן בליק אויף מאַריאַ'ן, וועלכע האָט זיך אָנגעבויגען איבער איהם. ער האָט געשמייכעלט און שוואַך געדריקט איהר די האַנד.

— וואָס אַזוינס איז עס געווען מיט מיר? — האָט ער געפרעגט.

דער דאָקטאָר, וועלכער איז נאָך מיטאָג ווידער געקומען, האָט איהם געפונען פיעל בעסער און פעראָרדענט, מ'זאָל איהם אויסטאָן און אַרײַנלעגען אין בעט. פעליקס האָט גלײַכגילטיג געלאָזען טאָן מיט זיך אַלץ.

מאַריאַ איז נישט אָבגעגאַנגען אַ טריט פון קראַנקענ'ס בעט. אַה, וואָס'רע אונענדליכער נאָכמיטאָג דאָס איז געווען! דורכ'ן פענסטער, וועלכעס איז געבליבען, אויף דעם דאָקטאָר'ס אויסדריקליכען בעפעהל, שטעהן אָפען, האָבען זיך אַרײַנגעריסען אין צימער די מילדע ריחות פון גאָרטען, — און אַזוי שטיל איז דאָ געווען! מאַריאַ האָט זיך מעכאַניש צוגעקוקט צו די זונענשטראַהלען, וואָס האָבען זיך געשפּיעלט אויפ'ן פּאָדלאָגע, און פעליקס האָט די גאַנצע צײַט געהאַלטען איהר האַנד אַרומגענומען. זײַנע הענד זענען געווען קיהל און

פּײַכט, און האָבּען אַרױסגערופען בײַ מאַריאַ'ן אַ אונאַנגענעמע עמפּ־פינדונג. אָפטמאָל האָט זי איבּערגעריסען די שװײַגעניש מיט אַ פּאָר װערטער, צו װעלכע זי האָט זיך אײגענטליך געמוזט צװינגען.

— דיר איז שױן איצט בּעסער, ניין? נו, 'אָט זעהסטו!... מ'דאַרף נישט רעדען!... דו טאָרסט נישט!... איבּערמאָרגען װעסטו שױן קענען געהן אין גאָרטען!

ער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געלאַכט. דערנאָך האָט מאַריאַ בּערעכענט, װען אַלפרעד קען קומען. מאָרגען אין אָבּענד קען ער דאָ זײַן. אַלזאָ נאָך אײן נאַכט און אײן טאָג. װען ער װאָלט עס דאָ זײַן!

ס'האָט זיך געדאַכט, אַז דער נאָכמיטאָג װעט זיך שױן קײנמאָל נישט ענדיגען — אַזױ לאַנג האָט ער זיך געצױגען. די זון איז פערשװאונדען געװאָרען און אין צימער אַלײן האָט שױן אױך אָנגעהױבּען דונקעל צו װערען; װען מאַריאַ אָבּער האָט אַרױסגעקוקט אין גאָרטען האָט זי נאָך געזעהען אױף די װײַסע זאַמד־װעגען און דאָרט אױף די שפּיצען גראַטעס פון צױם זיך גליטשענדיג די געלבּליכע זונען־שטראַהלען. פּלוצלונג, ריכ־טיג אין דער מינוט, װאָס זי האָט אַרױסגעקוקט אין דרױסען, האָט זי דערהערט דעם קראַנקען'ס שטימע רופענדיג:

— מאַריאַ!

זי האָט זיך געשװינד אומגעװענדעט צו איהם מיט'ן קאָפּ.

— איצט איז מיר פיעל בּעסער, — האָט ער גאַנץ הױך געזאָגט.

— דו דאַרפסט נישט רעדען הױך, — האָט זי איהם צערטליך געװאָרנט.

— פיעל בּעסער, — האָט ער געפּליסטערט אין דער שטיל. — דאָס איצטיגע מאָל איז אַריבּער גאַנץ גוט; אפשר איז עס געװען דער קריזיס.

— געװיס! — האָט מאַריאַ בּעשטעטיגט.

— איך לעג אַ סך האָפנונג אױף דער גוטער לופט. קױם אָבּער װעט עס נאָכאַמאָל פאָרקומען — בּין איך פערלױרען.

— דו זעהסט דאָך אָבּער, אַז דו פיהלסט דיך שױן װידער פריש און מונטער.

— דו בּיזט אַ װאױלע, מאַריאַ; איך דאַנק דיר. נאָר זעה,

פּפלעג מיך גוט. גיעב אַכטונג אויף מיר, גיעב אַכטונג!
— דו דאַרפסט עס מיר דען זאָגען? — האָט זי געענטפערט מיט אַ לײַכטער פּרעטענזיע.

ער אָבער האָט ווײַטער געפליסטערט:

— וואָרום קוים וועל איך מוזען שטאַרבען, וועל איך דיך מיטנעהמען.

אַ טוידטליכע אַנגסט האָט איהר דורכגעשוידערט, ווען ער האָט דאָס אַרויסגערעדט. פאַרוואָס עפּעס? פון זײַן זײַט איז דאָך איהר איצט קיין שום געפאַהר נישט פאָרגעשטאַנען — ער איז דאָך געווען צו שוואַך, אום איהר צו קענען עפּעס טאָן. זי איז איצט געווען צעהן מאָל שטאַרקער פון איהם. וועגען וואָס האָט ער עס געקאָנט טראַכטען? וואָס האָט ער געזוכט מיט זײַנע אויגען אין דער לופט, אויפ'ן וואַנט, אינ'ם לעדיגען רוים? ער האָט זיך נישט געקאָנט אַפילו אויפהויבען און האָט קיין געוועהר נישט. אָבער אפשר גיפט. ער האָט זיך געקאָנט אײַנשאַפען ערגעץ גיפט, אפשר טראָגט ער עס בײַ זיך און האָט עס געוואָלט איהר אַרײַנשיטען אינ'ם גלאָז, פון וועלכען זי האָט געטרונקען. וואו אָבער האָט ער עס געקאָנט בעהאַלטען? זי אַליין האָט דאָך איהם געהאָלפען אויסטהון.

אפשר האָט ער אַמאָל דעם פּראָשעק בײַ זיך אין בריעף־קעשענע? ניין, ניין! ניין! דאָס איז געווען נישט מעהר, ווי גערעדט פון היץ, אָדער ער האָט איהר געוואָלט פּײַניגען אַביסעל, מעהר גאָרנישט... אויב אָבער דאָס פיבער האָט געקאָנט אַרויסרופען בײַ איהם אַזעלכע ווערטער און אַזעלכע געדאַנקען, פאַרוואָס־זשע זאָל דאָס איהם נים ברענגען אויך צו טהאַטען? אפשר וועט ער זיך טאַקע בענוצען מיט דעם מאָמענט, ווען זי וועט שלאָפען, אום איהר צו דערשטיקען? דערצו דאַרף מען דאָך קיין סך כה נישט האָבען. זי קאָן גלײַך בלײַבען אָהן קרעפטען, און דאַן איז זי שוצלאָז. אָהה! זי וועט היינט בײַנאַכט נישט שלאָפען... און מאָרגען וועט שוין אַלפרעד זײַן!...

דער אָבענד האָט זיך אַוועקגערוקט, ס'איז געוואָרען נאַכט. פעליקס האָט נישט גערעדט מעהר קיין וואָרט; דאָס שמײַכעל אָבער איז אויך אינגאַנצען פערשוואונדען געוואָרען פון זײַנע ליפּען. מיט איין און דער זעלביגער טריבער ערנסטקײַט האָט ער כסדר געקוקט

פֿאַר זיך אינ'ם רוים. ווען עס איז דונקעל געוואָרען, האָט די פרוי אָרייַנגעבראַכט ברענענדע ליכט און האָט זיך געקליבען אויסצובעטען דאָס בעט, וואָס איז געשטאַנען נעבען דעם בעט פון קראַנקען. מאַריאַ האָט איהר אַוואונק געגעבען מיט'ן האַנד, אַז מ'דאַרף דאָס נישט. פעליקס האָט עס בעמערקט.

— פאַרוואָס נישט? — האָט ער געפרעגט. און גלייך צוגעגעבען: — דו ביזט צו גוט, מאַריאַ; נעהם און לעג דיך שלאָפען; איך פיהל מיך דאָך בעסער.

איהר האָבען געקלונגען די ווערטער, ווי אַ גיפטיגע איראָניע. זי האָט זיך נישט געלעגט שלאָפען. די דאָזיגע לאַנגע, שטומע נאַכט האָט זי פערבראַכט נעבען זיין בעט, נישט פראָבירענדיג אפילו אַ אויג צוטהון. פעליקס איז כמעט די גאַנצע צייט געלעגען רוהיג. אָפטמאָל איז איהר אייַנגעפאַלען אַ קלער צו טהון, צי ער מאַכט זיך נישט אַמאָל שלאָפענדיג, אום איהר אָבצונאַרען. זי האָט זיך נעהנטער צוגעקוקט צו איהם; צוליעב דעם פינקלענדען פייער פון די ליכט, האָבען זיך אָבער אויסגעוויזען אַזעלכע צוקענדע בעוועגונגען ביי'ם קראַנקען אַרום די ליפען און אַרום די אויגען, וועלכע האָבען איהר צוטומעלט. אייַנמאָל איז זי צוגעגאַנגען צו'ם פענסטער און אַרויסגעקוקט אין גאָרטען, וועלכער איז געווען פערצויגען מיט אַ מאַט-בלויער גרויקייט. און ווען זי האָט אַביסעל אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ און אַרויפגעקוקט אין דער הויך, האָט זי געקאָנט זעהן דער לבנה, וועלכע האָט אויסגעזעהן איצט, ווי זי וואָלט שוועבען גלייך איבער די בוימער. אין דער לופט האָט זיך קיין זאַך נישט גערירט, און אין דער אונענדליכער שטילקייט און אונבעוועגליכקייט, וועלכע האָט איהר אַרומגעהילט, האָט זיך איהר אויסגעוויזען, אַז די גראַטעס פונ'ם צוים, וועלכע זי האָט געקאָנט גאַנץ דייטליך בעמערקען, האָבען זיך פאַמעליך בעוועגען פאָראויס און זענען דערנאָך וויעדער שטעהן געבליבען. נאָך אַ האַלבע נאַכט האָט זיך פעליקס אויפגעהאַפּט. מאַריאַ האָט איהם צורעכט געמאַכט די קישענס און אין דער זעלביגער צייט, ווי אונטערגעבענדיג זיך עפּעס אַ פלוצלונגען אייַנפאַל, האָט זי געזוכט מיט די פינגער און געקוקט, צי ער האָט נישט אַמאָל בעהאַלטען, וואָס ס'איז אונטער'ן קישען. איהר האָט געקלונגען אין די אויערן: „איך וועל דיך מיטנעהמען מיט זיך!" אין דער אמת'ן אָבער,

וואָלט ער עס דען געזאָגט, ווען ער וואָלט טאַקע מיינען ערנסט דאָס צו טהון? ווען ער וואָלט איבערהויפּט נאָך פעהיג זיין, זיך מיט אַזעלכע פּלענער צו בעשעפטיגען? פאַר אַלעמען וואָלט איהם דאַן דאָך איינגעפאַלען, זיך ניט אַרויסצוגעבען. ס'פערשטעהט זיך, דאָס איז טאַקע געווען פון איהר זייט נישט מעהר, ווי אַ קינדעריי, אַריינצופאַלען אין אַ שטענדיגען פחד פאַר אַזעלכע צופלאָנטערטע פאַנטאַזיעס פון אַ קראַנקען. איהר האָט זיך פערוואָלט שלאָפען און זי האָט אָבגערוקט איהר שטוהל ווייט פון בעט — פאַר יעדען פאַל. זי האָט אָבער נישט געוואָלט אַנטשלאָפען ווערען! איהרע געדאַנקען נאָר האָבען אָנגעהויבען צו פערלירען זייער קלאָרקייט, און פון דעם ליכטיגען בעוואוסטזיין פון טאָג, האָבען זיי זיך איבערגעטראָגען אין דער דונקעלקייט פון גרויע הלומות. ס'זענען אַרויפגעשוואומען פערשידענע ערינערונגען, — ערינערונגען וועגען די טעג און די נעכט פון דעם בליהענדען גליק; וועגען יענע צייטען, ווען ער האָט איהר געהאַלטען איינגעשלאָסען אין זיינע אָרעמס, וועהרענד זייער צימער איז פול געווען מיט דעם הויך פון יונגען פריהלינג. זי האָט געהאַט די נישט-קלאָרע עמפּפינדונג, אַז דער שמעקעדיגער ריח וואַגט נישט זיך אַריינצורייסען אַהער. אום זיך אָנצוטרינקען מיט דעם ריח, מוז זי ווידער צום פענסטער צוגעהן; פונ'ם קראַנקענ'ס פייכטע האָר האָט אויסגעזעהן זיך צו ציהען אַ זיסליכער, שלעכטער ריח מיט וועלכען ס'איז דורכגעדרונגען געוואָרען די גאַנצע לופט פון צימער. וואָס איז?... אַה, ווען דאָס וואָלט שוין אַריבער! יאָ, אַריבער! זי האָט זיך איצט נישט דערשראָקען פאַר דעם געדאַנק, און זי האָט איהם אויסגעדריקט מיט די נאַרעשע ווערטער, וועלכע פערוואַנדלען דעם שטאַרקסטען פערלאַנג אין פאַלשען מיטלייד: „ווען ער וואָלט שוין אויסגעלייזט ווערען דערפון!"... און דאַן וואָס? זי האָט זיך געזעהן זיצענדיג אויף באַנק אונטער אַ הויכען בוים דאָ אים גאָרטען, בלאַס און פערוויינט. די דאָזיגע צייכענס פון טרויער זענען אָבער נאָר ביי איהר אויפ'ן פנים געלעגען. איבער איהר נשמה איז אויסגעגאָסען געוואָרען אַזאַ פריידיגע רוהיגקייט, וועלכע זי האָט שוין לאַנג, לאַנג נישט געשפּירט. און דערנאָך האָט זי געזעהן, ווי די געשטאַלט, וועלכע איז געווען זי אַליין, הויבט זיך אויף, געהט אַרויס אין גאַס און לאָזט זיך אַוועק פאַמעליך ערגעץ-וואו ווייט. ווארום איצט האָט

זי דאָך שוין געקאָנט געהן, וואוהין זי האָט געוואָלט.

נישט קוקענדיג אָבער אויף די דאָזיגע הלומות, איז זי דאָך געווען וואַכענדיג געטוג, אום נאָכצושפּירען דעם אָטעם פון קראַנקען, וועלכער האָט זיך אָפט געהערט, ווי אַ זיפץ. ענדליך האָט זיך פאַמעליך דערנעהנטערט דער פריהמאָרגען. גלייך ביי די ערשטע גרויע שטרייפען האָט זיך געוויזען אין טהיר די פרוי און פריינדליך פאָרגעלעגט, אומצובייטען מאַריאַ'ן אויף עטליכע שעה.

דעם פאָרשלאַג האָט מאַריאַ אָנגענומען מיט אַ אמת'ער שמחה. וואַרפענדיג אַ פלינקען בליק אויף פעליקס'ן האָט זי פערלאָזען דעם צימער און איז אַריין אין נעבען-צימער, וואו מ'האָט זיך געקאָנט בעקוועם אויסרוהען אויפ'ן דיוואַן, וואָס איז דאָרט געשטאַנען. אַה! ווי גוט איהר איז דאָ געווען! אַ אָנגעטהוענע האָט זי זיך אַרויפגעוואָרפען אויפ'ן דיוואַן און פערמאַכט די אויגען.

---

זי האָט זיך אויפגעכאַפּט ערשט אין עטליכע שעה אַרום. אַ אַנגענעמע האַלבע דונקעלהייט האָט איהר איינגעהילט. דורך די שפּאַלטען פון די פערמאַכטע פענסטער-לאָדען האָבען זיך אַריינגעריסען נאָר עטליכע לאַנגע זונענשטראַהלען. זי האָט זיך שנעל אויפגעהויבען און זיך גלייך דערמאָהנט, וואָס ס'איז פאָרגעקומען. היינט דאַרף אַלפרעד קומען! דאָס האָט איהר צוגעגעבען מונטערקייט און געלאָזען קוקען גלייך אין די אויגען דער טריבער שטימונג פון די קומענדיגע שעה'ן. נישט קלערענדיג איז זי אַריין אין שלאָפצימער, און ווען זי האָט אַ עפען געטאָן די טהיר, איז זי איין סעקונדע געבליבען שטעהן אַ פערבלענדעטע פון דער ווייסער דעקע, וועלכע איז געלעגען אויסגעשפּרייט איבער'ן קראַנקענס געלעגער. דערנאָך אָבער האָט זי בעמערקט דער פרוי, וועלכע האָט זיך אויפגעהויבען פון שטוהל און איז, צולעגענדיג אַ פינגער צום מויל, איהר אַנטקעגען געגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער.

— ער שלאָפט פעסט, — האָט זי געפּליסטערט און דערנאָך ווייטער דערצעהלט, אַז ביז פאַר אַ שעה צוריק איז ער געלעגען אַ וואַכעדיגער אין אַ שטאַרקען פיעבער און האָט עטליכע מאָל זיך געפרעגט אויף דער „גנעדיגער פרוי". גלייך אין דער פריה איז

דער דאָקטאָר דאָ געווען און האָט געפונען דעם קראַנקען אין דער זעלביגער לאַגע, וואָס נעכטין. זי האָט דעריבער געוואָלט דאַמאָלס דער גנעדיגער פרוי אויפוועקען, נאָר דער דאָקטאָר אַליין האָט עס נישט צוגעלאָזען; ער האָט, איבריגענס, צוגעזאָגט, צו זיין דאָ ביי טאָג נאָכאַמאָל.

מאַריאַ האָט אויפמערקזאַם אויסגעהערט דער גוטער אַלטער פרוי, האָט איהר געדאַנקט פאַר איהר מיה און איבערגענומען איהר פּלאַץ.

ס'איז געווען אַ וואַרעמער, כמעט הייסער טאָג. די מיטאָגס-שעה איז שוין געווען נאָהנט. דער גאָרטען איז געווען פערגאָסען מיט אַ שטילען און שווערען זוננענגלאַנץ. וואַרפענדיג אַ בליק אויפ'ן בעט, האָט זי פאַר אַלעמען בעמערקט דעם קראַנקענ'ס ביידע שמאָלע הענד, וועלכע זענען, לייכט ציטערנדיג, געלעגען אויפ'ן דעק. דער גיידער איז אַראָבגעהאַנגען, דער פנים איז געווען טויט-בלאַס און די ליפען לייכט געעפענט. זיין אָטעם איז אַלע מאָל איבערגעריסען געוואָרען אויף עטליכע סעקונדען; דערנאָך האָבען זיך ווידער געהערט אויבערפלעכליכע, הייזעריגע קרעכצען. „ער וועט שטאַרבען, נאָך איידער אַלפרעד וועט קומען“ — איז איהר דורכגעפלויגען אַ געדאַנק אין קאָפּ. אַזוי ליגענדיג דאָ, האָט זיין געזיכט ווידער אָנגענומען דעם אויסדריק פון ליידענדער יוגענדליכקייט, אויף איהם איז געלעגען אויסגעגאָסען די שוואַכקייט, וואָס ווייזט זיך געוועהנליך נאָך אונבעשרייבליכע שמערצען, און דאָס געפיהל פון אונטערגעבען זיך נאָך אַ האָפנונגסלאָזען קאַמפּף. מאַריאַ'ן איז פּלוצלונג קלאָר געוואָרען דאָס, וואָס האָט אין דער לעצטער צייט אַזוי שרעקליך פערענדערט די דאָזיגע געזיכטס-שטריכען און וואָס ס'האָט אין זיי גראָד געפעהלט איצט. דאָס איז געווען די ביטערקייט, וועלכע האָט זיך איינגעפרעסט אין זיי, ווען ער האָט איהר בעטראַכט. איצט איז אין זיינע חלומות געוויס קיין האַס נישט געווען, און זיין געזיכט איז ווידער שען געוואָרען. איהר האָט זיך געוואָלט ער זאָל זיך אויפהאַפען. אַזוי קוקענדיג איצט אויף איהם, האָט זי געפיהלט, אַז איהר גאַנצעס וועזען ווערט פול מיט אַ אונבעשרייבליכען וועהטאָג, אַז זי ווערט געפייניגט פון אַ ביטערער אַנגסט פאַר זיין טויט. דאָס איז ווידער געוואָרען איהר געליבטער, וועלכען זי האָט דאָ געזעהען שטאַרבענדיג. זי האָט מיט איין מאָל פערשטאַנען, וואָס דאָס

בעדייטעט אייגענטליך. דער גאַנצער וועהטאג פון דער דאָזיגער אונפערמיידליכער און שרעקליכער געשעהעניש, האָט איהר איצט אַרומגענומען, און זי האָט איצט ווידער אַלץ, אַלץ פערשטאַנען. זי האָט פערשטאַנען, אַז ער איז געוועזען איהר גליק און איהר לעבען, אַז זי האָט געוואָלט שטאַרבען מיט איהם צוזאַמען און אַז אָט קומט אָן דער שרעקליכער מאָמענט, ווען אַלץ מוז אויף אייביג פער־שוואונדען ווערען. און די שטאַרקע קאַלטקייט, וואָס האָט די גאַנצע צייט געהאַלטען איהר האַרץ, אַזוי ווי געשמידט, און די גלייכגיל־טיגקייט פון גאַנצע טעג און נעכט, זענען איצט ביי איהר צוזאַמענגע־גאָסען געוואָרען אין איין טעמפער אונבעגרייפליכקייט. און איצט, איצט איז עס דאָך אייגענטליך נאָך גוט. ער לעבט דאָך נאָך, ער אָטעמט, איהם הלומ'ט זיך אפשר איצט עפּעס. אָבער שפּעטער... ער וועט ליעגען אַ פערגליווערטער, טוידט... מ'וועט איהם בעגראָ־בען, און ער וועט ליעגען טיעף אין דר'ערד אויף אַ שטילען בית־עולם, וועט צופאַלען ווערן, און איבערן בית־עולם וועלן זיך ציהען גלייכפאָר־מיגע טעג איינער נאָכ'ן אַנדערן... און זי... זי וועט לעבען, זי וועט זיין צווישען מענשען, און וועט וויסען, אַז דאָרט אין דרויסען איז ערגעץ אַ שטומער קבר פערהאַן, אין וועלכען ער ליעגט... ער! דער, וועלכען זי האָט ליעב געהאַט! טרערען האָבען זיך אָהן אַ אָבהאַלט געגאָסען פון איהרע אויגען, און ענדליך האָט זי זיך פונאַנדערגעהליפּעט אויפ'ן קול. דאַן האָט ער זיך אַ רודער געטאָן, און איידער זי האָט בעוויזען אָבצווישען זיך די טרערען מיט'ן טאַשענטיכעל, האָט ער ווייט אויפגעעפענט די אויגען, און איהר אָנגעקוקט מיט אַ פרעגענדען בליק, ער האָט אָבער גאָרנישט גערעדט. דערנאָך, אין אַ ווייל אַרום, האָט ער געפליסטערט:

— קום אַהער!

זי האָט זיך אויפגעהויבען פון שטול, האָט זיך אָנגעבויגען איבער איהם, און ער האָט אויפגעהויבען זיינע אָרעמס, אַזוי ווי וועלענדיג איהר האַלז אַרומנעהמען; באַלד אָבער האָט ער די אָרעמס צוריק אַראָבגעלאָזען און געפרעגט:

— דו האָסט געוויינט?

— ניין, — האָט זי האַסטיג געענטפערט, אָבשאַרענדיג זיך די האָר פון שטערן.

ער האָט זי ווידער לאַנג און ערנסט אָנגעקוקט, דערנאָך,

האָט ער אָבגעווענדעט דעם געזיכט. ס'האָט אויסגעזעהען, אַז ער ברעכט זיך דעם קאָפּ, אום וואָס ס'איז צו בעגרייפען.

מאַריאַ האָט זיך פערטראַכט וועגען דעם, צי זי זאָל איהם דערצעהלען פון איהר טעלעגראַמע צו אַלפרעד'ן. זאָל זי איהם צוגרייטען דערצו? ניין, צו וואָס? דאָס בעסטע וועט זיין, ווען זי וועט זיך מאַכען אַזוי, אַז זי איז אויך איבערראַשט געוואָרען פון אַלפרעד'ס קומען. דער גאַנצער אַנדערער האַלבער טאָג איז אַריבער אין דער דאָזיגער אָנגעצויגענער, שווערער ערוואַרטונג. די אויסערליכע געשעהענישען האָבען זיך געצויגען פערביי איהר, אַזוי ווי איינגעהילטע אין אַ נעבעל. אָט איז געקומען דער דאָקטאָר מיט אַ וויזיט. ער האָט געפינען דעם קראַנקען אינגאַנצען אַפּאַטיש; נאָר געלטען האָט ער זיך אויפגעהאַפּט פון אַ זיפצענדען האַלבען דרעמלען און זיך געווענדעט צו די אַרומיגע מיט גלייכגילטיגע פראַגען. ער האָט געפרעגט, וויפיעל דער זייגער איז, געבעטען אַביסל וואַסער; די אַלטע פרוי איז אַריינגעגאַנגען און אַרויסגעגאַנגען, און מאַריאַ האָט פערבראַכט די גאַנצע צייט אין צימער, אַממעהרסטען אויף דעם שטוהל נעבען קראַנקען. אָפטמאָל האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט, אָנגעשפּאַרט אָן לעהן פון בעט, אָדער זי איז צוגעגאַנגען צום פענסטער און אַרויסגעקוקט אין גאָרטען, וואו די שאָטענס פון די בוימער זענען אַלע מאָל לענגער געוואָרען, ביז די פאַרנאַכטיגע גרויקייט האָט זיך ענדליך פערשפּרייט איבער די פעלדער און וועגען. דער אָבענד איז געווען אַ הייסער און דאָס פלאַם פון דער ליכט, וואָס איז געשטאַנען אויפ'ן נאַכט-טיש דעם קראַנקען צוקאָפּענס, האָט זיך קוים אַ רודער געטאָן. נאָר ווען ס'איז אינגאַנצען נאַכט געוואָרען, און איבער די גרוי-בלויע בערג, וואָס האָבען זיך געזעהען ווייט הינטען, האָט זיך בעוויזען די לבנה, — האָט זיך אויפגעהויבען אַ לייכטער ווינטעל. מאַריאַ האָט זיך געפיהלט מונטערער, ווען דאָס ווינטעל האָט איהר געוועהעט אין פּנים, און דעם קראַנקען האָט עס אויך אויסגעזעהען אַנגענעם צו זיין. ער האָט אַ רודער געטאָן דעם קאָפּ און געווענדעט דעם ווייט-געעפענטען בליק צום פענסטער. ענדליך האָט ער טיעף, טיעף אָבגעאָטעמט.

— אַה!

מאַריאַ האָט אַ טאַפּ געטאָן זיין האַנד, וואָס האָט זיך אַראָבגעגליטשט פון דעקע.

— דו ווילסט עפּעס? — האָט זי געפרעגט.

ער האָט פאַמעליך אַוועקגענומען פון איהר זיין האַנד און געזאָגט:

— מאַריאַ, קום אַהער!

זי האָט זיך צוגערוקט נעהנטער צו איהם און אַוועקגעלעגט איהר קאָפּ גאַנץ נאָהנט פון זיין קישען. דאַן האָט ער אַוועקגעלעגט זיין האַנד אויף איהרע האָר, אַזוי ווי וועלנדיג בענשען איהר, און לאַנג זי געלאָזען אַזוי ליעגען. דערנאָך האָט ער שטיל געזאָגט:

— איך דאַנק דיר, מאַריאַ, פאַר דיין ליעבע.

זי האָט אַוועקגעלעגט איהר קאָפּ אויפ'ן קישען נעבען זיינעם און ווידער געפיהלט, ווי די טרערען קומען איהר אָן אין די אויגען. אין צימער איז געוועזען גאַנץ שטיל. פון דער ווייטען נאָר האָט דאָ אויסגעקלונגען דאָס הילכענרע פייפען פון אַ אייזענבאַהן־צוג. דערנאָך האָט זיך ווידער געפיהלט די שטילקייט פון דעם הייסען זומער־אָבענד, די שווערע, זיסע און אונבעגרייפליכע...

פּלוצלונג האָט זיך פעליקס דערלאַנגט אַ זעץ אויף אין בעט, און אַזוי שנעל, אַזוי האַסטיג, אַז מאַריאַ האָט זיך דערשראָקען. זי האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און געקוקט פעליקס'ן אין געזיכט. ער האָט אַ האַפּ געטאָן מאַריאַ'ס קאָפּ מיט ביידע הענד, ווי ער האָט אַפּט געטאָן, ווען ער פלעגט בעהערשט ווערן פון אַ ווילדער צערטליכקייט.

— מאַריאַ, — האָט ער אויסגעשריען, — איצט וויל איך דיך דערמאָהנען.

— אָן וואָס? — האָט זי געפרעגט און געוואָלט איהר קאָפּ בעפרייען פון זיינע הענד. ער האָט אָבער אַלע זיינע כהות אַזוי ווי צוריק געקריגען און זי פעסט געהאַלטען.

— איך וויל דיך דערמאָהנען אָן דיין צוזאָג, — האָט ער האַסטיג געזאָגט, — אַז דו וועסט מיט מיר צוזאַמען שטאַרבען.

זאָגענדיג די ווערטער, האָט ער זיך צוגעבויגען גאַנץ נאָהנט צו איהר. זי האָט געפיהלט זיין אָטעם איבער איהר מויל און נישט געקענט זיך אַ ריהר טאָן. ער האָט גערעדט אַזוי נאָהנט נעבען איהר מויל, ריכטיג ווי ווען זי וואָלט דאַרפען די ווערטער מיט איהרע ליפּען איינזויגען.

— איך וועל דיך מיטנעהמען! איך וויל ניט אַליין שטאַרבען. איך האָב דיך ליעב און וועל דיך דאָ נישט איבערלאָזען.

זי איז פון שרעק אַזוי ווי געלעהמט געוואָרען. אַ הייזעריגע געשריי, אַזוי פערשטיקט, אַז זי אַליין האָט איהם קוים געהערט, האָט זיך אַרויסגעריסען פון איהר האַלז. איהר קאָפּ איז אונבעוועגליך געלעגען צווישען זיינע הענד, וועלכע האָבען איהם קרעמפּפענדיג צוזאַמענגעפּרעסט ביי די שלייפען און ביי די באַקען. ער האָט אַלץ ווייטער גערעדט, און זיין הייזעריגע, פייכטער אָטעם האָט איהר געבריהט.

— צוזאַמען! צוזאַמען! דו האָסט דאָך דאָס געוואָלט! איך האָב אויך מורא אַליין צו שטאַרבען! דו ווילסט? דו ווילסט?

זי האָט מיט די פיס דעם שטוהל פון אונטער זיך אַוועקגערוקט, און ענדליך, ווי ווען זי וואָלט זיך געמוזט בעפרייען פון אַ אייזערנעם רייף, האָט זי אַרויסגעריסען איהר קאָפּ פון דער איינקלאַמערונג פון זיינע הענד. ער האָט נאָך אַלץ געהאַלטען די הענד אין דער לופטען, אַזוי ווי ווען איהר קאָפּ וואָלט נאָך דאָרט געלעגען, און האָט זי אָנגעקוקט, ווי נישט קענענדיג בעגרייפען, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען.

— ניין, ניין, — האָט זי אויסגעשריען, — איך וויל נישט! און האָט זיך געלאָזען לויפען צום טהיר. ער האָט זיך אַ הויב געטאָן, ווי וועלנדיג פון בעט אַרויסשפּרינגען.

ער האָט שוין אָבער איצט די כחות פערלאָרען, און איז אַראָבגעפאַלען צוריק אויפ'ן געלעגער מיט אַ טויבען קלאַפּ, ווי אַ טוידטע מאַסע. און זי האָט שוין דאָס נישט געזעהען; זי האָט אויפגעריסען די טהיר און איז אַרויסגעלאָפען דורך דעם דערביי איגען צימער אין הויז. אין קאָפּ ביי איהר האָט זיך געטומעלט. ער האָט זי געוואָלט דערשטיקען! זי האָט נאָך געפיהלט זיינע גליטשיגע פינגער אויף איהרע שלייפען, אויף איהרע באַקען, אויף איהר האַלז. זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום טויער פון שטוב; דאָ איז קיינער נישט געווען. זי האָט זיך דערמאָהנט, אַז די אַלטע פרוי איז אַוועקגעגאַנגען בעזאָרגען דעם אָבענד־ברויט. וואָס זאָל זי טאָן? זי איז אַריינגעלאָפען צוריק אין שטוב און אַרויס דורכ'ן הויזטהיר אין גאָרטען. ריכטיג, ווי ווען אימיצער וואָלט איהר נאָכלויפען, אַזוי איז זי געלאָפען איבער פעלדער און וועגען, ביז זי

ָגיז צוגעקומען צו דער אַנדערער זייט. איצט האָט זי זיך אומג
דרעהט און געקוקט זעהען דעם אָפענעם פענסטער פון יענ
צימער, פון וועלכען זי איז נאָר וואָס אַרויסגעלאָפען. זי האָט ג
זעהען דעם ציטערנדען פלאַם פון דער ליכט, מעהר האָט זי
זאַך נישט געקענט בעמערקען. וואָס איז דאָס געווען? וואָס
דאָס געווען? — האָט זי צו זיך אַליין געדעדט. זי האָט נישט
וואוסט, וואָס זי זאָל טאָן, און איז אַרומגעגאַנגען אָהן אַ צ
ציעל אַהין און צוריק אויף דעם וועג נעבען צוים פון גאָרטען. פל
לונג האָט זי זיך אַ חאַפּ געטאָן: אַלפרעד! ער דאַרף איצט אָנקומ
איצט מוז ער קומען! דורך די גראַטעס פון צוים האָט זי געקוקט א
דעם מיט לבנה־שיין בעגאָסענעם וועג, וואָס פיהרט צום וואָקז
דערנאָך איז זי צוגעלאָפען צום טהיר פון גאָרטען און זי אויפגעעפענ
פון דאַנען האָט זי געזעהען פאַר זיך דעם וועג, וויס, פוסט. אפ
אָבער פאָהרט ער מיט דעם אַנדערן וועג. ניין, ניין... אט דאָ
דערנעהנטערט זיך עפּעס אַ שאָטען... קומט אַלץ נעהנטער
נעהנטער... געשווינד... אַלץ געשווינדער... עפּעס אַ געשטאַלט
אַ מאַנספּערזאָן... איז ער עס? איז ער עס? זי איז צוגעלאָפען עטלי
טריט וויט איהם אַנטקעגען:

— אַלפרעד!

— איהר זענט עס, מאַריאַ!!

ער איז עס געווען. איהר האָט זיך געוואָלט וויינען פון שמו
איהר האָט זיך געוואָלט, איהם די האַנד קושען.

— וואָס איז דאָ? — האָט ער געפרעגט.

און זי האָט איהם נאָר געצויגען מיט זיך, נישט ענטפערנ

---

פעליקס איז נאָר איין סעקונדע געלעגען אונבעוועגליך. ד
נאָך האָט ער זיך אויפגעהויבען און געקוקט אַרום זיך. זי
נישטאָ, ער איז אַליין! אַ פּרעסענדע שרעק האָט איהם אַרומגענומ
נאָר איינס איז איהם קלאָר געווען, אַז ער מוז זי דאָ האָבען.
נעבען זיך. מיט איין שפּרונג איז ער אַראָב פון בעט. ער האָט
אָבער נישט געקענט גלייך האַלטען אויף די פיס, און איז וויעד
אומגעפאַלען אויפ'ן בעט. ער האָט געפּיהלט אַ זשומען און אַ טומ

אין קאָפּ. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן שטוהל, און מיטציטערנדיג איהם מיט זיך, האָט ער זיך געשלעפּט פאָרוועֶרטס. „מאַריאַ! מאַריאַ!“ — האָט ער געמורמעלט. „איך זויל נישט אַליין שטאַרבען, איך קען נישט!“ וואו איז זי? וואו קען זי זיין? כסדר רוקענדיג דעם שטוהל פאָראויס, איז ער צוגעקומען ביז'ן פענסטער. דאָ איז געלעגען דער גאָרטען, און אויבען — דער גרויליכער גלאַנץ פון דער הייסער נאַכט. ווי זי פינקעלט און ציטערט! און ווי מאָדנע עס טאַנצען די גראָזען און בוימער! אָה, דאָס איז געווען אַ פריהלינג, וואָס האָט איהם געזאָלט געזונד מאַכען! אָה, די לופט, די לופט! ווען אַרום איהם וואָלט שטענדיג וועהען אַזאַ לופט, וואָלט ער בעשטימט געזונד געוואָרען. אַה, דאָרט!... וואָס איז דאָרט געוועזן?... און ער האָט געזעהען פון הינטערן צוים, וועלכער האָט אויסגעזעהען צו ליעגען טיעף אין אַ אָבגרונד, אַ ווייבליכע געשטאַלט זיך בעוועגענדיג איבער דעם ווייסען, שימערירענדען זאַמד-וועג, וואָס איז בעגאָסען מיט דעם בלוטיליכען גלאַנץ פון דער לבנה. ווי זי שוועבט, ווי זי פליהט, און קומט פאָרט נישט נעהנטער! מאַריאַ! מאַריאַ! און גלייך הינטער איהר אַ מאַנספּערזאָן. אַ מאַנספּערזאָן מיט מאַריאַ'ן... אַ אונגעהויער גרויסער... איצט האָט דער צוים אָנגעהויבען צו טאַנצען און האָט זיי נאָכגעטאַנצט, און דער שוואַרצער הימעל הינטען אויך און אַלץ, אַלץ האָט זיי נאָכגעטאַנצט. און אַ זינגערייַ און טענער און קלאַנגען הערען זיך פון דער ווייטען, אַזוי שען... און ס'איז געוואָרען פינסטער...

מאַריאַ און אַלפרעד זענען צוגעקומען. ביידע זענען געלאָפען. צולויפענדיג צום פענסטער איז מאַריאַ געבליבען שטעהן און האָט מיט אַנגסט אַריינגעקוקט אין צימער.

— ער איז נישטאָ! — האָט זי אויסגעשריען. — דאָס בעט איז לעדיג!

פּלוצלונג האָט זי אַ געשריי געטאָן און איז אומגעפאַלען אויף הינטען, אַלפרעד'ן אין די אָרעמס. ער האָט זיך איינגעבויגען, פאָרזיכטיג אַוועקגעלעגט איהר אויפ'ן גראָז, און אַריינגעקוקט אין פענסטער; און דאָ האָט ער גלייך דערזעהען דעם פריינד ליעגענדיג אויף דר'ערד אויסגעצויגען אין דער לענג, אין אַ ווייסער העמד, מיט ווייט פונאַנדערגעשפּרייטע פיס און נעבען איהם אַ אומגעוואָרפענער שטוהל, דעם לעהן פון וועלכען ער האַלט פעסט מיט

אַיין האַנד. פון מויל האָט זיך געצויגען אַ שטרייף בלוט איבער'ן האַלז אַראָב. די ליפּען און די ברעמען פון די אויגען האָבען זיך, ווי ס'האָט אויסגעזעהען, געצוקט. נאָכדעם אָבער, ווי אַלפרעד האָט זיך אויפמערקזאַמער צוגעקוקט, האָט ער געזעהען, אַז דאָס איז געווען נאָר דער פאַלשער גלאַנץ פון דער לבנה, וואָס האָט זיך געשפּיעלט אויף דעם בלאַסען געזיכט.



שוין אַ שעה צייט האָט ער געוואַרט. דאָס האַרץ האָט איהם געקלאַפּט און עטליכע מאָל האָט ער זיך געשפּירט אַזוי, ווי ווען ער וואָלט פערגעסען צו אָטעמען; דאַן האָט ער טיעף אַריינגעצויגען אין זיך די לופט, איהם איז אָבער נישט בעסער געוואָרען. אייגענטליך האָט ער שוין געקענט זיך צוגעוועהנען דערצו, — ס'איז דאָך שטענדיג אַזוי געוועזען; שטענדיג האָט ער געמוזט וואַרטען אַ שעה, צוויי, דריי, און זעהר אָפט — אומזיסט. און ער האָט נישט געקענט האָבען צו איהר קיין פּרעטענזיע דערפאַר, וואָרום ווען איהר מאַן איז געבליבען לענגער אין שטוב האָט זי נישט געוואַגט אַוועקצוגעהן; און ווי נאָר ער איז געוועזען אַוועקגעגאַנגען, איז זי גלייך געקומען צו לויפען צו איהם, אַ אויפגערעגטע, אַ פערצווייפעלטע, האָט איהם געשווינד אָבגעפּרעסט אַ קוש אויף די ליפּען און איז גלייך ווידער אַוועק, אַראָבפליהענדיג פון די טרעפּ, און האָט איהם ווידער געלאָזען אַליין. נאָך איהר אַוועקגעהן, פלעגט ער זיך צולעגען אויפ'ן דיוואַן, איינגאַנצען אַ דערשלאָגענער פון די אויפרעגענדע שרעקליכע אָבוואַרטונגען, וועלכע האָבען איהם אונפעהיג געמאַכט צום אַרבייטען, וועלכע האָבען ביסלעכווייז פון איהם אַ תל געמאַכט.

דאָס האַרץ האָט זיך געצויגען אַזוי שוין אַ פערטעל יאָהר, זינט עס האָט זיך געענדיגט דער פריהלינג. יעדען נאָכמיטאָג פון דריי דאָס זייגער אָן איז ער געזעסען ביי זיך אין צימער, האַלטענדיג די פאָרהאַנגען אַראָבגעלאָזען, און האָט קיין זאַך נישט געקענט טאָן. ער האָט קיין געדולד נישט געהאַט אַ בוך, זאָגאַר אַ צייטונג צו לייענען; איז נישט אימשטאַנד געוועזען אַ בריעף אָנצושרייבען און האָט

געהאַלטען אין איין רויכערן: איין ציגאַר נאָכ'ן אַנדערן, ביז דאָס צימער איז אינגאַנצען פול געוואָרען מיט אַ בלוי-גרויעם רויך. די טהיר צום פאָדערצימער איז שטענדיג געשטאַנען אָפען, און ער איז געזעסען איינער אַליין אין שטוב, וואָרום זיין דינער האָט נישט געטאָרט זיין דערביי, ווען זי האָט געזאָלט קומען. און ווען עס האָט זיך פלוצלונג דערהערט דעמאָלט דאָס קלינגען פונ'ם טהיר-גלעקיל, איז ער שטענדיג אַ צוצאַפּעלטער געוואָרען. ווען אָבער זי איז עס געווען, ווען זי איז עס טאַקי ענדליך געקומען, דאַמאָלס איז עס שוין גוט געווען! דאַן האָט ער זיך געפיהלט ריכטיג, ווי ווען ער וואָלט אַנטלאָפען פון ערגעץ, ווי ווען ער וואָלט ווידער אַ מענש געוואָרען, און ער האָט אָפּטמאָל געוויינט פון גליק, פונ'ם בעוואוסטזיין דערפון, אַז זי איז ענדליך דאָ געווען, און אַז ער דאַרף שוין מעהר נישט וואַרטען. דאַמאָלס האָט ער זי געשווינד אַריינגעצויגען צו זיך אין צימער, האָט פערשלאָסען די טהיר, און זיי זענען געווען זעהר גליקליך.

זיי האָבען אָבגערעדט צווישען זיך, אַז ער זאָל ביז פונקט זיבען בלייבען אַלע טאָג אין שטוב, וואָרום שפּעטער האָט זי שוין נישט געדאַרפט קומען — ער האָט איהר אויסדריקליך געזאָגט, אַז זיבען דעם זייגער וועט ער שטענדיג אַוועקגעהן, ווייל דאָס וואַרטען מאַכט איהם שרעקליך נערוועז. און דאָך איז ער שטענדיג געבליבען לענגער אין שטוב, און ערשט אום אַכט פלעגט ער אַראָבגעהן אין גאַס. —

און שוידערענדיג האָט ער געטראַכט וועגען די אַריבערגעלאָפענע שעה'ען און מיט אַ וועהטאָג זיך דערמאָהנט אָן דעם פערגאַנגענעם זומער, ווען ער האָט געהאַט די גאַנצע צייט פאַר זיך, ווען ער איז אין אויגוסט שוין געפאָהרען אין אַ קור-אָרט, ווען ער איז געווען געזונד און גליקליך. און מיט אַ בענקשאַפט אין הארצען האָט ער גע'חלומ'ט וועגען פרייהייט, וועגען רייזען, וועגען ווייטע לענדער, וועגען איינזאַמקייט, ער האָט אָבער נישט געקענט אַוועק פון איהר, — ער האָט זי פערגעטערט.

דער היינטיגער טאָג האָט איהם אויסגעזעהען שרעקליכער פון די אַלע פריהערדיגע. נעכטען איז זי אינגאַנצען נישט געקומען, און ער האָט פון איהר קיין שום נאַכריכט נישט ערהאַלטען. — ס'איז שוין געווען באַלד זיבען; ער איז אָבער היינט נישט רוהיגער געוואָרען. ער האָט נישט געוואוסט, וואָס ער זאָל דאָ אָנהויבען

צו טאָן, דאָס שרעקליכסטע דערביי איז געווען דאָס, וואָס ער האָט צו איהר קיין וועג נישט געהאַט. ער האָט קיין אַנדער זאַך נישט געקענט טאָן, ווי צוגעהן נעבען איהר שטוב און אַרומשפּאַצירען עטליכע מאָל אַהין און צוריק פּערביי איהר פּענסטער; ער האָט אָבער צו איהר נישט געטאָרט געהן, האָט נישט געטאָרט קיינעם צו איהר שיקען, האָט זיך ביי קיינעם נישט געטאָרט פרעגען אויף איהר. ווארום קיין מענש האָט זאָגאר קיין אַהנונג נישט געהאַט דערפון, אַז זיי קענען זיך איינער דעם אַנדערן. זייער לעבען איז פול געווען מיט אַ אונרוהיגער אַנגסט-פולער און גליהענדער צערטליכקייט און זיי האָבען כסדר געציטערט דערפאַר, ווער ס'איז זאָל זיך נישט דערוויסען דערפון. ער האָט געזעהען אַ בעזונדערע שענקייט אין דעם, וואָס זייערע בעציהונגען זענען געווען איינגעהילט אין דער טיעפסטער פערבאָרגענקייט; אַזעלכע טעג אָבער, ווי דער היינטיגער, זענען געווען פאַר איהם נאָך שרעקליכער, נאָך פּייניגענדער. —

ס'איז געוואָרען אַכט דער זייגער — זי איז נאָך נישט געווען. די לעצטע שעה איז ער כסדר אָנגעשטאַנען ביים טהיר און אַרומגעקוקט דורכ'ן פענסטעריל אויף די טרעפּ. אָט נאָר וואָס האָט מען אויף זיי אָנגעצונדען די גאַז-פלאַמען. איצט איז ער צוריק אַריין אין זיין צימער און, טוידט-מיעד, האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויפ'ן דיוואַן. ס'איז געוואָרען גאַנץ טונקעל אין צימער, און ער איז אַנדרעמעלט געוואָרען. נאָך אַ האַלבע שעה ליעגען האָט ער זיך אויפגעהויבען און בעשלאָסען אַרויסצוגעהן אין גאַס. דער קאָפּ האָט איהם וועה געטאָן, און די פיס האָבען איהם געבראָכען ריכטיג, ווי ווען ער וואָלט האָבען שעה'ען-לאַנג אַרומגעלאָפען. —

ער האָט זיך געלאָזען געהן צו איהר וואָהנונג, און האָט זיך געפיהלט, ווי בערוהיגט, ווען ער האָט געזעהען, אַז די רולעטען פון אַלע פענסטער זענען אַראָבגעלאָזען. דורך די רולעטען פון עס-און שלאָפצימער האָט זיך געזעהען אַ ליכטשיין. — אַ האַלבע שעה צייט האָט ער אַרומגעשפּאַצירט אויף דעם געגענאיבערדיגען טראָטואַר אַהין און צוריק, האַלטענדיג דעם בליק כסדר צוגעווענדעט צו די פענסטער. אין גאַס איז געווען נישט קיין גרויסער טומעל, ערשט דאַן, ווען אין טויער האָבען זיך געוויזען עטליכע דיענסט-מעדלעך און די הויז-וועכטערין, איז ער אַוועקגעגאַנגען, נישט

װעלנדיג, מ'זאָל איהם בעמערקען.

— די נאַכט נאָך דעם איז ער געשלאָפען פעסט און גוט. —

אויף צומאָרגענס פאַר מיטאָג איז ער לאַנג געבליבען ליגען אים בעט; ער האָט אַװעקגעלעגט אַ צעטעל אין פאָדערצימער, מ'זאָל איהם נישט װעקען. דער דינער האָט איהם אַריינגעבראַכט דאָס פריהשטיק; אויף דער אונטער־טאַץ איז געלעגען די איינגעלאָפענע פאָסט; פון איהר איז קיין בריעף נישט געװען. ער אָבער האָט גלייך געדרונגען דערפון, אַז איצט װעט זי שוין אַליין בעשטימט זיין ביי איהם נאָכמיטאָג, און אַזוי האָט ער פערבראַכט די צייט ביז דריי דעם זייגער גאַנץ רוהיג. —

פונקט דריי, אָבער אויך נישט איין מינוט פריהער, איז ער געקומען פון מיטאָג־עסען אַהיים. ער האָט זיך אַװעקגעזעצט אויף אַ שטוהל אין פאָדערצימער, אום ניט צו דאַרפען אַרומלויפען כסדר אַהין און צוריק, װען ער װעט הערען אַ געראויש פון די טרעפ. ביי יעדעס מאָל, װען ער האָט איבערהויפט געהערט טריט אונטען, איז ער געװאָרען פרעהליך; ביי יעדעס מאָל האָט זיך אין איהם אַ נייע האָפנונג דערװעקט. פון די אַלע האָפנונגען איז אָבער גאָרנישט געװאָרען.

ס'איז געװאָרען פיער — פינף — זעקס — זיבען — זי איז נישט געקומען. דאַן איז ער אַריין צו זיך אין צימער, האָט אָנגעהויבען אַרומלויפען אַהין און צוריק און שטיל געזיפצט, און װען עס האָט איהם אָנגעהויבען שווינדלען אין קאָפּ, האָט ער זיך אַ װאָרף געטאָן אויפ'ן בעט. ער איז אינגאַנצען פערצווייפעלט געװען; דאָס קען מען שוין לענגער נישט פערטראָגען; דאָס בעסטע איז: אַװעק, אַװעק אַרגעץ... צו טייער האָט ער פאַר דעם גליק בעצאָהלט!... אָדער ער מוז װיעדער ענדערן דעם אָבמאַך צום ביישפיעל: נאָר איין שעה װאַרטען... אָדער צװיי... אָבער אַזוי װייטער געהן קען דאָס נישט, — עס װעט פון איהם אינגאַנצען אַ תל װערן; ער װעט פערליערען די אַרבייטס־קראַפט, דעם געזונד, און סוף כל סוף אויך די ליעבע.

ער האָט בעמערקט, אַז װעגען איהר טראַכט ער שוין איבערהויפט נישט מעהר; זיינע געדאַנקען פלאָנטערן זיך, אַזוי װי אין אַ פוסטען חלום. ער איז אַראָפגעשפרונגען פון בעט, האָט אויפגעריסען דעם פענסטער, און אַראָפגעקוקט אין גאַס, אין דער דעמערונג... אַה... דאָ... דאָרט אין װינקעל... אויף יעדער פרוי, װאָס

איז דאָרט געגאַנגען, האָט ער אַלץ געמיינט, אַז דאָס איז זי. ער איז ווידער אָבגעגאַנגען פון פענסטער; זי האָט דאָך שוין נישט געקענט איצט קומען, — ס'איז דאָך שוין נאָך דער צייט. און פלוצלונג איז איהם פאָרגעקומען מאָדנע נאַרעש דאָס, וואָס ער האָט אַזוי וועניג צייט בעשטימט צום וואַרטען. אָט גראַדע איצט וואָלט זי אפשר אַ געלעגענהייט געהאַט... אפשר האָט זי גאָר היינט פאַר מיטאָג געקענט צו איהם קומען... און שוין זענען איהם אויף די ליפּען געלעגען די ווערטער, מיט וועלכע ער וועט איהר בעגעגנען דעם קומענדיגען מאָל, און ער האָט געשעפּטעשעט צו זיך אַליין: „דעם גאַנצען טאָג וועל איך שוין פון איצט אָן דיך ערוואַרטען; פון אין דער פריה ביז ביינאַכט“. ווען ער האָט עס אָבער אַרויסגערעדט, האָט ער אַליין אָנגעהויבען צו לאַכען און דערנאָך האָט ער געפּליסטערט: איך ווער דאָך משוגע, איך ווער דאָך דול אויפ'ן קאָפּ!

און ווידער האָט ער זיך געלאָזען גהן צו איהר וואוינונג. אַלץ איז געווען ווי נעכטין. אַ ליכטשיין האָט זיך ווידער דורכגעשלאָגען דורך די אַראָבגעלאָזענע רולעטען; ווידער האָט ער אַ האַלבע שעה אַרומגעשפּאַצירט אויף דעם געגענאיבערדיגען טראָטואַר אַהין און צוריק, און ווידער איז ער אַוועק, ווען די הויזוועכטערין און עטליכע דינסט־מעדלעך האָבען זיך געוויזען אין טויער. היינט האָט זיך איהם געדאַכט, אַז זיי קוקען איהם אָן, און ער איז איבערציינגט געווען אין דעם, אַז זיי רעדען צווישען זיך וועגען איהם און זאָגען: דאָס איז דער זעלביגער הערר, וועלכער האָט נעכטין אין דער זעלביגער צייט אויך אַזוי אַרומגעשפּאַצירט דאָ אַהין און צוריק.

ער איז געגאַנגען איצט אין די אַרומיגע גאַסען; ווען אָבער דער זייגער פון טורם האָט געשלאָגען צעהן און די טויערן האָבען זיך אָנגעהויבען צו פערשליסען, איז ער ווידער צוגעקומען צו איהר וואוינונג און אַרויפגעקוקט אין די פענסטער. אַ ליכטשיין האָט זיך געזעהען נאָר אין'ם לעצטען פענסטער, אין דעם פון שלאָפצימער. ווי אַ צוגעשמידטער איז ער געשטאַנען און אַרויפגעקוקט אַהין; ער איז הילפלאָז געווען: האָט נישט געקענט קיין זאַך טאָן און קיינעם גאָרנישט פרעגען. — אַ שוידער איז איהם דורכגעלאָפען איבערן לייב ביי דעם געדאַנק וועגען די קומענדיגע שעה'ען. אַ נאַכט, אַ פריה־מאָרגען, און דערנאָך אַ גאַנצען טאָג ביז

דריי... יאָ, ביז דריי.... און דאַן... קוים קומט זי ווידער נישט? אַ לעדיגע דראָשקע איז פערבייגעפאָהרען; ער האָט צוגעוואונקען דעם קוטשער און זיך געלאָזען פאַמעליך אַרומפיהרען איבער די פערשלאָפענע גאַסען אַהין און אַהער... ער האָט זיך דערמאָהנט, ווי זיי האָבען זיך דאָס לעצטע מאָל געזעהען... ניין, ניין, זי האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט איהם ליעב צו האָבען... ניין, דאָס געוויס נישט!.... אָדער אפשר האָט מען ביי איהר אין שטוב געוואָרפען עפעס אַ השד אויף איהר?... ניין, דאָס איז דאָך נישט מעגליך... ביז אַהער האָט זיך דאָך אפילו קיין שפור דערפון נישט ענטדעקט... און זי איז דאָך אַזוי פאָרזיכטיג געווען... דאָס האָט געקענט אַלזאָ נאָר איין גרונד האָבען: זי איז קראַנק געוואָרען און ליעגט צו בעט. און דעריבער האָט זי צו איהם קיין נאַכריכט אויך נישט געקענט בעזאָרגען... מאָרגען אָבער וועט זי אויפשטעהן און פאַר אַלעמען אָנשרייבען אַ פאָר שורות צו איהם, אום איהם צו בערוהיגען... יאָ, חען אָבער זי וועט ערשט אין צוויי טעג אַרום און אפשר נאָך שפעטער קענען אַראָבגעהן פון בעט... ווען זי איז ערנסט קראַנק... אום גאָטעס ווילען... חען זי איז געפעהרליך קראַנק.... ניין, ניין... פאַרוואָס עפעס גלייך געפעהרליך קראַנק!....

פלוצלונג איז איהם איינגעפאַלען אַ געדאַנק, וואָס האָט איהם, ווי אַ ישועה געבראַכט: — אַזוי ווי זי איז בעשטימט זעהר קראַנק, קען ער דאָך מאָרגען אַרויפשיקען אימיצען צו איהר און לאָזען פרעגען, וואָס זי מאַכט. דער שליח דאַרף גאָר אַליין נישט וויסען, פון וועמען ער איז געשיקט — ער קען דעם נאָמען האָבען שלעכט דערהערט... יאָ, יאָ, אַזוי וועט ער טאָן!.. ער האָט זיך גליקליך געפיהלט דערפון, וואָס איהם איז איינגעפאַלען אַזאַ געדאַנק.

אַזוי איז איהם אַריבער די נאַכט און דער קומענדיגער טאָג רוהיגער, הגם ער האָט קיין ידיעה נישט ערהאַלטען, און אויך דעם נאָכמיטאָג זאָגאַר האָט ער פערבראַכט נישט אין אַזאַ שטאַרקער אויפרעגונג ווי ביז אַהער; — ער האָט דאָך געוואוסט, אַז אין אָבענד, היינט נאָך, וועט ער שוין אַלץ דערגעהן. זיין בענקשאַפט נאָך איהר איז געוואָרען צערטליכער און בעסער, ווי די פון די פריהערדיגע לעצטע טעג.

אַרום אַכט דעם זייגער אין אָבענד איז ער אַרויסגעגאַנגען פון שטוב. אין אַביסל אַ אָבגערוקטען גאַסען-ווינקעל האָט ער גענומען

אַזאַ שליה, וועלכער האָט איהם נישט געקענט. ער האָט איהם צוגעוואונקען, מיטצוגעהן מיט איהם. נישט ווייט פון איהר וואויגנג איז ער געבליבען שטעהן מיט איהם, און האָט איהם גענוי ערקלערט ווי ער זאָל זיך בעגעהן.

ביים שיין פון גאַס-לאַמטערן האָט ער אַ קוק געטהון אויפן זייגער און אָנגעהויבען אַרומצוגעהן אַהין און צוריק. גלייך אָבער איז איהם איינגעפאַלען: וואָס וועט זיין, ווען די זאַך וועט דעם מאַן אויפפאַלענד ווערען און ער וועט נעהמען כונאַנדערפרעגען דעם שליה און ענדליך אויך זיך לאָזען צופיהרען פון איהם אַהער? ער האָט אָנגעהויבען לויפען געשווינד, אום אָנצויאָגען דעם שליה; דערנאָך האָט ער אָבגעהאַלטען די טריט און איז געבליבען שטעהן אין אַ געוויסער ווייטקייט הינטער איהם. ענדליך האָט ער געזעהן, ווי דער שליה ווערט פערשוואונדען אין יענעם הויז. אַלבערט איז געשטאַנען זעהר ווייט, ער האָט זיין בליק געמוזט אָנשטרענגען, אום נישט צו פערלירען דעם טויער פון די אויגען...

אין אַ דריי מינוטען אַרום האָט ער שוין געזעהן דעם שליה אַרויסגעהענדיג... ער האָט נאָר עטליכע סעקונדען געוואַרט, אום צו זעהן, צי אימיצער שפירט דעם שליה נישט נאָך; קיינער האָט זיך נישט געזעהן. איצט איז ער צוגעלאָפען צו איהם. —

— נו, — האָט ער געפרעגט, — וואָס?

— דער גנעדיגער הערר האָט געלאָזען הערצליך גריסען, און דער גנעדיגער פרוי איז נאָך דערווייל נישט בעסער; זי וועט ערשט אין אַ פּאָר טעג אַרום קאָנען אויפשטעהן.

— מיט וועמען האָט איהר גערעדט?

— מיט אַ דינסטמעדעל; זי איז אַריינגעגאַנגען אין צימער און איז גלייך צוריק אַרויס; איך גלויב, אַז דער דאָקטאָר איז גראָד דאָרטען געוועזן...

— וואָס האָט זי געזאָגט? — און ער האָט געלאָזען דעם שליה נאָך עטליכע מאָל איבער׳חזר׳ן די זעלביגע ווערטער און האָט ענדליך איינגעזעהן, אַז ער חיים אייגענטליך איצט קיין זאַך נישט מעהר, ווי פריהער. זי מוז ערנסט קראַנק זיין; מען פרעגט זיך מסתמא אָן פון אַלע זייטען — דעריבער האָט אויך זיין שליה קיין פערדאַכט נישט אַרויסגערופען... אויב אַזוי אָבער, קאָן ער דאָך מעהר וואַגען.... און ער האָט בעשטעלט דעם שליה אויף מאָרגען אין דער זעלביגער צייט. —

ערשט אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט זי קאָנען אויפשטעהן... און מעהר ווייס ער נישט... און דאָס, צי זי טראַכט וועגען איהם, צי זי קאָן זיך האָטש פאָרשטעלען, וואָס ער ליידט אויס צוליעב איהר — ער האָט קיין זאַך נישט געוואוסט. —

האָט זי אפשר פערשטאַנען, אַז ער איז עס געווען דער, פון וועמען ס'איז געקומען דער לעצטער שליח פרעגען, וואָס זי מאַכט?... דער גנעדיגער הערר האָט געלאָזען הערצליך גריסען... נישט זי, ער... איהר האָט מען עס אפשר גאָרנישט געקאָנט זאָגען... יאָ, און וואָס איז איהר? וואָס פעהלט איהר? אין קאָפּ ביי איהם האָבען זיך דורכגעטראָגען די נעמען פון הונדערטער קראַנקהייטען.

— אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט זי אויפשטעהן, — מסתמא איז עס דאָך נישט קיין ערנסטע קראַנקהייט... דאָס אָבער זאָגט מען דאָך שטענדיג; ווען זיין אייגענער פאָטער איז געלעגען אַ גוסס, האָט מען אויך אַלעמען אַזוי געזאָגט... ער האָט אָנגעהויבען צו לויפען און עס בעמערקט ערשט דאַן, ווען ער איז ווידער אַרויף אויף איינער פון די בעלעבטע גאַסען, וואו די מאַסען דורכגעהער האָבען איהם געשטערט. ער האָט געוואוסט, אַז די צייט ביז צו דעם מאָרגענ־דיגען אָבענד וועט איהם אויסזעהן, ווי אַ אייביגקייט.

די שעה'ען זענען געלאָפען, און אין געוויסע מאָמענטען האָט ער זיך אַליין געוואונדערט, פאַרוואָס ער קאָן גאָרנישט גלויבען, אַז זיין געליעבטע זאָל ערנסט קראַנק זיין. אַמאָל ווידער, האָט איהם אויסגעזעהן, ווי אַ זינד דאָס, וואָס ער איז אַזוי רוהיג געווען... און איז נאָכמיטאָג — ווי לאַנג דאָס איז שוין נישט געשעהן! — אָבגעלעגען גאַנצע שעה'ען און געלייענט, ריכטיג ווי עס וואָלט נישט זיין קיין זאַך, פאַרוואָס מורא צו האָבען און וואָס צו פערלאַנגען.

---

ווען אַלבערט איז צוגעקומען אין אָבענד צו דעם נעכטיגען ווינ־קעל פון גאַס, איז שוין דער שליח דאָרט געשטאַנען. — אויסער דער נעכטיגער מיסיע האָט ער נאָך היינט אויסגעגעבען דעם שליח, אַריינצוגעהן אין אַ שמועס מיט דעם שטוב־מערעל און ווי ווייט נאָר מעגליך וועט זיין, דערגעהן, וואָס ס'איז אייגענטליך דער גנעדי־גער פרוי. —

עס האָט געדויערט לענגער ווי נעכטען, ביז דער שליח איז אַרויסגעקומען, און אַלבערט האָט אָנגעהויבען אונרוהיג צו ווערען, כמעט אַ פיערטעל שעה איז אַריבער ביז ער האָט דעם שליח געזעהן אַרויסגעהענדיג פון טויער... אַלבערט איז איהם אַנטקעגען געלאָפען.

— די גנעדיגע פרוי איז געפעהרליך...

— וואָס? — האָט אַלבערט אויסגעשריען.

— די גנעדיגע פרוי איז געפעהרליך קראַנק, — האָט דער שליח איבערגעזהורט נאַכמאָל.

— מיט וועמען האָט איהר גערעדט? וואָס האָט מען אייך געזאָגט?...

— דאָס שטוב־מעדעל האָט מיר געזאָגט, אַז מיט דער מאַדאַם האַלט עס זעהר שלעכט... היינט זענען שוין דריי דאָקטוירים געוועזן, און דער גנעדיגער הערר איז אינגאַנצען אַ דערשלאָגענער.

— ווייטער... ווייטער.... וואָס איז איהר? האָט איהר ניט געפרעגט? איך האָב דאָך אייך —

— כ'האָב געפרעגט; אַ קאָפּ־טיפוס זאָל עס זיין, און די גנעדיגע פרוי ליעגט שוין צוויי טאָג אָהן זינען.

אַלבערט איז געבליבען שטעהן און האָט ווי צומישט, אָנגעקוקט דעם שליח... דערנאָך האָט ער געפרעגט:

— נו, און מעהר ווייסט איהר גאָרניט?

דער האָט ווידער אָנגעהויבען צו דערצעהלען זיין געשיכטע פון אָנהויב אָן, און אַלבערט האָט זיך איינגעהערט אויפמערקזאַם, ווי ווען יעדעס וואָרט וואָלט איהם ברענגען עטוואָס נייעס. דערנאָך האָט ער איהם בעצאָהלט און איז ווידער געגאַנגען גלייך מיט'ן וועג צוריק פערביי דאָס הויז פון זיין געליעבטער. יאָ, איצט האָט ער דאָ געקאָנט רוהיג שטעהן; — ווער האָט עס איצט דאָרט אויבען אַ עסק מיט איהם? און ער האָט אַרויפגעקוקט אין דער הויך, אין'ם פענסטער פון שלאָף־צימער, און האָט געוואָלט מיט זיין בליק דורכדרינגען די גלאָז־שויבען און די אַראָבגעלאָזענע פאָרהאַנגען. דאָס קראַנקענצימער — יאָ! — ס'האָט זיך דאָך אַליין פערשטאַנען, אַז דאָ, הינטער די דאָזיגע שטילע פענסטער מוז ליעגען אַ שווער־קראַנקער! — ווי אַזוי האָט ער עס גלייך אין'ם ערשטען אָבענד ניט געוואוסט? היינט האָט ער איינגעזעהן, אַז דאָס קאָן גאָרניט אַנדערש זיין. — אַ עקיפּאַזש האָט זיך אָבגעשטעלט פער־ביי דעם הויז; אַלבערט

איז צוגעלאָפען, האָט געזעהן, ווי עס שטײַגט אַרויס אײנער אַ איהם=אונבעקאַנטער פּראָפעסאָר און ווערט פערשוואונדען אין טויער; אַלבערט איז געבליבען שטעהן גאַנץ נאָהענט פון דאַנען, אום אָבצוּוואַרטען דעם פּראָפעסאָר, אין דער אונבעשטימטער האָפנונג, צו קאָנען עפּעס אַראָבלײענען פון זײַן פּנים... ער איז געשטאַנען עטליכע מינוטען אינגאַנצען אונבעוועגליך און דערנאָך האָט די ערד אונטער זײַנע פיס זיך אָנגעהויבען צו וויגען אַרויף און אַראָב. דאַן האָט ער געשפּירט, אַז די אויגען האָבען זיך איהם צוגעקלעפּט; און ווען ער האָט זיי געעפענט, האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער הלום'ט שוין דאָ אַזוי שעה'ען לאַנג און איצט האָט ער זיך אויפ=געהאַפּט אַ פרישער, אַ מונטערער... אַז זי איז שווער קראַנק, האָט ער געקאָנט גלויבען, אָבער געפעהרליך — ניין... אַזוי יונג, אַזוי שען און אַזוי געליעבט... און פּלוצלונג האָט איהם, ווי אַ פײַל, ווידער דורכגעשאָסען דעם קאָפּ דאָס וואָרט: קאָפּ=טיפוס... ער האָט נישט געוואוסט קלאָר, וואָס דאָס איז אײגענטליך, און האָט זיך דערמאָהנט, אַז ער האָט אַמאָל געזעהן דאָס וואָרט אין'ם צעטעל פון די געשטאָרבענע אַלס די אורזאַך פון שטאַרבען... ער האָט זיך איצט פאָרגעשטעלט איהר נאָמען געדרוקט, דערבײַ איהר עלטער, און נעבען דעם: „געשטאָרבען דעם 10 אויגוסט פון קאָפּ=טיפוס"... דאָס איז אונמעגליך געווען, פאָלקאָם אונמעגליך... איצט, ווען ער האָט זיך עס פאָרגעשטעלט, האָט עס איהם שוין אויסגעזעהן אינגאַנצען אונמעגליך... דאָס וואָלט זײַן צו זעלטען, ווען ער וואָלט עס טאַקע ווירקליך קאָנען לײענען אין עטליכע טעג אַרום... איהם איז זאָגאַר אײַנגעפאַלען, אַז ער האָט אָבגענאַרט דעם שיקזאַל. —

דער דאָקטאָר איז אַרויסגעגאַנגען פון טויער. אַלבערט האָט שוין געהאַט כמעט פערגעסען אָן איהם, איצט האָט איהם פערהאַפּט דער אָטעם. דעם דאָקטאָרס' געזיכט האָט אויסגעדריקט גלײַכגילטיגקײַט און ערנסטקײַט. ער האָט אָנגערופען דעם קוטשער עפּעס אַ נאָמען, האָט זיך אַרײַנגעזעצט אין עקיפּאַזש און איז אַוועקגעפאָהרען.

— פאַרוואָס האָב איך איהם נישט געפרעגט? — האָט אַלבערט געטראַכט... דערנאָך אָבער איז ער, פערקעהרט, צופרידען געווען דערפון, וואָס ער האָט עס נישט געטהון... יענער וואָלט איהם דאָ געוויס געזאָגט עטוואָס שרעקליכעס... אַזוי, ווענינגסטענס, קאָן ער דאָך נאָך ווײַטער האָפען... ער האָט זיך פּאַמעליך דערווײַטערט

פונ'ם טויער, און בּעשלאָסען בּײַ זיך נישט פריהער, ווי אין אַ שעה אַרום, דאָ נאָכאַמאָל צו זײַן... און פּלוצלונג האָט זיך איהם אָנגעהויבען פאָרצושטעלען, ווי זי וועט דאָס ערשטע מאָל נאָך איהם געזונד הערען ווידער קומען צו איהם... דאָס בּילד איז אַזוי דײַטליך געווען אַז ער איז אַליין ערשטוינט געוואָרען. ער האָט אַפילו דאָס אויך געוואוסט, אַז אין יענעם טאָג וועט געהן אַ פיַינער, גרויסער רעגען. און זי וועט זײַן אײַנגעהילט אין אַ מאַנטעל, וועלכער וועט איהר שוין אין פאָדער-צימער אַראָבּפאַלען פון די אַקסלען, און זי וועט זיך אַ וואָרף טהון אין זײַנע אָרעמס, און וועט קאָנען נאָר ווײַנען און חיינען.

— אָט האָסטו מיך... וועט זי ענדליך אַרויספּליסטערן....

פּלוצלונג איז אַלבּערט אַ צוּצאַפּעלטער געוואָרען... ער האָט געשפּירט, אַז דאָס וועט קײנמאָל, קײנמאָל נישט זײַן... איצט האָט דאָס שיקזאַל איהם אָבּגענאַרט... זי וועט שוין קײנמאָל מעהר נישט קומען צו איהם... מיט פינף טאָג צוריק איז זי בּײַ איהם דאָס לעצטע מאָל געווען און אויף אײבּיג שוין איז זי פון איהם אַוועק-געגאַנגען, און ער האָט עס נישט געוואוסט...

און ווידער איז ער געלאָפען דורך די גאַסען; די געדאַנקען האָבּען זיך איהם געטומעלט אין קאָפּ, און ער האָט געבּענקט נאָכדעם, דעם זינען צו פערליערען... איצט איז ער ווידער געשטאַנען נעבּען איהר וואוינונג... דאָס טויער איז נאָך אַלץ אָפען געווען, און אויבּען האָבּען זיך געזעהען ליכט-שײַנען אין עס-און שלאָפ-צימער... אַלבּערט איז געשווינד אַנטלאָפען... ער האָט געוואוסט: ווען ער וואָלט נאָך אײן סעקונדע געבּליבּען דאָרט שטעהן, וואָלט ער בּעשטימט אַרויפגעפלויגען אויבּען... צו איהר... צו איהר בּעט... צו דער געליעבּטער. —

און ווי זײַן שטײגער איז געווען, האָט ער זיך די סצענע אויך געמוזט פאָרשטעלען בּיז'ן סוף. און ער האָט געזעהן, ווי דער מאַן, וועלכער האָט מיט אײן מאָל אַלץ פערשטאַנען, איז צוגעלאָפען צו דער קראַנקער, וועלכע איז געלעגען בּעוועגונגסלאָז, און האָט איהר געטרײסעלט און אויער אַרײַנגעשריען:

דײַן געליעבּטער איז דאָ, דײַן געליעבּטער איז דאָ. —

זי איז שוין אָבּער טוידט געווען...

---

... אין שווערע חלומות האָט ער פערבראַכט די נאַכט, און אין טעמפּער מיעדקייט — דעם טאָג. אַרום עלף דעם זייגער אין דער פריה האָט ער שוין געשיקט אַ שליח, געוואָהר ווערען, וואָס דאָרטען הערט זיך. איצט האָט ער עס גאַנץ רוהיג געקאָנט טהון; ווער קוקט זיך עס איצט אום דאָרטען אויף די מענשען, וועלכע קומען זיך נאָכפרעגען! די ידיעה, וואָס ער האָט ערהאַלטען, איז געווען אַ קורצע:

אַלץ איינס...

... דעם גאַנצען נאָכמיטאָג איז ער געלעגען אין שטוב אויפ'ן דיוואַן און האָט זיך אַליין נישט פערשטאַנען. ער איז צו אַלץ גלייכגילטיג געווען; און האָט געטראַכט: ס'איז גאַנץ אַנגענעם, אַזוי מיעד צו זיין. געשלאָפען איז ער זעהר אַ סך... ווען אָבער ס'איז דונקעל געוואָרען, איז ער פּלוצלונג אויפגעשפּרונגען פון אָרט, און האָט אויסגעזעהן ערשטוינט, ווי ווען איהם וואָלט איצט דאָס ערשטע מאָל פאַר דער גאַנצער טומעלדיגער צייט די זאַך אינגאַנצען קלאָר געוואָרען. איהם האָט אַרומגענומען אַ אונגעהויערער פערלאַנג, אַלץ קלאָר צו דערגעהן... היינט מוז ער מיט'ן דאָקטאָר אַליין רעדען. —

ער איז געלאָפען געשווינד צו איהר וואוינונג. די הויז־וועכטערין איז געשטאַנען פאַר'ן טהיר. ער איז צוגעגאַנגען צו איהר און אַליין בעוואונדערענדיג זיין רוהיגקייט, האָט ער געפרעגט:

— וואָס מאַכט די פרוי...?

די הויז־וועכטערין האָט געענטפערט:

— אָה, ס'האַלט זעהר שלעכט מיט איהר; זי וועט שוין מעהר נישט אויפשטעהן...

— אַה! — האָט אַלפרעד מיטלײדיג זיך אַ האַפּ געטהון און צוגעגעבען:

— דאָס איז זעהר טרויעריג.

— נאָך ווי טרויעריג! — האָט יענע זיך ווידער אָבגערופען, — אַזאַ יונגע, שענע פרוי.

און מיט די ווערטער איז זי פערשוואונדען געוואָרען אין טויער. אַלפרעד האָט איהר נאָכגעקוקט...

זי האָט מיר גאָרנישט געזאָגט, — האָט ער זיך געטראַכט, און אינ'ם זעלבינען מאָמענט איז איהם שוין איינגעפאַלען אַ קלאָרע

צו טאָן, צי דאַרף ער ניט וואַגען אַמאָל אויך אַריינצוגעהן אַליין אין וואָהנונג, אויב ער איז יאָ אַזאַ קינסטלער אין פערשטעלען זיך...

ס'איז צוגעפאָהרען דעם דאָקטאָר'ס עקיפּאַזש. ווען יענער איז אַרויסגעשטיגען. האָט אַלבערט געצויגען דעם הוט, און ערהאַלטען אַ העפליכען דאַנק. דאָס איז איהם אַנגענעהם געווען — איצט איז ער דאָך שוין מיט איהם געוויסערמאַסען בעקאַנט און ווען ער וועט אַראָבקומען. וועט ער איהם גיכער קענען פרעגען...

ער איז געבליבען שטעהן אונבעוועגליך און איהם איז אַנגענעם געווען צו טראַכטען, אַז דער דאָקטאָר איז ביי איהר. ס'האָט לאַנג געדויערט ביז יענער איז אַראָבגעקומען... יעדענפאַלס מוז דאָ נאָך זיין עפּעס אַ מעגליכקייט, איהר געזונד צו מאַכען, וואָרום ווען ניט, וואָלט זיך דאָך דער דאָקטאָר ניט אויפגעהאַלטען אַזוי לאַנג אויבען... און אפשר גוסס'ט זי שוין... און אפשר.. אַה! אַוועק, אַוועק, אַוועק מיט די געדאַנקען!.. ער האָט געוואָלט פערטרייבען פון זיך די דאָזיגע אַלע געדאַנקען, — זיי ברענגען דאָך קיינע נוצען ניט און ס'איז דאָך נאָך אַלץ מעגליך. פּלוצלונג האָט זיך איהם אויסגעדוכט, אַז ער הערט דעם דאָקטאָר רעדענדיג! ער האָט געהאַפּט די ווערטער: „דאָס איז דער קריזיס"; און נישט ווילענדיג האָט ער אַ קוק געטהאָן צום פענסטער אין דער הויך, וואָס איז געשטאַנען פערמאַכט. ער האָט געקלערט, צי איז ביי געוויסע אומשטענדען, ביי אַ אויפגערעגטער און דעריבער אויך זעהר שאַרפער עמפּפינדונג, צום ביישפּיעל, נישט מעגליך אַמאָל, צו הערען די ווערטער פון אַ מענשען, אפילו דורך אַ פערמאַכטען פענסטער. יאָ, געוויס, ער האָט זיי דאָך ג ע ה ע ר ט, און געהערט נישט ווי אין דער איינבילדונג, נאָר ווי ווירקליך אַרויסגערעדטע ווערטער. גלייך אין דער זעלביגער מינוט איז דער דאָקטאָר אַרויסגעגאַנגען פון טויער. אַלבערט האָט זיך געלאָזען צוגעהן צו איהם; דער דאָקטאָר, אָננעהמענדיג איהם פאַר אַ פערוואַנדטען פון דער פאַמיליע און לייענענדיג די שטומע פראַגע איהם פון די אויגען אַרויס, האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. אַלבערט אָבער האָט דאָס נישט געוואָלט פערשטעהן. ער האָט אָנגעהויבען צו רעדען.

— ערלויבט מיר, הערר פּראָפעסאָר, אייך צו פרעגען...

דער דאָקטאָר איז געשטאַנען מיט איין פוס אויף דעם פוסברעטעל פון עקיפּאַזש און האָט ווידער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— ס'איז זעהר שלעכט, — האָט ער געזאָגט און אָנגעקוקט דעם יונגען־מאַן. — איהר זענט דער קראַנקער'ס ברודער, יאָ?
— יאָ, האָט אַלבערט געענטפערט...
דער דאָקטאָר האָט איהם מיטלײַדיג אָנגעקוקט. דערנאָך האָט ער אַ שאָקעל געטהון צו איהם מיט'ן קאָפּ און איז אַוועקגעפּאָה־רען.

———————

מיט אַ פערקלעמט האַרץ האָט אַלבערט נאָכגעקוקט דעם עקי־פּאַזש — מיט איהם צוזאַמען איז אויך זײַן לעצטע האָפנונג אַוועק. דערנאָך האָט ער זיך געלאָזען געהן. ער האָט אין דער שטיל גע־רעדט צו זיך אַליין, ווערטער כמעט אינגאַנצען אָהן אַ שום זין, און דערבײַ האָבען זיך איהם די ציינער געטרייסעלט.
... אַלזאָ, וואָס וועלן מיר היינט טאָן?... אויפ'ן לאַנד איז שוין צו שפּעט, אויפ'ן לאַנד איז שוין צו־שפּעט. ס'איז צו־שפּעט... ס'איז צו־שפּעט... יאָ, איך בין טרויעריג!.. בין איך טאַקע טרוי־עריג? בין איך טאַקע אַזוי טוידט בעטריבט? ניין, איך געה שפּאַ־צירען, איך פיהל גאָרנישט, גאָרנישט. איך וואָלט געקענט איצט אין טעאַטער געהן, יאָ, אָדער אויפ'ן לאַנד פאָהרען—... אָה, ניין, דאָס דאַכט זיך מיר נאָר אַזוי... איך געה פּראָסט פון זינען אַראָב, חײַל איך בין אַזוי טיעף אָנגעגריפען. יאָ... אָנגעגריפען בין איך, און דערשלאָגען! דאָס איז אַ גרויסער מאָמענט, איך מוז איהם קע־גען בייקומען! אַביסעל קלערער פערשטעהן און גאָרנישט פיה־לען... גאָרנישט... גאָרנישט... איהם האָט אָנגעהויבען שווי־דערן... אַהיים, אַהיים. איך האָב שוין געמוזט אַמאָל האָבען עט־וואָס אַזוינס איבערגעלעבט... אָבער ווען, ווען?.. אפשר אַמאָל אין חלום... און אפשר איז דאָס אַלץ אַ חלום?.. יאָ, איצט געה איך אַהיים, ווי אַלע אָבענד, ווי ווען עס וואָלט קיין זאַך נישט האָבען פאָרגעקומען, קיין זאַך נישט, דאָס מינדעסטע נישט. אָבער וואָס אַזוינס רעד איך מיר אומזיסט איין! איך וועל דאָך אין דערהיים נישט איינזיצען, איך וועל דאָך אין מיטען דער נאַכט אַנטלויפען, און צולויפען ביז'ן הויז פון דער געליעבטער, ביז'ן הויז פון דער שטאַרבענדער געליעבטער... און זײַנע ציינער האָבען זיך פונאַנ־דערגעטרייסעלט. —

פלוצלונג האָט ער זיך געפונען אין זיין צימער, און האָט זיך נישט געקענט דערמאָהנען, ווי אַזוי ער איז דאָ אַרויפגעקומען. ער האָט אָנגעצונדען פייער און זיך אַוועקגעזעצט אויפ'ן דיוואַן.

— איך ווייס, ווי דאָס איז: — האָט ער גערעדט צו זיך אַליין, — דאָס אונגליק קלאַפּט אין טהיר, און איך לאָז איהם נישט אַריין. איך ווייס אָבער, אַז עס שטעהט אין דרויסען, דורכ'ן קליינעם פענס־טעריל זעה איך איהם — — — אַה, ווי נאַריש, ווי נאַריש... אַלזאָ, מיין געליעבטע וועט שטאַרבען... יאָ, זי וועט, זי וועט!... אונאפשר האָף איך נאָך אויף עפּעס און בין דעריבער אַזוי רוהיג? ניין, איך ווייס עס גאַנץ בעשטימט. אַה, און דער דאָקטאָר דאַט מיך אָנ־גענומען פאַר איהרען אַ ברודער!... ווען איך וואָלט איהם געענט־פערט: ניין, איך בין איהר געליעבטער, אָדער: איך בין איהר שמאַכטענדער, איהר עלענדער ליעבהאָבער...

— גאָט אין הימעל! — האָט ער פּלוצלונג אויסגעשריען, איז אויפגעשפּרונגען און האָט אָנגעהויבען אַרומלויפען איבער'ן צימער אַהין און צוריק... איך האָב איהם אַריינגעלאָזען! דאָס אונגליק איז דאָ!.. אַננאַ, אַננאַ, מיין זיסע, מיין איינציגע, מיין געליעבטע אַננאַ!.. און איך קען ביי דיר נישט זיין!.. גראָד איך נישט! איך, דער איינציגער, וועלכער געהערט צו דיר... אפשר איז זי גאָר נישט בעוואוסטלאָז!.. וואָס וויסען מיר איבערהויפּט דערפון! און זי בענקט נאָך מיר, — און איך קען — איך טאָר צו איהר נישט געהן. און אפשר... אין דער לעצטער סעקונדע... ווען זי וועט זיך בעפרייען פון אַלעם ערדישעם... וועט זי עס זאָגען... וועט זי פליסטערן:

— רופט איהם מיר אַהער... איך וויל איהם נאָך איין מאָל זעהען... — און וואָס וועט ער טאָן?

אין אַ ווייַלע אַרום איז איהם שוין די גאַנצע סצענע געשטאַנען לעבעדיג פאַר די אויגען. ער האָט זיך געזעהען אַרויפלויפענדיג אויף די טרעפּ... דער מאַן האָט איהם אויפגענומען... האָט איהם אַליין צוגעפיהרט צום בעט פון דער שטאַרבענדער... זי האָט גע־שמייכעלט צו איהם מיט מוטנע טריבע אויגען... ער האָט זיך אָנגעבויגען איבער איהר... זי האָט איהם איינגעשלאָסען אין איהרע אָרעמס און ווען ער האָט זיך אויפגעהויבען, האָט זי אַרויסגעלאָזען דעם לעצטען אָטעם־צוג... און דאַן איז דער מאַן צו איהם צו־געגאַנגען און האָט געזאָגט:

— נו, איצט, מײַן העֶרר, קענט איהר געהן, מיר האָבען נאָך איינער מיט'ן אַנדערן אַסך צו רעדען...

דאָס לעבען אָבער איז נישט אַזוי, נײַן... דאָס וואָלט דאָך זײַן דאָס שענסטע, דאָס ענטציקענדסטע... קענען איהר נאָכאַמאָל זעהען, פיהלען, אַז זי האָט איהם ווירקליך ליעב געהאַט!...

ער מוז אָבער איהר נאָכאַמאָל זעהען, אויף וועלכען אַרט דאָס זאָל נישט זײַן... יאָ, ער קען זי דאָך — אום גאָטעס ווילען! — נישט לאָזען אַזוי שטאַרבען, נישט האָבענדיג איהר נאָך אַמאָל געזעהען! דאָס וואָלט זײַן צו שרעקליך! ער האָט דאָך גאָרנישט געפּרובט רעכט אַ טראַכט טאָן וועגען דעם. יאָ, אָבער וואָס טוט מען?.. ס'איז שוין געווען באַלד אין מיטען נאַכט! אונטער וואָס'רא תירוץ וואָלט איך געקענט דאָרט אַרויפגעהן, — האָט ער זיך געפרעגט. אָבער... דאַרף איך דען אַ תירוץ האָבען?... איצט, ווען דער טוידט... און ווען אפילו זי... שטאַרבט — האָב איך דען דאָס רעכט איהר געהיימנים צו ענטדעקען, איהר אַנדענקען צו בעשמוצען ביי איהר מאַן, ביי איהר פאַמיליע?... אָבער... איך קען מיך דאָך פאָרשטעלען פאַר אַ משוגע'נעם... אָה — איך קען מיך דאָך אַזוי קינסטלעריש פערשטעלען ... אָה, גאָט!... וואָס איז'ס שוין ווידער פאַר'אַ קאָמעדיען־אײַנפאַל!... יעדענפאַלס, ווען מען פיהרט גוט דורך די ראָליע און מ'ווערט טאַקע אײַנגעשפּאַרט אויפ'ן גאַנצען לעבען אין אַ דול־הויז... אָדער ווען זי ווערט געזונד און ערקלערט מיך אַליין פאַר אַ משוגע'נעם, וועלכען זי האָט קיינמאָל נישט געקענט, קיינמאָל נישט געזעהן!... — אָה... מײַן קאָפּ, מײַן קאָפּ! —

— איצט, — האָט ער געזאָגט צו זיך, — וועל איך די זאַך רוהיג בעקלערען. איך וויל זי נאָכאַמאָל זעהען... יאָ, וואָס עס זאָל זיך נישט מאַכען... איך מוז זי זעהען...

און ווידער האָבען זיך זײַנע געדאַנקען געטומעלט: אין הונדערטער פערקליידונגען האָט ער זיך געזעהן אַרויפגעהענדיג דאָרט אויבען אויף די טרעפּ: אַלס אַסיסטענט פון פּראָפעסאָר, אַלס אַפּטייקער־געהילף, אַלס לאַקיי, אַלס בעאַמטער פון אַ קבורה־געזעלשאַפט, אַלס בעטלער; אַם ענדע האָט ער זיך געזעהען גאָר אַלס קברן, זיצענדיג נעבען דער טוידטער, וועלכער ער טאָר נישט קענען,

זיצענדיג נעבען איהר, אײנהילענדיג איהר אין אַ װײַסער טוך און אַרײַנלעגענדיג אין קבר...

---

װען ער האָט זיך אױפגעכאַפּט, האָבען זיך שױן געזעהן די ערשטע שטרײַפען פון טאָג. דאָס פענסטער איז געשטאַנען אָפען, און נישט קוקענדיג אױף דעם, װאָס ער איז געלעגען אױפ׳ן בעט אַ אָנגעטהונענער, האָט איהם געשױדערט פון קעלט, װײַל עס האָט אָנגעהױבען געהן אַ לײַכטער רעגען און דער װינט האָט עטליכע טראָפּענס אַרײַנגעיאָגט אױך אין צימער. —

אַלזאָ, דער הערבסט הױבט זיך אָן, — האָט אַלבערט געטראַכט... דערנאָך האָט ער זיך אױפגעהױבען און אַ קוק געטאָן אױפ׳ן זײגער...

— בין איך, הײסט עס, אָבגעשלאָפען גאַנצע פינף שעה... אין דער צײַט האָט געקענט... אַ סך געשעהען...

אַ שױדער איז איהם דורכגעלאָפען איבער׳ן לײַב.

— מאָדנע: איצט, פּלוצלונג, װײס איך קלאָר, װאָס איך האָב צו טאָן. איך װעל איצט אַהינגעהן, ביז צו דער טהיר פון זײער װאױנונג, דעם קראַגען אױפגעשטעלט, און... אַלײן... פרעגען...

ער האָט זיך אָנגעטאָן אַ גלאָז קאָניאַק, און האָט עס שנעל אױסגעטרונקען. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צום פענסטער.

— פױ, װי די גאַסען זעהען אױס.

ס׳איז נאָך זעהר פריה געװען.

— דאָס זענען בלױז אַזעלכע מענשען, װעלכע האָבען שױן זיבען דעם זײגער אין דערפריה װאָס צו טאָן. — — יאָ, הײַנט בין איך אױך אַ מענש, װאָס האָט שױן זיבען דעם זײגער אין דערפריה, װאָס צו טאָן ... — „ס׳איז זעהר שלעכט", האָט דער דאָקטאָר נעכטען געזאָגט... פון דעם אָבער איז נאָך דערװײַל קײנער נישט געשטאָרבען... און איך האָב מיך דאָך נעכטען כסדר געפיהלט אַזױ, װי װען זי װאָלט שױן... מ׳דאַרף געהן... מ׳דאַרף געהן...

ער האָט אָנגעטאָן דעם איבערציהער, גענומען אַ רעגען־שירם און איז אַרײַן אין פאָדער־צימער. זײַן דינער האָט אױסגעשטעלט אױף איהם אַ ערשטױנטען בליק.

— איך קום באַלד צוריק, — האָט ער געזאָגט און איז אַרויס־געגאַנגען. —

ער איז געגאַנגען, מאַכענדיג קליינע טריט; איהם איז אייגענטליך זעהר שווער געווען אליין דאָרט אַרויפצוגעהן. וואָס וועט ער זאָגען?

ער איז צוגעקומען אַליין געהנטער; אָט איז די גאַס... אָט זעהט ער פון ווייטען דאָס הויז... עס האָט איהם אויסגעזעהן אַזוי פרעמד... אין אַזאַ צייט האָט ער עס בעשטימט נאָך קיינמאָל נישט געזעהען.

— ווי מאָדנע עס זעהט אויס די בלאַסע ליכטיגקייט, וואָס דער רעגענדיגער פריה־מאָרגען האָט פערשפרייט איבער'ן שטאָדט. יאָ, אין אַזעלכע טעג שטאַרבט מען. —

ווען אננאַ וואָלט אין יענעם טאָג, וואָס זי איז געווען ביי איהם דאָס לעצטע מאָל, זיך איינפאַך געזעגענט מיט איהם אויף שטענדיג, — ער וואָלט זי שוין היינט אפשר געהאַט פערגעסען. יאָ, גאַנץ בעשטימט — וואָרום עס איז געווען אַ שרעק, ווי לאַנג עס האָט איהם אויסגעזעהן די צייט פון דאַן אָן, פון ווען ער האָט איהר געזעהן דאָס לעצטע מאָל.

וואָס'רע פאַלשע בעגריפען פון צייט עס רופט אַרויס אַזאַ מין רעגענדיגער פריה־מאָרגען... אָה, גאָט...

אַלבערט איז געווען זעהר מיעד, זעהר צושטרייט.... ער איז כמעט אַריבערגעגאַנגען אינגאַנצען דעם הויז...

דאָס טויער איז געווען אָפען; גראָד איז איהם אַרויסגעגאַנגען פון דאָרטען אַנטקעגען אַ יונג מיט מילך־קאַנען אין די הענד. אַלבערט איז זעהר רוהיג דורכגעגאַנגען דעם טויער — פלוצלונג, ווי ער האָט געוואָלט אַרויפגעהן אויף די ערשטע טרעפ, האָט איהם דורכגעשוידערט דאָס פולע בעוואוסטזיין פון אַלץ, וואָס איז געשעהען, וואָס געשעהט איצט, וואָס ער וויל זיך דערוויסען. איהם איז געווען ריכטיג, ווי ווען ער וואָלט דעם העג ביז אַהער דורכגעמאַכט נאָך האַלב־שלאָפענדיג און איצט האָט ער זיך פלוצלונג אויפגעכאַפט. ער האָט צוגעלעגט ביידע הענד צום האַרצען, איידער ער איז ווייטער געגאַנגען. דאָס אַלזאָ זענען געווען די טרעפ... ער האָט זיי דאָך פריהער נאָך קיינמאָל נישט געזעהען... ס'איז נאָך אויך זיי האַלב־פינסטער געווען; קיין גאַז־פלאַמען האָבען ביים האַנד נישט געברענט... דאָ אויפ'ן ערשטען שטאָק איז געווען איהר וואָהנונג.

וואָס איז דאָס?.. ביידע טהירען זענען געשטאַנען אָפען... ער האָט געקענט זעהן דעם פאָדער־צימער — ס'איז אָבער אין איהם קיין לעבעדיגער נפש נישט געווען. ער האָט אויפגעמאַכט אַ קליינע טהיר, וואָס האָט געפיהרט אין קיך. דאָ איז אויך קיינער נישט געווען. ער איז געבליבען אַ ווײַלע שטעהן אונבעשלאָסען. איצט האָט זיך געעפענט די טהיר, וואָס האָט געפיהרט אין די וואוינ־צימערן און אַ דיענסט־מיידעל איז שטיל אַרויסגעגאַנגען, גאָרנישט בעמערקענדיג איהם.

אַלבערט איז צוגעגאַנגען צו איהר.

— וואָס מאַכט די גנעדיגע מאַדאַם? — האָט ער געפרעגט.

דאָס מעדעל האָט איהם געדאַנקענלאָז אָנגעקוקט.

— מיט אַ האַלבע שעה צוריק איז זי געשטאָרבען, — האָט די געזאָגט. דערנאָך האָט זי זיך אומגעווענדעט און איז אַרויס אין קיך.

אַלבערט האָט זיך געשפירט ריכטיג, ווי ווען די וועלט אַרום איהם וואָלט פלוצלונג וועררן טוידט־שטיל; ער האָט געוואוסט גאַנץ בעשטימט, אַז אין דעם מאָמענט האָבען אַלע הערצער אויפגעהערט צו קלאַפען, אַלע מענשען צו געהן, אַלע דראָשקעס צו פאָהרען, אַלע זייגערס צו טיקען. ער האָט געשפירט, ווי די גאַנצע לעבעדיגע, זיך בעוועגענדע וועלט, האָט מיט אַמאָל אויפגעהערט צו לעבען און זיך צו בעוועגען.

— אַלזאָ, דאָס איז דער טוידט, — האָט ער געטראַכט, — נעכטען, אַלזאָ, האָב איך עס נישט פערשטאַנען...

— ענטשולדיגט, — האָט אַ שטימע זיך אָבגערופען נעבען איהם.

דאָס איז געווען אַ שווער־געקליידעטער הערר, וועלכער האָט געוואָלט פון די טרעפ אַרײַנגעהן אים פאָדער־צימער, און וועלכען אַלבערט, וועלכער איז גראָד געשטאַנען ריכטיג אין טהיר, האָט פערשטעלט דעם וועג.

אַלבערט איז אָבגעגאַנגען איין טריט ווײַטער אינוועניג און האָט געלאָזען דעם הערר פערבײַגעהן. דער האָט זיך גאָרנישט אומגעקוקט אויף איהם, נאָר איז געשווינד אַרײַן אין וואוינונג און האָט געלאָזען די טהיר האַלב־אָפען. אַלבערט האָט איצט געקענט זעהן, וואָס עס טוט זיך אינ'ם דערבײַאיגען צימער. ס'איז דאָרטען געווען כמעט פינסטער, ווײַל די פאָרהאַנגען זענען געווען אַראָבגעלאָזען; ער האָט געזעהען אַ פּאָר געשטאַלטען, וועלכע זענען געזעסען אַרום

אַ טיש, זיך אויפהויבענדיג און בעגריסענדיג דעם הערר, וואָס איז אַריינגעקומען. ער האָט געהערט, ווי זיי האָבען געפליסטערט... דער־נאָך זענען זיי פערשוואונדען געוואָרען אין אַ נעבען־צימער.

אַלבערט איז געבליבען שטעהן ביים טהיר און האָט געטראַכט: דאָרט אין יענעם צימער ליעגט זי... ס'איז נאָך קיין וואָך נישטאָ פון דער צייט, וואָס איך האָב איהר אין מיינע אָרעמס געהאַלטען... און איך טאָר נישט אַריינגעהן.—

ער האָט געהערט שטימען אויף די טרעפ. צוויי פרויען זענען אַרויפגעקומען און איהם פערביינגעגאַנגען. איינע, די יונגערע, האָט געהאַט פערוויינטע אויגען. זי האָט אויסגעזעהען עהנליך צו דער געליעבטער. געוויס איז דאָס געווען איהר שוועסטער, פון וועלכער זי האָט איהם עטליכע מאָל דערצעהלט. אַ עלטערע דאַמע איז אַנט־קעגען געגאַנגען די צוויי פרויען, האָט זיי אַרומגעאַרמט און אין דער שטיל געוויינט.

— מיט אַ האַלבע שעה צוריק, — האָט געזאָגט די אַלטע דאַמע, — גאַנץ פּלוצלונג...

די טרערען האָבען איהר נישט געלאָזען ווייטער רעדען; אַלע דריי זענען פערשוואונדען געוואָרען דורך דאָס האַלב־פינסטערע צי־מער אינים נעבען־רוים.

קיינער האָט זיך אויף איהם נישט אומגעקוקט.

— איך קאָן דאָך דאָ אַזוי נישט בלייבען שטעהן, — האָט ער געטראַכט. — איך וועל בעסער איצט אַראָבגעהן און אין אַ שעה אַרום ווידער קומען.

ער איז אַראָב און געבליבען שטעהן עטליכע סעקונדען אויפ'ן גאַס. דער פריה־מאָרגענדיגער טומעל פון גאַס האָט זיך אָנגעהויבען, — פערביי איהם זענען האַסטיג דורכגעלאָפען פערשידענע מענשען, און די דראָשקעס האָבען געקלאַפּט.

אין אַ שעה אַרום וועלען אויבען דאָרט שוין געווים זיין אַ סך מענשען און איך וועל מיך גאַנץ לייכט אַריינשטופּען צווישען זיי... מאָרגען: ווי די בעשטימטקייט בערוהיגט... איצט איז מיר אַ סך בעסער, ווי נעכטען... האָטש זי איז געשטאָרבען... מיט אַ האַלבע שעה צוריק... אין טויזענד יאָהר אַרום וועט זי נישט ווייטער זיין פון לעבען, ווי איצט... און דאָך: דאָס בעוואוסטזיין דערפון, אַז מיט אַ שעה פריהער האָט זי נאָך געאָטעמט, מאַכט אויף מיר דעם איינדרוק

ריכטיג, ווי ווען זי וואָלט נאָך איצט אויך עפּעס וויסען פון לע-
בען; עפּעס אַזוינס, וואָס מ'קאָן דערפון קיין אַהנונג נישט האָבען
אַזוי לאַנג, ווי מ'אָטעמט נאָך... אפשר איז גאָר אָט דער אונבע-
גרייפבאַרער מאָמענט, אין וועלכען מיר געהען איבער פון לעבען צום
טוידט, אונזער אָרעמע אייביגקייט...

יאָ, איצט וועל איך שוין נישט דאַרפען מעהר וואַרטען נאָכ-
מיטאָג... איך וועל שוין מעהר ביים קליינעם טהיר-פענסטעריל נישט
שטעהן... שוין קיינמאָל, קיינמאָל נישט מעהר... — די דאָזיגע
שעה'ען האָבען זיך איהם איצט פאָרגעשטעלט פאַר די אויגען
בעגאָסען מיט אַ אונגלויבליכער שענקייט. מיט עטליכע טעג צוריק
איינגאַצען איז ער אַזוי, גליקליך געווען, — יאָ..... גליקליך.. דאָס
איז געווען אַ הייסע, טיפע גליקזעליגקייט... אַח... ווען איהרע
טריט האָבען זיך געהערט לויפענדיג אויף די לעצטע טרעפּ... ווען
זי האָט זיך איהם אין די אָרעמס אַריינגעוואָרפען... און ווען
זיי זענען אָהן ווערטער און זיך נישט ריהרענדיג געלעגען אין דעם
דונקעלען צימער, וואָס איז פול געווען מיט די ריחות פון בלומען
און ציגאַרען, אויף די ווייסע קישענס... אוים... אַלץ האָט זיך
געענדיגט...

איך וועל אַוועקפאָהרען — דאָס איז דאָס איינציגע, וואָס
איך קאָן טהון. וועל איך נאָך איבערהויפּט קאָנען איבערטרעטען
דעם שוועל פון מיין צימער! די טרערען וועלען זיך נישט ווילענדיג
גיעסען פון מיינע אויגען... גאַנצע טעג, אייביג, אייביג וועל איך
וויינען...

ער איז דורכגעגאַנגען פערביי אַ קאַפע-הויז.

איהם איז איינגעפאַלען, אַז פון נעכטען נאָכמיטאָג אָן האָט
ער נאָך קיין ביסען אין מויל נישט גענומען; ער איז אַריינגעגאַנגען,
פריהשטיקען.

---

ווען ער איז אַרוים פון קאַפע-הויז, איז שוין דער זייגער געווען
נאָך ניין.

— נו, איצט קאָן איך ווידער דאָרט אַרויפגעהן... איך מוז
זי דאָך נאָך איינמאָל זעהן... וואָס וועל איך אָבער טהון?... וועל
איך זי קאָנען זעהן?... איך מוז זי זעהן... יאָ, איך מוז מיין, מיין,

מײַן געליבטער טױדטער אננא׳ן דאָס לעצטע מאָל זעהן... װעט מען מיך אָבער אַרײַנלאָזען אין דעם צימער, װאו זי ליעגט?... געװיס; דאָרט װעלען מסתמא זײַן אַ סך מענשען, און אַלע טהירען װעלען שטעהן אָפען...

ער איז געלאָפען אַהין. —

בײַ׳ם טהױער איז געשטאַנען די הױז־װעכטערין און האָט איהם געגריסט, װען ער איז פערבײַגעגאַנגען; אויף די טרעפּ איז ער אַריבערגעלאָפען צװײ העררען, װעלכע זענען אויך אַרױפגעגאַנגען. אי׳ם פאָדערצימער זענען געשטאַנען עטליכע מענשען, און די טהיר איז געשטאַנען אינגאַנצען אָפען.

אַלבערט איז אַרײַנגעגאַנגען.

דער פאָרהאַנג פון אײן פענסטער איז געװען אַביסעל אַרױפגע־צױגען און אין צימער האָבען זיך אַרײַנגעריסען עטליכע ליכט־שטראַהלען. דאָ האָבען זיך געפונען צװעלף מענשען, װעלכע זענען געשטאַנען אָדער געזעסען און זעהר שטיל גערעדט. די אַלטע דאַמע, װעלכער ער האָט שױן פריהער געזעהן, איז געזעסען, אינגאַנצען אַ צוזאַמענגעבראָכענע, אין װינקעל פון אַ טונקעל־רױטער סאָפע.

װען אַלבערט איז אַריבערגעגאַנגען פערבײַ איהר, האָט זי איהם אָנגעקוקט; דאַן איז ער געבליבען שטעהן נעבען איהר און האָט איהר דערלאַנגט די האַנד. — זי האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און װידער אָנגעהױבען צו װײנען.

אַלבערט האָט זיך אַרומגעקוקט.

די צװײטע טהיר, װאָס האָט געפיהרט צו׳ם נעבענצימער, איז געװען פערמאַכט. ער האָט זיך געװענדעט צו אַ העררן, װעלכער איז געשטאַנען בײַ׳ם פענסטער און האָט, אינגאַנצען נישט טראַכ־טענדיג, אַרױסגעקוקט דורך די שפּאַלטען פון פאָרהאַנג...

— װאו ליעגט זי? — האָט ער געפרעגט.

דער העררן האָט אָנגעװיזען מיט׳ן האַנד אויף דער רעכטער זײַט.

אַלבערט האָט פּאַמעליך געעפענט די טהיר, און ער איז געבליבען שטעהן אַ פערבלענדעטער פון דער העלער ליכטיגקײַט, װאָס האָט איהם ענטקעגען־געשטראַמט.

ער האָט זיך געפונען אין אַ גאַנץ ליכטיגען, קלײנעם צימער

מיט ווייס און גאָלד געמאָלטע טאַפּעטען און האַלב-בלויע מעבעל. קיין מענש איז דאָ נישט געווען. די טהיר צו דעם דערבייאיגען צימער איז געווען נאָך פערהאַנגען. ער איז אַריין. עס איז געווען דאָס שלאָפצימער.

די לאָדענס פון פענסטער זענען געווען פערמאַכט; אַ נאַכט-לאָמפּ האָט געברענט... אויפ'ן בעט איז געלעגען אויסגעצויגען די גע-שטאָרבענע. די דעקע איז געווען אַרויפגעצויגען ביז צו איהרע ליפּען; איהר צו-קאָפּענס אויף דעם נאַכט-טישעל, האָט גע-ברענט אַ ליכט, און געוואָרפען אַ העלע שיין אויף דאָס אַש-גרויע געזיכט פון דער טוידטער.

ער וואָלט זי נישט דערקענט, ווען ער וואָלט נישט וויסען, ווער דאָס איז. ערשט ביסלעכווייז האָט ער אָנגעהויבען צו בעמערקען די עהנליכקייט — ערשט ביסלעכווייז איז עס געוואָרען אַננאַ, זיין אַננאַ, וועלכע איז דאָ געלעגען, און דאָס ערשטע מאָל, זינט ס'האָבען זיך אָנגעהויבען די דאָזיגע שרעקליכע טעג, האָט ער איצט דערשפירט טרערען אין די אויגען.

אַ הייסער, ברענענדער וועהטאָג האָט איהם געפּרעסט דאָס האַרץ. ער וואָלט וועלען איהם אַרויסשרייען, פאַר איהר אַניעדער-פאַלען, איהרע הענד קושען...

איצט ערשט האָט ער זיך געהאַפּט, אַז ער איז נישט אַליין דאָ געווען מיט איהר. אימיצער איז געשטאַנען אויף די קניע נעבען בעט צופוסענס, האָט איינגעגראָבען דעם קאָפּ אין דעקע און פעסט געהאַלטען איין האַנד פון דער טוידטער אין זיינע בײדע הענד. — אין דעם מאָמענט, ווען אַלבערט האָט פּראָבירט איין טריט נעהנטער צוגעהן, האָט יענער אויפגעהויבען דעם קאָפּ.

וואָס וועל איך איהם זאָגען? — אין דער מינוט אָבער האָט ער דערפיהלט, ווי דער מענש, וועלכער איז געשטאַנען אויף די קניע, האָט אַ האַפּ געטהון זיין רעכטע האַנד, האָט איהר געדריקט און מיט אַ טרערען-פערשטיקטער שטימע געפּליסטערט:

— איך דאַנק אייך... איך דאַנק אייך.

און גלייך האָט זיך דער וויינענדער צוריק אָבגעווענדעט, האָט גע-לאָזען דעם קאָפּ אַראָבפאַלען און שטיל געהליפּעט אין דער דעקע. אַלבערט איז נאָך געבליבען אַ ווײַלע שטעהן און האָט בע-

טראַכט דאָס געזיכט פון דער טוידטער מיט אַ מין קאַלטער אויפמערק־זאַמקייט. די טרערען זענען איהם ווידער אויסגעטריקענט געוואָרען. זיין וועהטאָג איז מיט אַמאָל געוואָרען טעמפּ און קאַלט. ער האָט געוואוסט, אַז די דאָזיגע בענגעניש וועט איהם שפּעטער אַמאָל פאַרגעקומען אין דער זעלביגער צייט אַ שרעקליך אי קאָמיש.

ער וואָלט זיך אַליין אין די אויגען אויסגעזעהן זעהר לעכערליך, ווען ער וואָלט דאָ מיט דעם צוזאַמען ליעגען און הליפּען.

ער האָט זיך אָבגעווענדעט אַרויסצוגעהן.

ביים טהיר איז ער נאָכאַמאָל געבליבען שטעהן און האָט זיך אומגעקוקט צוריק. דאָס פייער פון דער ליכט האָט זיך געוויעגט, און איהם האָט זיך געדאַכט, אַז ער זעהט אַ שמייכעל אַרום אַננאַ'ס ליפּען. ער האָט געשאָקעלט צו איהר מיט'ן קאָפּ, ריכטיג, ווי ווען ער וואָלט נעהמען אָבשייד פון איהר און זי וואָלט עס קאָנען זעהן.

ער האָט זיך געקליבען אַרויסצוגעהן; איצט אָבער האָט ער זיך געשפּירט אַזוי, ווי ווען זי וואָלט איהם פעסט צו־האַלטען מיט דעם דאָזיגען שמייכעל. און עס איז געוואָרען מיט איין מאָל אַ פרעמד שמייכעל, פול מיט פעראַכטונג, וואָס האָט אויסגעזעהן צו רעדען עפּעס, און ער האָט עס געקאָנט פערשטעהן. און דאָס שמייכעל האָט געזאָגט:

— איך האָב דיך געליעבט און איצט שטעהסטו דאָ, ווי אַ פרעמדער און פערלייקענסט מיך. זאָג איהם, אַז איך בין דיינע געווען, אַז דו האָסט דאָס רעכט פאַר מיין בעט צו קניען און מיינע הענד צו קושען. — זאָג עס איהם! פאַרוואָס זאָגסטו'ס איהם נישט?

ער אָבער האָט עס נישט געוואַגט צו טהון. ער האָט זיך מיט'ן האַנד די אויגען פערשטעלט, אום נישט צו זעהען מעהר איהר שמייכעל...

אויף די שפּיץ פינגער האָט ער זיך אומגעדרעהט, איז אַרויס פון צימער און האָט פערמאַכט די טהיר הינטער זיך. שווינדעלנדיג איז ער דורכגעגאַנגען דעם ליכטיגען סאַלאָן, דערנאָך האָט ער זיך אַ דורכגעשטופּט אין דעם האַלב־דונקעלען צימער צווישען די אַלע מענשען, וועלכע זענען געשטאַנען און געפּליסטערט צווישען זיך און צווישען וועלכע ער האָט נישט געטאָרט בלייבען; דורכלויפענדיג

דאַן דעם פאָדערצימער איז ער אַראָב פון די טרעפ, און ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען פון טהויער, האָט ער זיך שטיל אַוועקגערוקט ווייטער פון דעם הויז, און זיינע טריט זענען וואָס ווייטער געוואָרען אַלץ געשווינדער, און עס האָט איהם געטריעבען פון דער געגענד, און ער איז געלאָפען, טיעף פערשעמט, דורך די גאַסען; וואָרום עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער טאָר נישט טרויערען אַזוי ווי די אַנדערע, אַז זיין טוידטע געליעבטע האָט איהם אַרויסגעטריעבען, ווייל ער האָט איהר פערלייקענט. —



# מינוטען לעבען:

אַ פּיעסע אין איין אַקט

---

## פּערזאָנען:

הױזדאָרפער. — דימיסיאָנירטער בעאַמטער.
הײנריך.
באַראָמעאוס. — גערטנער.

---

די סצענע שטעלט פאָר אַ קלײנעם, גוט אױפגעהאַלטענעם גאָרטען אין אַ פאָרשטעדטיל אַרום װין. טיעף אין הינטערגרונד — אַ הײזעל מיט אַ װעראַנדע, פון װעלכער דרײ טרעפּלעך פיהרען אַרײן אין גאָרטען. פאָרנט — דרײ שטוהלען און אײן ברײטער, טיעפער פאָטעיל. ס'איז פריה אים הערבסט. פאַרנאַכט. אַרום הערשט אַ פאָלשטענדיגע שטילקײט.

דער גערטנער באַראָמעאוס, אַ אַלטער מאַן מיט לאַנגע גרױע האָר, גראָבט איבער די ערד. הױזדאָרפער געהט פאַמעליך אַראָב פון װעראַנדע; ער זעהט אױס, װי פון אַ יאָהר זעכציג, דאָס געזיכט גלאַט געראַזירט, מיט קורץ צוגעשױרענע גרױע האָר און יונגע אױגען. ער טראָגט אַ דונקעלן קאָסטיום, װאָס ליעגט אױף איהם גוט און בעקװעם, און אױפ'ן קאָפּ — אַ דונקעלן שטרױענעם הוט מיט ברײטע פליעגעל.

---

הויזדאָרפער. גוטען אָבענד, באַראָמעאוס.

באַראָמעאוס. גוטען אָבענד, מײַן הערר. איהר זענט, מסתמא, געװעזען הײַנט נאָכמיטאָג אין שטאָדט? יאָ?

הויזדאָרפער. ניין, ניין.

באַראָמעאוס. איך האָב אַזוי געטראַכט דערפאַר, וואָס איהר האָט הײַנט װידער נישט געטרונקען קײן קאַפע אין אַלטאַנע.

הויזדאָרפער. ניין, ניין, איך בין נישט געװען אין שטאָדט. איך בין געלעגען אויפ׳ן דיװאַן. מיר האָט דער קאָפּ װעה געטאָן. וואָס טהוט איהר עס דאָ? מיר װעלן דאָך אַזוי ביידע שוין באַלד האָבען איבערגעגראָבען דעם גאַנצען גאָרטען?

באַראָמעאוס. נו געװיס, מײַן הערר. מ׳מוז דאָס. בײַנאַכט קען זיך מאַכען אַ פראָסט. איצט איז שוין אָקטיאַבר, און מיך נאַרען אָט די דאָזיגע װאַרעמע טעג נישט אָב: איך האָב צו זיי קײן צוטרוי נישט. איהר געדענקט דעם הערבסט פון 93־טען יאָהר? אין אָבענד איז מען געזעסען אויפ׳ן װעראַנדע... יאָ, דאָס איז געװען דעם 28־טען אָקטיאַבר... און דרײַ דעם זייגער אין דער פריה איז געװען אַ פראָסט! דאָס זעלבע איז געװען אויך אין 87־טען און אין 88־טען יאָהר. ניין, מיך װעלן די דאָזיגע װאַרעמע טעג נישט אָבנאַרען.

הויזדאָרפער. איהר זענט פאָלקאָם גערעכט, באַראָמעאוס. (קוקט זיך איין, װי ער אַרבײַט). נו, און װאָס װעלן מיר דעם יאָהר זיהען? (פערטראַכט זיך און הערט קוים אוים דעם ענטפער).

באַראָמעאוס. יאָ, אָט, איך האָב מיך טאַקע אַליין געקליבען, צו רעדען מיט אײַך װעגען דעם. איך בין הײַנט, זעהט איהר, נאָכמיטאָג געװען דאָרט בײַ פראַנציז.

הויזדאָרפער (צושטרײַט). בײַ װעמען?

באַראָמעאוס (עטװאָס פערװאונדערט). בײַ דעם גערטנער פון באַראָן װײַסענעק. ער איז אַ מענש אַ בײַזער, נאָר זײַן זאַך קען ער. און קען, דאָס מוז איך אײַך מודה זײַן, בעסער פון מיר. ער האָט זיך דאָס אַליין אויסגעלערנט פון די ביכער. בײַ איהם שטעהען גאַנצע צװאַנציג גראָבע ביכער אויבען, אויפ׳ן שקאַף. און דעריבער שעם איך מיך נישט, זיך צו װענדען צו איהם מכה אַנ־עצה.

הויזדאָרפער (נישט הערענדיג, װאָס ער רעדט). יאָ,

יאָ, איהר דאַרפט טאַקע אַזוי טאָן.

באַראָמעאוס. וואָס, מײַן העֶרר, וואָס טאָן?

הויזדאָרפער. דאָס, וואָס עֶר האָט אײַך געהייסען. יאָ. איך בין פאָלקאָם אײַנשטימיג.

באַראָמעאוס (זיך אַליין מעהר וואונדערנדיג). מײַן העֶרר... איך האָב דאָך... איך האָב דאָך נאָך גאָרנישט...

הויזדאָרפער. אַזוי וועט גוט זײַן.

באַראָמעאוס (כמעט דערשראָקען). מײַן — !

הויזדאָרפער (ווי קומענדיג צו זיך). וואָס?

באַראָמעאוס. אָ! מסתמא... ענטשולדיגט, וואָס איך ערלויב זיך, אײַך צו פרעגען... דער מוטער פון דעם העֶרר הײַנריך איז שוין מסתמא ווידער ערגער געוואָרען... (טומעלט זיך מעהר צוליעב דעם, וואָס הויזדאָרפער ענטפערט נישט). יאָ... איך גלויב אַזוי, ווײַל זי איז שוין גאַנצע דרײַ וואָכען נישט געקומען צו פאָהרען אַהער, צו אונז.

הויזדאָרפער. ניין... זי... זי איז געשטאָרבען. אַ דאַנק אײַך פאַר אײַער נאָכפרעגען... זי איז געשטאָרבען... (זעצט זיך).

באַראָמעאוס (נעהמט אַראָב דעם הוט אינגאַנצען אַ דערשראָקענער). אָ, אָ! (פויזע).

הויזדאָרפער. יאָ. זי וועט שוין קײנמאָל אַהער נישט קומען צופאָהרען, שוין קײנמאָל נישט!

באַראָמעאוס. גאָט מײַנער! קען דאָס זײַן? גאָט מײַנער! איך האָב גאָרנישט אָנגעהויבען וויסען דערפון, אַז זי איז געוועזען אַזוי קראַנק. (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ). אַ פרוי איז זי געוועזען, קען מען זאָגען, נאָך אַ יונגע...

הויזדאָרפער. נו, וואָס רעדסטו, אַ יונגע, טײַערער באַראָמעאוס?... געוויס, זי איז געוועזען מיט זיבען יאָהר יונגער פון מיר; מיר אָבער ווערט שוין אויך באַלד זעכציג.

באַראָמעאוס. נו, יאָ.

הויזדאָרפער. לאָמיר אָננעהמען, אַז מ'קען דערלעבען ביז לענגערע יאָהרען, ווי די, ביז וועלכע זי האָט דערלעבט... דאָס איז אמת...

באַראָמעאוס. אָבער איך, איהר ווייסט, איך האָב עס געזאָגט דערפאַר, וואָס פאַר די פופצען־צוואַנציג יאָהר האָב איך גע־

זעהען דער געשטאָרבענער כמעט יעדען טאָג, נו, און אין דער זעלביגער צייט...

הויזדאָרפער. יאָ, מיט צוואַנציג יאָהר צוריק זענען מיר אַלע געוועזען יונגער.

באַראָמעאוס. אָבער גאָר אין דער לעצטער צייט האָט זי אויך נישט אויסגעזעהן קיין זקנה. און אָט, גראָד היינטיגען זומער, ווען זי איז געוואָרען אַזוי בלאַס און מאָגער, האָט מען זיך נאָך געקענט פערליעבען אין איהר... איך געה דאָ ווען ס'איז אַרויס אָט פון יענער אַלעע, און זי זיצט דאָ, אַזוי... איך האָב... אויף מיין עהרענוואָרט געמיינט, אַז דאָס איז איהר אינגערע שוועסטער!...

הויזדאָרפער (נאָך אַ קורצער פויזע). נו, איז וואָס אַזוינס האָט ער אייך געזאָגט... דער בייזער פראַנץ, וואָס ביים באַראָן?

באַראָמעאוס. ניין, מיין העער, ניין... איצט וויל איך נישט רעדען וועגען אַזעלכע נאַרעשקייטען... (קושט איהם די האַנד). איך ווייס, וואָס ס'הייסט... איך האָב אויך געהאַט אַ ווייב... און איך האָב איהר אויך בעגראָבען... (דערשרעקט זיך ווידער פאַר די ווערטער, וואָס ער האָט אַרויסגערעדט). אָ! איך רעד'ס נאָר אַזוי...

הויזדאָרפער. ס'מאַכט נישט אויס... באַראָמעאוס... עס מאַכט נישט אויס...

באַראָמעאוס. נו, און וואָס איז מיט דעם יונגען העער? איך מיין... ער... דאָס איז דאָך שרעקליך! גאָט! גאָט מיינער! די לעצטע צייט פלעגט ער שטענדיג קומען אַהער צוזאַמען מיט איהר, און אין אָבענד ווידער קומען צו פאָהרען און אָבפיהרען איהר אין שטאָדט.

הויזדאָרפער. יאָ, ס'איז אַ רחמנות אויף איהם.

באַראָמעאוס. ער האָט אַליין אויך, מסתמא, אויך געמוזט קראַנק ווערן, וואָס ער קומט נישט אַהער.

הויזדאָרפער. ניין, ניין. איך וואַרט איהם אָב יעדען טאָג. ער איז דאָך דאָ נישטאָ... ער איז אַוועקגעפאָהרען... ער דאַרף אָבער אַ לאַדע טאָג אָנקומען. ער איז געפאָהרען זיך אַביסל אָבּרוהען... ער דאַרף, פערשטעהט איהר, ווידער אָנהויבען אַרבייטען.—

באַראָמעאוס. יאָ, געוויס... ווען אַ מענש האָט זיין בעשעפטיגונג.

הויזדאָרפער. און דערצו נאָך אַזאַ בעשעפטיגונג, ווי

זײַנע!... אַ שרײַבער! אַ פּאָעט! (שטעלט זיך) אַ פּאָעט! איהר ווייסט, וואָס דאָס איז אַזוינס?

באַראָמעאוס. וואָס רעדט איהר, מײַן הערר, ווי הייסט עס נישט וויסען!

הויזדאָרפער. ניין, איהר ווייסט גאָרנישט... גאָרנישט! און מיר אַלע ווייסען דאָס נישט, מיר, געוועהנליכע מענשען, וועלכע טויגען נישט צו קיין אַנדער זאַך, אויסער איבערצוגראָבען דעם גאָרטען, און צו זיהען...

באַראָמעאוס. נו, וואָס רעדט איהר? איהר טוט דען...

הויזדאָרפער. נו יאָ, איהר ווילט זאָגען, באַראָמעאוס, אַז איך האָב זיך פריהער בעשעפטיגט אויסער דערמיט אויך מיט אַנאַנדער אַרבייט... יאָ, יאָ. יענע מײַנע בעשעפטיגונגען זענען אָבער אויך נישט בעסער געווען פון די איצטיגע. איך בין געזעסען אין שטאָדט, אין ביוראָ, טעגליך פון אַכט ביז צוויי, און אַמאָל אויך ביז דריי אָדער ביז פיער.

באַראָמעאוס. איך שטעל מיך פאָר, וואָס'רע פּיין דאָס איז, צו זיצען יעדען טאָג גאַנצע זעקס שעה אויף איין אָרט מיט איין אָטעם. איך האָב מיט אייך שטענדיג מיטלייד געהאַט, ווען איהר פלעגט אַזוי שפּעט בײַנאַכט קומען צופאָהרען אַהער, צו אונז. און ווינטער אפילו...

הויזדאָרפער. וואָס קען מען העלפען, באַראָמעאוס? איצט זיצט דאָרט אויף מײַן אָרט אַנאַנדערער, און וועט ער דערלעבען, אַזוי ווי איך, ביז צו עמעריטור, וועט ער זיך אויך אָנגעבען אין דימיסיע, און אין ביוראָ אויף זײַן אָרט וועט ווידער זיצען אַנאַנדערער. איז דען נישט אַלץ איינס, ווער עס וועט זיצען אויף מײַן אָרט אין קאַנצעלאַריע? דאָס איז נישט שווער. אַ פּאָעט אָבער... אָ, דאָס... דאָס איז גאָר אַנאַנדער סאָרט מענש... אַנדערש, ווי אונזערער אַ ברודער, באַראָמעאוס... ווען אַ פּאָעט גיט זיך אָן אין דימיסיע, קען גאַנץ לײַכט פּאַרקומען, אַז זײַן פּלאַץ זאָל אַ לאַנגע צײַט בלײַבען לעדיג. יאָ, אַזאַ מענש דאַרף זיך היטען, איהם קען אויסקומען אָבצוגעבען אַ רעכנונג פאַר זיך, דער גאַנצער וועלט... איהר פערשטעהט?

באַראָמעאוס. נו, געוויס.

הויזדאָרפער. איהר הויבט נישט אָן צו פערשטעהן גאָר־

ניִשט... אײנפאַך גאָרניִשט. האָט איהר דען ניִשט בעמערקט איִן הײנריִכ׳ן עפּעס בעזונדערעס? האָט איהר דען ניִשט בעמערקט קײנ־מאָל... די שײַנונגען אַרום זײַן קאָפּ? אַ? נו, אָט זעהט איהר!...
(באַראָמעאוס שמײכעלט פריהער, און ווערט דערנאָך ערנסט). האָט ניִשט מורא, באַראָמעאוס, איך בּין ניִשט אַראָב פון זינען. איך רעדע ניִשט דאָ וועגען אמת׳ע שײַנונגען, איך רעד וועגען שײַנונגען אין דער פאָרשטעלונג. איהר קענט עס ניִשט זעהן... און איך אויך ניִשט... נאָר די געשטאָרבענע מאַמע הײנריִכ׳ס האָט געזעהען אַזעלכע שײַ־נונגען...

באַראָמעאוס. אַ! איך ווײס, וועגען וואָס איהר בעווילײגט צו רעדען. איהר ווילט זאָגען וועגען דעם, אַז, האָטש דער הערר הײנריִך איז נאָך אַזוי יונג, שרײַבט מען שוין וועגען איהם אַ סך איִן די „גאַזעטען“ און אַלע רעדען דאָרט וועגען איהם אַזוי פיִעל... יאָ, יאָ, דאָס הײסט... (זשעסטיִקוליִרט מיִט׳ן האַנד איִבּער זײַן קאָפּ און ווײזט אַ שײַנונג. הײנריִך אָנגעטאָן אינגאַנצען אין שוואַרצען געהט פערבײַ דעם צוים פון גאָרטען. גריִסט און ווערט וויִדער פער־שוואונדען. באַראָמעאוס קוקט אויף הויזדאָרפער׳ן און שפּיִרט נאָך זײַן בּליִק).

הויזדאָרפער. אַ! אָט איז ער! (זעצט זיִך שווײַגענדיִג).

באַראָמעאוס. איהר וועט מיִר ערלויבען, מײַן העהר... איך האָב נאָך ניִשט געהאַט קײן געלעגענהײַט אויסצודריִקען דעם העהר הײנריִך מײַן מיִטגעפיִהל... (אין דער מיִנוט קומט הײנריִך אַרײַן פון שטוב אויס׳ן וועראַנדע).

הויזדאָרפער. איז וואָס... איך בּעט אײַך, געהט... דריִקט איהם אויס אײער מיִטגעפיִהל... (באַראָמעאוס געהט הײנריִכ׳ן אַנט־קעגען).

הײנריִך (געהט אַראָב פון וועראַנדע, נעהמט באַראָמע־אוס׳ס האַנד). איך דאַנק אײַך, טײַערער באַראָמעאוס... איך ווײס דאָך... איך דאַנק אײַך זעהר... (באַראָמעאוס געהט אָב; הײנריִך געהט פאָרווערטס).

הויזדאָרפער (האָט זיִך ערשט אויפגעשטעלט; געהט איהם אַ טריִט אַנטקעגען, און בּײדע דריִקען זיִך אײנע די אַנדערע די הענד).
אַ! דו בּיִזט שוין דאָ צוריִק?

הײנריִך. יאָ, פריִהער, ווי איך האָב גערעכענט. בּײַ זיִך

אין דערהיים איז פארט בעסער.

הויזדאָרפער (שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ). דו ביזט, הייסט עס, אוועקגעפאָהרען אין יענעם אָבענד טאקע?

היינריך. יאָ. איך בין גלייך פון בית־עולם אוועק אהיים, האָב איינגעפּאקט די זאכען און בין אוועקגעפאָהרען. איך האָב נישט געקענט מעהר אפילו איין נאכט איבערנעכטיגען אין שטוב.

הויזדאָרפער. איך פערשטעה. וואו ביזטו אייגענטליך געוועזען?

היינריך. פריהער בין איך געפאָהרען קיין זאלצבורג.

הויזדאָרפער. יאָ?

היינריך. אין דער שטאָדט האָב איך מיך פריהער שטענדיג געפיהלט אזוי גוט. פאר מיר איז עס פשוט א טרייסט־שטאָדט.

הויזדאָרפער. אזוי? זענען דען פערהאן אזעלכע שטעדט? דאָס וואָלט דאך זיין עטוואָס וואונדערבארעס.

היינריך. יאָ, ס׳זענען פערהאן אזעלכע ערטער, ביי געוויסע לעבענס־אומשטענדען, און איך בין געפאָהרען קיין זאלצבורג נישט סתם אזוי אין דער וועלט אריין... מיר איז אמאל אויסגעקומען איבערצולעבען א סך שווערע אָדער, וועניגסטענס, ביטערע מינוטען. דאָס איז געוועזען מיט זיבען אָדער אכט יאָהר צוריק... איהר ווייסט, הערר הויזדאָרפער, ס׳איז פאָרגעקומען אזא מין היסטאָריע, אז איך האָב מיר דאמאָלס נישט געקענט פאָרשטעלען, ס׳זאָלען נאך ווען ס׳איז קומען פאר מיר גוטע טעג. יאָ, און אָט, דאן בין איך געפאָהרען קיין זאלצבורג. און, זעהט איהר, גלייך דעם זעלביגען טאָג, ארום פארנאכט, נאָכדעם, ווי איך האָב מיך איינער אליין דורכגעשפּאציערט, אין העלבורנען, אין פּארק, — דאָרט איז פערהאן א גלענצענדער פּארק אין ראָקאָקאָ־סטיל, — איז מיר געוואָרען לייכטער, און אויף צומאָרגענס האָב איך מיך אויפגעהאפּט שוין איינגאנצען געזונד און בין זאָגאר אימשטאנד געוועזען ווידער צו ארבייטען.

הויזדאָרפער. וואָס רעדסטו?

היינריך. אמת, איך בין דאמאָלס אלט געוועזען גאנצע צוואנציג יאָהר... און אויסער דעם, איז דאָס געוועזען אים פריהלינג, און דאָס האָט אויך עפּעס צו זאָגען.

הויזדאָרפער. יאָ, אמת, דאָס האָט עפּעס צו זאָגען.

הײַנריך. און אַט, דעם איצטיגען מאָל האָב איך נישט געפֿיהלט אפילו די מינדעסטע פֿערלײַכטערונג. פֿערקעהרט נאָך—

הויזדאָרפֿער. הײַסט עס, אַז עס זענען פֿערהאַן אַזעלכע פֿעלען, װען העלבערונגען העלפֿט אויך נישט. װי לאַנג ביזטו געװען אין זאַלצבורג?

הײַנריך. איך בין אויף צװײ־מאָרגענס אַװעקגעפֿאָהרען קײַן מינכען. איך האָב אויסגערעכענט, אַז די בילדער פֿון דער אַלטער ריכטונג װעלן מאַכען אויף מיר אַ בערוהיגענדען אײַנדריק. איך האָב מיך אַהעקגעלאָזען אין פּינאַקאָטעק*), דאָרט אין דער אַלטער, װאו ס'העננגען מײַנע ליעבלינגען: דיורער און האָלבײַן. און װירקליך, דאָרט האָב איך דאָס ערשטע מאָל נאָך אַ לאַנגער, זעהר לאַנגער צײַט אָבגעזיפֿצט פֿרײַ. (פּויזע). איהר ערלויבט דאָך מיר, דאָס איך איבערצוגעבען. איך פֿיהל אײַנפֿאַך דאָס בעדערפֿניש, דאָס אַלץ אויסצודערצעהלען.

הויזדאָרפֿער. ביטע... מיט פֿערגניגען... (װערט פֿרײַנדליכער און גיט איהם די האַנד).

הײַנריך. איך דאַנק אײַך. (זעצט זיך). זעהט איהר, העררהויזדאָרפֿער, איך האָב אין אַ געװיסער מאָס געליטען דערפֿון, װאָס מיר זענען אין דעם פֿערלויף פֿון די לעצטע יאָהרען געװאָרען... איך קען דאָס אַנדערש נישט אויסדריקען... מיר זענען געװאָרען... עטװאָס מעהר פֿרעמד אײנער דעם אַנדערן...

הויזדאָרפֿער. פֿרעמד?... װי אַזוי?

הײַנריך. יאָ. איך האָב גאַנץ גוט געפֿיהלט, אַז איהר האָט מיך שוין נישט אַזוי שטאַרק ליעב, װי פֿריהער, װי אין יענער צײַט, װען איך בין נאָך אַ יונגעל געװען און האָב מיך דאָ געשפּיעלט, אויף דעם גראָז.

הויזדאָרפֿער. גאָט מײַנער, דאָס איז דאָך שוין געװען מיט אַ לאַנגער צײַט צוריק, מײַן טײַערער. יאָ, און ענדליך װעסטו דאָך מודה זײַן, אַז דו ביזט... דאָס הײַסט, איך מײן צו זאָגען... ס'איז דאָך גאַנץ נאַטירליך, װאָס מיר זענען זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען יעדערער אין זײַן װעג. דו ביזט געװאָרען אַ יונגער מענש! דאָ, בײַ מיר, איז דיר נישט איבריג פֿרעהליך געװען. ס'האָט זיך אויסגע-

*) בילדער־זאַמלונג.

בילדעט בײַ זיך אַ נײַער קרײַז פֿון בעקאַנטע. איך האָב דאָך דיר אפילו איין מאָל אין דעם פֿערלויף פֿון דער גאַנצער צײַט נישט געמאַכט אַ בעמערקונג מאַכען... נישט אמת?

הײַנריך. אָ, נײַן, קיינמאָל נישט!... איך האָב אײַך נאָר דאָס געוואָלט זאָגען, אויף ווי ווײַט איך בין גראָד איצט, נאָך דער דאָזיגער נישט אײַנגעגעבענער נסיעה אָדער, ריכטיגער געזאָגט, נאָך דעם דאָזיגען אַנטלויפען פֿון דאַנען, — אויף ווי ווײַט איך האָב איצט דערפֿיהלט, אַז מיט קיין מענשען פֿערבינדען מיך נישט אַזעלכע שטאַרקע בענדער, ווי מיט אײַך. ווי האָב איך אײַך געדאַרפֿט דאַנקבאַר זײַן! איך ווייס, וואָס איהר זענט געוועזען פֿאַר מײַן מוטער!... ווי איהר האָט איהר פֿערבעסערט די לעצטע יאָהרען פֿון איהר לעבען!

הויזדאָרפֿער (וועלענדיג איבעררײַסען דעם שמועס). יאָ... יאָ... דערצעהל־זשע ווײַטער. ביזטו, הייסט עס, געווען אין מינכען, אין דער בילדער־גאַלעריע... און דאָרט האָסטו געפֿונען אַ טרייסט.

הײַנריך. יאָ. אַזוי לאַנג, ווי איך האָב מיך געפֿונען אין די קיהלע זאַלען, וואו ס'איז אַזוי שטיל... ווי נאָר אָבער איך בין אַרויסגעגאַנגען אויפ'ן גאַס, האָט זיך אַלץ געענדיגט. נו, און דערנאָך די אָבענדען... די אונענדליך־לאַנגע אָבענדען איינער אַליין... איך האָב פּראָבירט אַרבײַטען, טראַכטען... ס'איז אונמעגליך! ס'איז אין מיר כמעט אַלץ פֿערלוירען געגאַנגען! (פּויזע. ער האָט זיך אויפגעשטעלט). און ווי לאַנג וועט עס נאָך אַזוי זײַן מיט מיר!

הויזדאָרפֿער. יאָ, דאָס מוז זײַן שרעקליך, ווען מ'איז אַזוי צוגעוועהנט צו אַ בעשטימטער בעשעפֿטיגונג...

הײַנריך. צוגעוועהנט — זאָגט איהר? איך האָב מיך שוין לאַנג אָבגעוועהנט. דאָס איז דאָך די גאַנצע זאַך; ס'איז שוין צוויי־דרײַ יאָהר, ווי איך בין נישט אימשטאַנד צו אַרבײַטען, עפּעס צו שאַפֿען. איהר ווייסט דאָך...

הויזדאָרפֿער. אָ, יאָ, איך ווייס...

הײַנריך. דאָס איז דאָך אין דער אמת'ן אונמעגליך געווען. צוזעהען כסדר, ווי עס לײַדט אַ טײַערעס, ליעבעס וועזען, און וויסען, אַז זי איז שוין נאָהנט צום טוידט און אַז זי אַליין פֿיהלט דאָס... אָ! דאָס איז געווען דאָס שרעקליכסטע! דעם דאָ־

זיגען פאַרגעסן? דאָס זאָגסטו? האָב איך געזעהען אין איהרע אויגען, אין איהר בליק, ווען איך פלעג ביינאַכט זיצען נעבען איהר בעט און איהר וואָס ס'איז פאַרלייענען. (אַ דויערנדע פויזע). איך בין איבערגעפאָהרען פון מיין וואוינונג.

הויזדאָרפער. יאָ? עס האָלט זיין צו־גרויס אויך פאַר דיך אַליין.

הײַנריך. נישט נאָר דערפאַר אַליין. דאָרט, אין יענעם וואוינונג, וואָלט איך נישט געקענט אפילו איין שורה אָנשרייבען. מיר וואָלט זיך כסדר געדאַכט, אַז איך הער דאָרט יעדער נאַכט פון דעם דערביַיאיגען צימער יענע זיפצען, וועלכע האָבען מיר מיין האַרץ אויף שטיקער צוריסען און אַוועקגענומען פון מיר יעדע פעהיגקייט, יעדע לוסט צו שאַפען, און זאָגאַר יעדע לוסט צום לעבען. אָ! גאָט מיינער! (פויזע). און איהר ווייסט, וואָס דער דאָקטאָר הייסער האָט מיר געזאָגט נאָך דעם לעצטען זונטאָג פאַר איהר טוידט?

הויזדאָרפער. וואָס?

הײַנריך. אַז זי האָט געקענט אין אַזאַ צושטאַנד אָפּלעבען נאָך אַ יאָהר צוויי־דריי.

הויזדאָרפער (כמעט אויפשפּרינגענדיג). נאָך צוויי־דריי יאָהר? יאָ? (מיט אַ געמאַכטער רוהיגקייט). זי האָט געקענט לעבען נאָך צוויי אָדער דריי יאָהר?

הײַנריך. יאָ. און די סאַמע ערגסטע צייט איז איהר נאָך פאַרגעשטאַנען פאַראויס. איהר וואָלט אויסקומען אויך אַ שום איבערדיס צו ליגען אין איהר צימער, זי וואָלט נישט געקענט פערברענגען איין מאָל אין וואָך אפילו די עטליכע שעה דאָ אין גאָרטען, וואו זי האָט זיך שטענדיג אַזוי גוט געפיהלט. (וואַרפט אַ בליק אויף דעם פוסטען פאָטעל).

הויזדאָרפער. ס'קען זיין, אַז איך וואָלט מיך ווען ס'איז בעשלאָסען, צו פאָהרען איהר בעזוכען?... ווי מיינסטו?...

הײַנריך (אַזוי ווי פערשעהמט). איך רעד אַלץ וועגען זיך, מיין געעהרטער העדר הויזדאָרפער, און איך בין דאָך פון דעסטוועגען פאָרט נאָך יונג, און מיך, ווי נישט איז, שטעהט דאָך נאָך פאַר אַ געוויסע צוקונפט פאָראויס. וויפיעל אָבער האָט איהר פערלוירען! אָ!

הויזדאָרפער. אַ סך, אַ סך...

הײנריך. איך װײס, װאָס מײן מוטער איז געװען פאַר אײך. איך האָב עס שטענדיג געװאוסט, אפילו אויך דאַן, װען...

הױזדאָרפער. װען?...

הײנריך. װען איך בין נאָך אַ קינד געװען; װען ער, יענער, װעלכער איז געװען מײן פאָטער, האָט אונז אװעקגעװאָרפען.

הױזדאָרפער. יאָ, יאָ.

הײנריך. איך געדענק, אַזױ װי איצט, יענעם טאָג, װען מײן מוטער האָט מיר געזאָגט, אַז דער פּאַפּאַ איז אװעקגעפאָהרען אין װײטע לענדער. און ער איז נישט צוריק געקומען. דאַן האָב איך אַ געװיסע צײט געגלױבט, אַז ער איז געשטאָרבען און בײנאַכט פלעג איך אָפט ביטער װײנען. אין אַ קורצע צײט אַרום אָבער נאָכדעם האָב איך איהם בעגעגענט אין גאַס... מיט יענער, מיט דער אַנדערער, צוליעב װעלכער ער האָט אװעקגעװאָרפען דער מאַמען. איך האָב זיך בעהאַלטען אין אַ טויער, אום ער זאָל מיך נישט דערזעהען: זײענדיג אַ קינד נאָך, האָב איך מיך געפיהלט מאָרגע געגען איהם. יאָ, איך האָב פריה פערשטאַנען, אַז מײן מוטער איז פאָלשטענדיג פרײ, אָט אַזױ װי ס׳איז פרײ אַן׳אַלמנה, צום בײשפּיעל.

הױזדאָרפער. הײסט עס, האָסטו אונז, װי ס׳שײנט, מוהל געװען.

הײנריך (עטװאָס בעלײדיגט). ענטשולדיגט, כ׳בעט אײך... כ׳האָב מיך געװיס אַרױסגעהאָפּט מיט אַ װאָרט. (װידער װאַרעמער). אָבער זאָגט מיר, צי קען מען דען נישט רעדען װעגען פּראָסטע און נאַטירליכע זאַכען מיט אַ פּראָסטער און נאַטירליכער שפּראַך, בעזונדערס נאָך איצט, אין אַזאַ מינוט. איך פיהל דאָס בעדערפניש, צו דריקען אײך די האַנד, װי אַ פאָטער, װײל איך װײס, װי עס האָט אײך ליעב געהאַט מײן מוטער. (ס׳װערט כסדר טונקעלער. אויף׳ן גאַס פון יענער זײט צום צינדט מען אָן די לאַנטערנעס).

הױזדאָרפער. ליעב געהאַט... נו, דאָס װאָלט שוין זײן צופיעל... אין די יונגערע יאָהרען האָט מען אַלץ אין דער װעלט ליעב... נײן, מיר זענען גוטע פרײנד געװען, הײנריך, מיר זענען געװען אַלטע לײט און גוטע פרײנד אײנער דעם אַנדערען. דו פערשטעהסט עס? אָדער אַזעלכע װערטער זענען פאַר דיר, אין דײנע יונגע יאָהרען, נישט מעהר, װי פּוסטע קלאַנגען? איבריגענס, װי קומט איהר דאָס צו פערשטעהן, איהר, יוגענד, פאַר װעלכע ס׳ליעגט נאָך

פאַראויס די גאַנצע צוקונפט, איהר, פאַר וועלכע ס'איז אָפען די גאַנצע וועלט און בעזונדער נאָך אַזאַ מענש, ווי דו, מיט אַזעלכע אנשטיינגען. דאָס איז קיין וואונדער נישט.

היינריך. איהר האָט אַ טעות, הער הויזדאָרפער: איך פערשטעה עס גאַנץ גוט. אָ! ווען איך וואָלט נאָר געקענט... אומקעהרען אייך צוריק מיין אָרעמער מאַמען! אָ, וויפיעל וואָלט איך עס איצט געגעבען, אום איהר ווידער צו זעהען, האָטש איין אָבענה נאָר, אָט דאָ, אויף דעם פּלאַץ!

הויזדאָרפער. אַ סך? (מיט אַ גרויסער ביטערקייט). וואָס וואָלסטו געגעבען?

היינריך (נישט בעשלאָסען). מיר דאַכט זיך, אַז איך וואָלט אַוועקגעגעבען... איך וואָלט געאָפּפערט מיט מיין גאַנצער צוקונפט, מיט אַלץ, וואָס איך קאָן נאָך ערריייכען.

הויזדאָרפער. האָב נישט אַ־ין מיר קיין פּערא בּעל, היינריך, — דו אַליין גלויבסט עס אויך נישט.

היינריך. היינט איך וואָלט זיין אימשטאַנד, ווען איך וואָלט בעזיצען די מאַכט דערצו....

הויזדאָרפער. דאָס איז נישט אמת, היינריך, אפילו אויף ראַן, ווען דו וואָלסט בעזיעצן די מאַכט... אָ! איך קען דיך! איך קען אייך אַלעמען... איך ווייס... וואָס איהר זענט.

היינריך. „איהר"? ווער איז דאָס דער „איהר"? איך ווייס נישט פאַר וועמען, אויסער פאַר מיך אַליין, מיר וועט אויסקומען אָבצוגעבען רעכנונג.

הויזדאָרפער. דיך וועט פאַר קיינעם נישט אויסקומען אָבצוגעבען קיין רעכנונג. אויב איך זאָג „איהר", ווייס איך גאַנץ גוט, וואָס איך פערשטעה אונטער דעם וואָרט. מיט מיר צוזאַמען האָט אַמאָל געדיענט אַ יונגער מענש, — דאָס וועט שוין זיין די מעשה, אַ יאָהר צעהן... ער פלעגט אין דער פרייער צייט ליעב האָבען צו שפּיעלען... איינמאָל האָט די האָר־געזעלשאַפט אויפגעפיהרט זאָגאַר וואָס ס'איז פון זיינע ווערק... דעם דאָזיגען קאָלעגע מיינעם האָט מען גערופען פראַנץ טאָמאַס. ביי איהם איז געשטאָרבען זיין איינאונצייגעס קינד, אַ שען־ענטוויקעלטער יונג פון אַ יאָהר זיעבען. איך האָב איהם געקענט. ער פלעגט אַמאָל קומען מיט דער מוטער אין ביוראָ נאָכ'ן פאָטער. און אָט דאָס דאָזיגע יונגעל שטאַרבט אָב אין

איין נאַכט פון דיפטעריט און איך געה אַרײַן צו איהם מנחם-אָבל זײַן. איך געה אַרײַן, ערשט איך זעה... דער פאָטער זיצט בײַם פאָרטעפּיאַנע... און... שפּיעלט... יאָ, שפּיעלט. דערבײַ דאַרף איך נאָך דאָס בעמערקען: אין דעם זעלביגען צימער, אין אַ טרומנע, איז געלעגען דאָס קינד... און ער, דער פאָטער, שפּיעלט און הערט נישט אויף צו שפּיעלען אפילו אויך דאַן, ווען איך בין אַרײַנגעגאַנגען... ער האָט נאָר אַ שאָקעל געטאָן צו מיר מיט'ן קאָפּ, און ווען איך בין צוגעגאַנגען נעהנטער און האָב זיך אָבגעשטעלט הינטער איהם, האָט ער מיר אין דער שטיל געזאָגט: הערט, העדר הױזדאָרפער... איך שפּיעל פאַר מײַן אָרעמען יונגעל. מיר איז נאָר-וואָס אַרײַנגעפאַלען אין קאָפּ די דאָזיגע מעלאָדיע". און דאָס טױדט קינד ליעגט דערבײַ אין טרומנע... יאָ. מיר איז פראָסט אַ שױדער דורכגעלאָפען איבערן לײַב.

הײנריך (הערענדיג אויפמערקזאַם און ענדליך מיט דעם געפיהל פון אַ געוויסער בעפריעדיגונג). נו, יאָ. איך פערשטעה גאַנץ גוט, אַז אַ סך, — און גראָד זעהר גוטע מענשען — שפּירען בײַ אַזעלכע צופאַלען אַ מין שרעק.

הױזדאָרפער. שרעק... יאָ. דאָס וואָרט איז טאַקע אַמ-מעהרסטען צוגעפאַסט דערצו.

הײנריך. אָבער זאָגט איהר אַלײן, העדר הױזדאָרפער; צי דאַרף מען דען נישט אייגענטליך מקנא זײַן אַזעלכע מענשען, צי דאַרף מען נישט קוקען מיט קנאה אויף יענע מענשען, וועלכע ס'גיט זיך אַזוי לײַכט איין צו געפינען אַ טרייסט אין זייער טאַלאַנט, אין זייער קונסט; וועלכע בעזיצען, אפשר, די מערקווירדיגע פעהיגקײַט צו פערקערפּערן זייער אונגליק אין אַ בעזונדער בילד, אָנשטאָט צו דערטרינקען דעם דאָזיגען אונגליק אין אַ ים פון אונגוצליכע טרערען?

הױזדאָרפער. פערקערפּערן? צי קענען זיי דערמיט די טױדטע לעבעדיג מאַכען?

הײנריך. און מיט זייערע טרערען מאַכען זיי דען די טױדטע לעבעדיג? איך זאָג נישט, אַז די פרייד, וואָס מ'שפּירט אַרבײַטענדיג, איז אימשטאַנד אונז צו דיענען אַלס בעלױהנונג פאַר דעם פּײַן, וואָס מיר לעבען איבער, פערליערענדיג אַ טײַערען וועזען. אָבער, נאָך אַלעמען. איז דען די אַרבײַט נישט דאָס איינציגע, וואָס אונז בלײַבט? וועט איהר דען נישט, אַזוי ווי פריהער, אַרומאַרבײַטען אייער גאָרטען?

און איך, איך וואַרט מיט אונגעדולד אויף יענעם טאָג, ווען איך וועל ווידער, ווי אַמאָל, פעהיג זיין צו שאַפען עפּעס רעכטס. מיר דאַרפען זיך אונטערגעבען דעם אונפערמיידליכען פאַקט.

הויזדאָרפער. דעם אונפערמיידליכען פאַקט, יאָ.

היינריך. און דאָס איז געווען אונפערמיידליך.

הויזדאָרפער. ניין, ניין.

היינריך (אביסל פערוואונדערט). געוויס. מיט וואָס'רע גע־דאַנקען פּייניגט איהר זיך? האָט איהר דען אַליין מיט זעקס וואָכען צוריק נישט גערעדט מיט'ן דאָקטאָר? ער האָט דאַן נישט בעהאַלטען פון אייך דעם גאַנצען אמת. אַזוי האָט עס געמוזט זיין.

הויזדאָרפער. אָבער נישט אַזוי געשווינד! נישט איצט.

היינריך. ווי אַזוי קענט איהר עס זאָגען, העדר הויזענ־דאָרפער? איהר גלויבט דען, אַז אין איהר היילונג איז עפּעס דורכגע־לאָזען אָדער פערזעהען געוואָרען?

הויזדאָרפער. אָ, ניין, ענטשולדיג. ס'איז קיין זאַך נישט דורכגעלאָזען געוואָרען.

היינריך. וועגען וואָס דען האַנדעלט זיך דאָ?

הויזדאָרפער. האָסטו מיר דען אַליין נישט געזאָגט, אַז זי האָט געקענט לעבען נאָך אַ יאָהר צוויי־דריי?

היינריך. יאָ... דאָס... דאָס איז אמת. דער זעלביגער דאָק־טאָר אָבער האָט אָנגעוויזען, — ווי אייך איז גוט בעוואוסט — אויך אויף דער מעגליכקייט פון אַ פּלוצלונגען טוידט.

הויזדאָרפער. פון אַ פּלוצלונגען?... יאָ, דאָס איז אמת. (זיך שלאָגענדיג מיט דער דעה, דערנאָך בעשטימט). דאָס אָבער, צי דער דאָזיגער פּלוצלונגער טוידט איז געווען נאַטירליך, — בלייבט נאָך אַ פראַגע.

היינריך (ערשטוינט). וואָס? פאַרוואָס איז ביי אייך אַזאַ... ניין. איך פערשטעה נישט, וואָס עס ברענגט אייך צו דער השערה, אויף וועלכער ס'איז נישט פאַרהאַן קיין... דער דאָקטאָר וואָלט דאָך עס פון דעמטוועגען בעמערקען.

הויזדאָרפער. פאַרוואָס עפּעס? ס'איז גענוג, דו זאָלסט אויסטרינקען אַ גלעזיל מאָרפיום, און אויף צו־מאָרגענס אין דער פריה ווען מען דיך געפינען אַ טוידטען. די היימישע זענען דאָך שוין צוגעגרייט.

היינריך. איהר זאָגט עס עפּעס מיט אַזאַ מאָדנער זיכערקייט... האָט דען מיין מוטער געזאָגט עטוואָס אַזוינס, וואָס וואָלט געקענט דיענען אַלס?...

הויזדאָרפער. איך ווייס, וואָס איך רעד. איך גלויב, אַז דאָס איז פאַר דיר גענוג.

היינריך. קוים האָט איהר מיר אַזוי פיעל געזאָגט, הערר הויזדאָרפער, ווענט איהר זיכער געפינען, אַז...

הויזדאָרפער. דאָס אַלץ ווייס איך... פרעג מיך נישט מעהר!

היינריך. אַה, יאָ. דער בריעף אויף איהר שרייב-טיש...

הויזדאָרפער (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ). יאָ. (פּויזע).

היינריך (אַ צוטומעלטער). אָט וואָס... יאָ... וואָס אָבער איינגענטליך וואונדער איך מיך? ווי אָפט האָב איך אין די שרעקליכע נעכט זיך אַליין געפרעגט, — יאָ, איך דערצעהל דאָס אייך אַליין, ריעזיקירענדיג דערמיט, אייך ווידער פאַרצוקומען שרעקליך, — וואָס צווינגט אונז, אָרעמע נפשות, איבערצוטראָגען אַזוי פיעל ליידען, אַזאַ פּיין, ווען נאָך אַלעמען ליעגט דאָך פאָרט ביי אונז אין די הענד די מעגליכקייט אין יעדער מינוט צו מאַכען אַ ענדע דערמיט?

הויזדאָרפער. היינריך!

היינריך. אויב מיין מוטער האָט געטאָן דאָס, וואָס אייך איז, ווי איהר זאָגט, בעוואוסט, האָט זי געהאַנדעלט גאַנץ גוט.

הויזדאָרפער. היינריך!

היינריך. דאָס איז מיין מיינונג, אַלס עהרליכער מענש.

הויזדאָרפער. דו הויבסט דאָך אָבער נישט אָן צו וויסען קיין זאַך, היינריך... דו ווייסט גאָרנישט! זי וואָלט דאָך נאָך ווייטער ליידען און ווייטער לעבען זי וואָלט דאָך נאָך ווייטער ליידען און ווייטער לעבען פאַר מיך און פאַר זיך... לעבען אָט צוליעב די עטליכע שעה דאָ, אין דעם גאָרטען, וואָס איז פול מיט ערינערונגען פון אונזער יוגענד, פון אונזער גליק... נאָר זי איז געשטאָרבען צוליעב דיר... צוליעב דיר, היינריך... דו זאָלסט עס וויסען!... יאָ! צוליעב דיר!

היינריך (אַלץ מעהר אויפגערעגט). צוליעב מיר?... צוליעב מיר? איך הויב אייך נישט אָן צו פערשטעהן! צוליעב מיר!... וואָס הייסט עס?

הויזדאָרפער. דו פערשטעהסט עס אין דער אמת'ן נישט? דו קאָנסט זיך עס נישט פאָרשטעלען?... האָסטו דען אַליין נישט גערעדט וועגען דעם?

היינריך. וועגען וואָס?

הויזדאָרפער. האָסטו דען אַליין מיר נישט דערצעהלט, וואָס מיט דיר איז פאָרגעקומען? און דו גלויבסט, אַז דיין מאַמע האָט דאָס אַלץ נישט בעמערקט?

היינריך. וואָס האָט מיין מאַמע בעמערקט?

הויזדאָרפער. אַז איהר קרענק האָט דיך געשטערט אין דיין קאַריערע, אַז דו האָסט נישט געקאָנט מעהר אַרבייטען, אַז דיך האָט אַרומגענומען אַ שרעק דערפאַר, וואָס דיין טאַלאַנט געהט פערלוירען, וואָס פון דיינע פעהיגקייטען ווערט גאָרנישט אויף אייביג, וואָס דו... זי האָט געזעהן... אַז דו האָסט דיך געפייניגט, אַז דו האָסט געליטען, אַז דו ביזט אויסגעגאַנגען פון טאָג צו טאָג... זי האָט אַלץ געזעהן, און דעריבער...

היינריך. נו, דעריבער?! ניין, ניין, דאָס איז נישט מעגליך!

הויזדאָרפער. אונמעגליך? זי איז געווען דיין מאַמע, און דעריבער איז דאָס מעגליך געווען.

היינריך. ניין, הערר הויזדאָרפער, אייער פיין ברענגט אייך צו אַזעלכע השערות, וואָס לאָזען זיך מיט קיין זאַך נישט בעגרינדען. איך ווייס גאַנץ גוט, אַז פאַר מיין מוטער האָט מיין גייסטעס-צושטאַנד נישט געקאָנט בלייבען קיין סוד, נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס איך האָב מיך די גאַנצע צייט געמיהט צו... נאָר דאָס זאָל זיין די סבה פון... ניין, ניין, דאָס איז...

הויזדאָרפער. (איהם שאַרף איבעררייסענדיג). פאַרוואָס גלויבסטו עס מיר נישט? דו מיינסט, אַז איך נאַר דיך אָב? צו וואָס זאָל איך דאָס טהון? אָט! (אַרויסנעהמענדיג אַ בריעף פון קעשענע). נאַ לייען! לייען! דער דאָזיגער בריעף איז אָנגעשריבען מיט אַ קלאָרען פערשטאַנד און אַ שטאַרקען זכרון... דאָס איז עס דער זעלביגער בריעף, וואָס איז געלעגען אויף איהר שרייבטיש! זי האָט איהם אָנגעשריבען דעם לעצטען אָבענד, און אין אַ האַלבע שעה נאָכדעם... נעהם, לייען... דאָ איז אַלץ אָנגעשריבען... וויל זי האָט געזעהן, ווי דו פייניגסט זיך... ווי דו... דו... דעריבער האָט זי פערלאָזען די וועלט... פאַר דער צייט... דעריבער איז זי געשטאָרבען!

הײנריך. (דורכלױפענדיג דעם בריעף). אָרעמע! אונגליקליכע מוטער! (לאָזט זיך אַראָב אינגאַנצען אַ דערשלאָגענער). צוליעב מיר! צוליעב מיר! אָ, גאָט, גאָט מײַנער! גאָט מײַנער! אַזוי הײסטיעם, איך... אָ אונגליקליכע מוטער! (בעהאַלט דעם קאָפּ אין'ם פּאָטעיל. הױזדאָרפער קוקט איהם אָן און שאָקעלט מיט'ן קאָפּ. אַ דויערנדע שװײַגעניש. דערנאָך שטעהט הײנריך אויף). איך גײה אַװעק. איך פערשטעה, אַז איך איז שװער מיך אָנצוקוקען. נעהמט דעם בריעף! (האַלט איהם נאָך אין האַנד). ער איז געשריעבען געװאָרען מיט'ן פולען בעװאוסטזײַן און האָט אין זיך אַ סך אמת. יאָ, איצט צװײפעל איך שוין מעהר. (נאָך אַ געװיסער צוריקהאַלטונג). ערלויבט מיר נאָר איך אָנצוװײַזען אין איהם דעם אָרט?

הױזדאָרפער. װעלכען?

הײנריך. אָט דעם, װאו מײַן מוטער בעט איך... אָט!.. (װײַזט מיט'ן פינגער). „איך בעט דיך"... בעט איך, איהר זאָלט מיר נישט איבערגעבען דעם אינהאַלט פון דעם בריעף און מיך לאָזען װײַטער אַזוי לעבען אין מײַן גלויבען, אַז זי איז געשטאָרבען מיט אַ נאַטירליכען טױדט. דער בריעף... ער איז בעשטימט געװען אויסשליסליך פאַר איך, און זיכער נישט פאַר מיר.

הױזדאָרפער. איך בעשטים איהם פאַר דיך! איך בעשטים איהם פאַר דיך! איך ערלויב מיך דאָס צו טהון. יאַ, איך ערלויב זיך. דו לעבסט עס איבער.

הײנריך. איהר האָט מיט אײער האַנדלונג אינגאַנצען צװעקלאָז געמאַכט דעם דאָזיגען פרײַװיליגען טױדט פון דער פרוי, װאָס האָט איהר לעבען פאַר אַ קרבן געבראַכט. זי האָט נישט געװאָלט, אַז איך זאָל מיך רעכענען פאַר איהר מערדער, אַז איך, פערשאָלטענער, זאָל זיך, װי קין, אַרומשלעפען איבער דער װעלט. און איהר, קאָן זײַן, װעט אַלײן שפּעטער פיהלען, אַז איהר האָט געהאַנדעלט נישט ריכטיג נישט נאָר אין דער בעציהונג צו מיר, נאָר אויך אין דער בעציהונג צו איהר, און האָט אָבגעטהון אַזאַ פערברעך, װאָס איז במעט נאָך גרעסער פון דעם, װאָס איך האָב געטהון.

הױזדאָרפער. איך נעהם די פעראַנטװאָרטליכקײַט אויף זיך, הײנריך. איך האָב געקאָנט דיר דאָס זאָגען... יאָ, געקאָנט. דו װעסט נישט לאַנג פיהלען זיך שולדיג... נײן! דו װעסט דיך אויסניכטערן! װעסט דיך אױסשטעלען אויף די פיס! װעסט לעבען! שאַפען!

היינריך. איך האָב אַרעכט אויף דעם!... און אפשר איז עס גאָר מיין פליכט. ווייל מיר בלייבט קיין אַנדער זאַך נישט צו טהון, ווי נעהמען זיך דאָס לעבען, אָדער פּראָבירען דערוויי־זען, אַז מיין מוטער איז נישט אומזיסט געשטאָרבען.

הויזדאָרפער. היינריך! מיט אַ חודש צוריק האָט נאָך דיין מאַמע געלעבט, און דו קאָנסט איצט אַזוי רעדען? צוליעב דיר איז זי פון דער וועלט געגאַנגען און דו שאָקעלסט אַזוי רוהיג אָב פון זיך דאָס דאָזיגע בעוואוסטזיין און געהסט זיך אַוועק. און אין עטליכע טעג אַרום וועסטו אפשר אויסרעכנען און אויסגעפינען, אַז דאָס איז גאָר געוועזען איהר פליכט? בין איך דען נישט גערעכט? זענט איהר דען ני  אַלע, איינער ווי דער אַנדערער: איהר זענט בעלי־גאוות, יאָ, אַלע זענט איהר בעלי־גאוות, איהר זענט אי גרויסע אי קליינע. וואָס פאַר אַ צורה האָט דיין גאַנצע שרייבעריי, און אויב אפילו דו ביזט אַ געניע, דער גרעסטער געניע, וואָס פאַר אַ ווערט האָט עס איים פערגלייך מיט יענע מינוטען, מיט יענע לעבעדיגע מינוטען, ווען דיין מוטער איז געזעסען דאָ, אין דעם פאָטעיל, און האָט גערעדט מיט אונז, אָדער האָט געשוויגען... נאָר איז געוועזען דאָ, אָט דאָ און האָט גע־לעבט... געלעבט!

היינריך. לעבעדיגע מינוטען? די דאָזיגע מינוטען, די דאָ־זיגע שעה'ען, ציהען זיך נישט לענגער פון יענעם לעצטען, וועלכער געדענקט זיי. מיטהעלפען דערצו, אַז אַזעלכע מינוטען, אָדער אַזעלכע שעה'ען, זאָלען זיך ציהען אונענדליך, פעראייביגען זיי,— איז דאָס דען נישט גוט? איהר פערשטעהט מיך היינט פאַלש... אַייערע ליידען גיעבען אייך דאָס רעכט אויף דעם. עס וועט אָבער קומען דער פריה־לינג, אייער גאָרטען וועט זיך ווידער פונאַנדערבליהען, און יאָ, דאַמאָלס וועלען מיר ווידער רעדען... איהר וועט דאָך נאָך לעבען.

(ער געהט אַוועק דורכ'ן ווערענדע, פון וואַנען עס ציהט זיך אין גאָרטען אַ ברייטער ליכט־פּאַס פון לאָמפּ.

פאָרהאַנג.

# די טוידטע שווייגען.

לענגער בלייבען זיצען רוהיג אין וואגאן האט ער נישט געקענט; ער איז ארויסגעגאנגען און האט אנגעהויבען ארומצוגעהן אהין און צוריק. ס'איז שוין געווען דונקעל; די עטליכע לאמטערנען־פייער'ן אין דער שטילער, אן דער זייט ליגענדער גאס, האבען זיך געוויגט אהין און אהער, געטריבען פון ווינד. עס האט אויפגעהערט צו רעגנען; די טראטוארען זענען שוין געווען כמעט טרוקען, נאר די נישט־געפלאסטערטע טיילען פון גאס זענען נאך פייכט געווען, און אין איינצעלנע ערטער האבען זיך אויסגעבילדעט קליינע לוזשעס.

מאדנע, האט געטראכט פאר זיך פראנץ, ווי מ'קען זיך דא, אינגאנצען הונדערט שריט פון דער גרויסער פראטער־גאס, פיהלען פונקט, ווי אין א קליינינקען אונגארישען שטעדטעל. סיי־ווי־סיי — דא קען מען וועניגסטענס רוהיג זיין; דא וועט זי קיינעם פון איהרע בעקאנטע נישט טרעפען.

ער האט א קוק געטאן אויפ'ן זייגער... זיבען — און שוין איז נאכט.

דער הערבסט איז אין דעם יאהר אנגעקומען פריהער. און דער שרעקליכער שטורם־ווינד!

ער האט אויפגעשטעלט דעם קאלנער און אנגעהויבען שנעלער צו געהן אהין און צוריק.

די שויבען פון די לאמטערנעס האבען זיך געטרייסעלט פון ווינד.

נאך א האלבע שעה, — האט ער געזאגט צו זיך — דאן, אויב זי וועט נישט קומען, וועל איך קענען אוועקגעהן. אה — איך וואלט כמעט צופרידען זיין, ווען עס וואלט זיך אזוי אויסלאזען.

ער האָט זיך אָבגעשטעלט אין ווינקעל; פון דאַנען האָט ער געקענט זעהן ביידע גאַסען, פון וועלכע זי האָט געקענט קומען.

— יאָ, היינט וועט זי בעשטימט קומען, — האָט ער געטראַכט, צוהאַלטענדיג פעסט דעם הוט זיינעם, וועלכער איז געווען בערייט איהם אַראָבצופליהען פון קאָפּ.

— היינט איז פרייטאָג, — דער טאָג פון די געוועהנ־ליכע זיצונגען, וואָס עס האַלט אָב דער פראָפעסאָרען־ראַט — היינט וועט זי זיך שוין וואַגען אַרויסצורייסען פון שטוב און וועט אפשר קענען בלייבען דאָ לענגער אַביסעל.

ער האָט דערהערט דאָס קלינגען פון דיעם שטאָדטישען טראַמוויי; איצט האָט אויך אָנגעהויבען קלינגען דער גלאָק פון דער נאָהנטער קירכע. די גאַס איז אַ ביסל לעבעדיגער געוואָרען. עס האָבען אָנגעהויבען דורכגעהן פערביי איהם פערשידענע מענשען; די מעהרסטע פון זיי, ווי איהם האָט זיך געדאַכט, פריקאַשציקעס פון די מאַגאַזינען, וואָס ווערען געשלאָסען זיבען דעם זייגער.

אַלע זענען געגאַנגען שנעל און האָבען אַזוי ווי גע־קעמפּפט מיט׳ן ווינד, וואָס האָט זיי שווער געמאַכט דעם וועג און נישט געלאָזען געהן פאָרווערטס. קיינער האָט זיך אויף איהם נישט אומגעקוקט; נאָר איין פּאָר פריקאַשציקעס האָבען מיט אַ לייכטער נייגיריגקייט איהם אַ קוק געטאָן אין פנים. — פלוצלונג האָט ער דערזעהען אַ בעקאַנטע געשטאַלט צוגעהענדיג צו איהם. ער איז אַנטקעגען געלאָפען. צו־פוס? — האָט ער געטראַכט: איז עס נישט זי?

זי איז עס געווען; דערזעהענדיג איהם, האָט זי אָנ־געהויבען שנעלער צו געהן.

— דו ביסט אַזוי געקומען צו־פוס? — האָט ער געפרעגט.

— איך האָב אָבגעלאָזען דעם איזוואָשציק נאָך ביי׳ם קארל־טעאַטער. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך בין שוין איין מאָל געפאָהרען מיט דעם זעלביגען איזוואָשציק.

אַ הערר איז פערביי־געגאַנגען און האָט געוואָרפען אַ פלינקען בליק אויף דער יונגער דאַמע. איהר בעגלייטער האָט איהם שאַרף, כמעט מיט שרעק אָנגעקוקט; דער הערר־

איז שנעל וויַיטער געגאַנגען. די יונגע דאַמע האָט איהם נאָכגעקוקט.

— ווער איז עס געווען? — האָט ער זי צורודערט געפרעגט.

— איך קען איהם נישט. דאָ וועסטו קיין בעקאַנטע נישט טרעפען, דו קענסט גאַנץ רוהיג זיין. — אָבער איצט קום שנעלער; מיר וועלען זיך אַריינזעצען אין עקיפּאַזש.

— איז עס דען דיין דראָזשקע?

— יאָ.

— אנ׳אָפּענע?

— מיט אַ שעה צוריק איז דער וועטער געווען נאָך אַזוי שען.

זיי זענען שנעל צו צו׳ם עקיפּאַזש; די יונגע פרוי האָט זיך אַריינגעזעצט.

— קוטשער! — האָט אויסגעשריען דער יונגער מענש.

— וואו איז ער דען? האָט געפרעגט די יונגע פרוי. פראַנץ האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטען.

— דאָס איז איינפאַך נישט צו גלויבען, האָט ער אויס־געשריען, דער קוטשער האָט זיך ערגעץ פערשטעקט, און מ׳זעהט איהם נישט.

— אַח, גאָט מיינער! -- האָט זי לאַנגזאַם אויסגערופען.

— זיי געדולדיג איין מינוט, קינד, ער איז געוויס דאָ ערגעץ.

דער יונגער מאַן איז צו־געגאַנגען צו דעם נאָהנטען טראַקטיר און האָט געעפענט די אַריינגאַנגס־טהיר. דאָ איז ביי אַ טיש געזעסען דער קוטשער, מיט נאָך עטליכע הברים; דערזעהענדיג דעם יונגען מענשען האָט ער זיך ראַש אויפ־געהויבען.

גלייך, גנעדיגער הערר! האָט ער געזאָגט און אויס־געטרונקען שטעהענדיג זיין גלאָז וויין.

— וואָס ערלויבט איהר זיך עס? —

— ענטשולדיגט, גנעדיגער הער! אָט בין איך שוין פערטיג. און זיך וואַקלענדיג אַביסל איז ער שנעל צו־געגאַנגען צו די פערד.

— וואוהין פאָהרען מיר, גנעדיגער הער?

— פראַטער־לוסטהויז.

דער יונגער מאַן האָט זיך אַרייַנגעזעצט אין דראָזשקע. די יונגע פרוי האָט זיך פערשטעקט, כמעט איינגעקנורעט, אין ווינקעל אונטער דעם אויפגעשטעלטען דאַך.

פראַנץ האָט אָנגענומען איהרע ביידע הענד; זי איז געבליבען אונבעוועגליך.

— דו ווילסט מיר אפילו קיין „גוטען אָבענד" נישט זאָגען?

— איך בעט דיך; לאָז מיך איין מאָמענט רוהיג, איך קען נאָך קוים אטעמען.

דער יונגער מאַן האָט זיך אָנגעשפארט אין זיין ווינקעל. ביידע האָבען אַ ווייַלע געשוויגען. די דראָשקע איז אַריינ־געפאָהרען אין דער פראַטער־גאַס, איז פערביי־געפאָהרען דעם טעגעטהאָף־מאָנומענט און נאָך עטליכע סעקונדען האָט זי זיך שוין געטראָגען איבער די ברייטע, דונקעלע פראַטער־אַלעען. איצט נאָר האָט עממאַ פלוצלונג איינגעשלאָסען איהר געליבטען אין איהרע אָרעמס. ער האָט פאָרזיכטיג אויפ־געהויבען פון איהר געזיכט דעם וואואַל, וועלכער האָט איהם געשטערט פון אָנצוריהרען איהרע ליפען, און האָט זי געקושט.

— ענדליך, בין איך ווידער מיט דיר! — האָט זי געזאָגט.

— ווייסט דו דען, ווי לאַנג מיר האָבען זיך שוין נישט געזעהען? — האָט ער אויסגערופען.

— פון זונטאָג אָן.

— יאָ, און דאַן אויך נאָר פון ווייטען.

— ווי אַזוי? דו ביזט דאָך געווען דאַן ביי אונז!

— נו יאָ... ביי אייך. אַה, ווייטער קען זיך דאָס אַזוי נישט ציהען; צו אייך וועל איך שוין איבערהויפט מעהר נישט קומען. אָבער וואָס איז מיט דיר?

— עפעס אַ דראָזשקע איז אונז דאָ פערבייגעפאָהרען.

— גלויב מיר, ליעבע מיינע, אַז די, וואָס פאָהרען איצט אים פראַטער שפּאַצירען, אינטערעסירען זיך זעהר וועניג מיט אונז.

– דאָס גלויב איך גערן. אָבער צופעליג קען דאָך איינער אריינקוקען.
– איצט איז אונמעגליך אימיצען צו דערקענען.
– איך בעט דיך, מיר זאָלען פאָהרען ערגעץ אין אנדער אָרט.
– ווי דו ווילסט.
ער האָט אַ רוף געטאָן דעם קוטשער, דער אָבער האָט איהם, ווי ס'ווייזט אוים, גאָר נישט געהערט. דאַן האָט ער זיך אָנגעבויגען עטוואָס פאָראויס און האָט איהם אָנגע־ריהרט מיט'ן האַנד. דער קוטשער האָט זיך אומגעקוקט.
– פערקירעוועט צוריק. און פאַרוואָס טרייבט איהר אַזוי שטאַרק די פערד? מיר האָבען זיך נישט וואָס צו איילען. הערט! מיר פאָהרען אין דער – איהר ווייסט דאָך, די אַלעע, וואָס פיהרט צו דער רייכס־בריק.
– אויף די רייכסגאַס?
– יאָ; אָבער טרייבט נישט אַזוי שטאַרק די פערד, דאָס האָט דאָך קיין זין נישט.
– ענטשולדיגט, גנעדיגער הער, דער שטורם מאַכט עס די פערד אַזוי ווילד.
– יאָ, געוויס, דער ווינד –
פראַנץ האָט זיך צוריקגעזעצט אויף זיין אָרט. דער קוטשער האָט פערקירעוועט די פערד און זיי זענען געפאָהרען צוריק.
– פאַר וואָס האָב איך דיך נעכטען נישט געזעהען? – האָט זי געפרעגט.
– ווי האָב איך דאָס געקענט?
– מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די שוועסטער האָט דיר אויך געלאַדען.
– אַח, יאָ.
– פאַרוואָס ביזט דו נישט געוועזען?
– ווייל איך קען עס נישט פערטראָגען, צו זיין מיט דיר צוזאַמען אין דער געגענוואַרט פון זייטיגע מענשען; ניין, איך וועל דאָס שוין קיינמאָל נישט טאָן!
זי האָט געצויגען מיט די אַקסלען.
– וואו זענען מיר עס איצט? – האָט זי געפרעגט. זיי

זענען געפאָהרען אונטער דער אייזענבאהנ־בריק און אריין איבער דער רייכסגאס.

באלד וועלען מיר פערביי־פאָהרען דעם גרויסען דונאי,— האָט ער געזאָגט.— מיר זענען אויף דעם וועג צו דער רייכסבריקע. דאָ וועסטו בעשטימט קיין בעקאַנטע נישט טרעפען! — האָט ער צוגעגעבען, לאַכענדיג.

— די דראָזשקע טרייסעלט שרעקליך.

— יאָ, איצט זענען מיר ווידער אויף א שטיינערנעם בריק.

— פאַרוואָס דרעהט ער זיך עפּעס אהין און אהער?

— עס דאכט זיך דיר אזוי.

ער האָט שוין דערנאָך אליין אויך געפונען, אז די דראָזשקע טרייסעלט זיך שטארק און ווארפט זיך צופיעל אין אלע זייטען.

ער האָט אָבער נישט געוואָלט רעדען דערפון, נישט וועלענדיג איהר נאָכמעהר צורודערן.

— איך האָב היינט א סך און ערנסט מיט דיר צו רעדען, עממא.

— אויב אזוי, מוזט דו שוין אָנהויבען, ווארום נאַך דעם זייגער מוז איך אין שטוב זיין.

— אין צוויי ווערטער קען מען דאָס אלץ ארויסזאָגען.

— גאָט מיינער, וואָס איז דאָס אזוינס? — האָט זי אויסגעשריען.

די רעדער פון דער דראָשקע האָבען זיך געפונען אויף די טראמוויי־רעלסען, און ווען דער קוטשער האָט פראָבירט אראָבפאָהרען פון זיי, האָט זיך די דראָזשקע אזוי שטארק אָנגעבויגען אויף איין זייט, אז עס האָט זיך גערדאכט: אָט, אָט פאַלט זי אום. פראַנץ האָט אָנגעכאפּט דעם קוטשער פאר׳ן מאנטעל.

— בלייבט שטעהן — האָט ער איהם צוגעשריען — איהר זייט שכור גענוים!

דער קוטשער האָט מיט צרות אָבגעשטעלט די פערד.

— ענטשולדיגט, גנעדיגער העער —

קום, עממא, מיר וועלען דאָ ארויסשטייגען

— וואו זענען מיר?

– שוין בײַ דער בריק. דער שטורם איז שוין אױך איצט איבערגעגאַנגען. מיר װעלען גײן אַביסעל צו פֿוס. פֿאָהרענדיג קען מען נישט רעדען װי דער רעכט איז.

עממאַ האָט אַראָבגעצױגען דעם װאואַל איבערן געזיכט און איז איהם נאָכגעגאַנגען.

– און דו זאָגסט, אַז עס איז שוין איצט קײן װינד נישט! – האָט זי אױסגעשריען, שיער נישט אומפֿאַלענדיג, גלײַך בײַ'ן אַרױסגײן פֿון דראָשקע, דורך אַ שטאַרקען שטױס פֿון װינד.

ער האָט גענומען איהר אָרם. פֿאָהרט אונז נאָך! – האָט ער צוגעשריגען דעם קוטשער.

זײ זענען געגאַנגען פֿאָראױס. די גאַנצע צײַט, װאָס זײ האָבען זיך ערנעהנטערט צום בריק, האָבען זײ געשװיגען, און װען זײ האָבען בײדע דערהערט רױשענדיג דעם װאַסער אונטער זיך, זענען זײ אַ װײַלע שטעהן געבליבען. אַרום זײ איז געװען טיף דונקעל. דער ברײטער שטראָם האָט זיך געצױגען, װי אַ גראָהע לענטע װײַט, אין אונבעשטימטע גרענעצען. אין דער װײַטקײַט האָבען זײ געזעהען רױטע פֿײַערלעך, װאָס האָבען װי געשװעבט איבערן װאַסער און זיך אין איהם אָבגעשפּיגעלט. פֿון דעם נאָהנטען ברעג, װעלכען זײ האָבען נאָר װאָס פֿערלאָרען, האָבען זיך אַראָב-געלאָזען אינ'ם װאַסער לאַנגע, ציטערנדע ליכטפֿאַסען. און פֿון דער אַנדער זײַט האָט זיך דער שטראָם װי פֿערלאָרען אין די אַרומיגע שװאַרצע לאָנקעס; פּלוצלונג האָט זיך דער-הערט אַ װײַטעס דונערן, װאָס איז געקומען אַלץ נעהנטער; נישט-װילענדיג האָבען זײ בײדע אַ קוק געטאָן אין יענער זײַט, װאו עס האָבען געפֿינקעלט די רױטע פֿײַערלעך. פֿון דאָרט האָט זיך געזעהען אַ באַהנ-צוג מיט העל-באַלױכטעטע פֿענסטער, דורכלױפֿענדיג איבער די אײַזערנע בריק-בױגענס, װעלכע זענען פּלוצלונג אױסגעװאַקסען פֿון דער פֿינסטערער נאַכט און גלײַך צוריק פֿערשװאונדען געװאָרען. דער דונער איז װאָס װײַטער אַלץ שטילער געװאָרען, און באַלד איז געװאָרען אײנגאַנצען שטיל. נאָר דער װינד האָט אַלע מאָל זיך אױפֿגעריסען און געשטורמט.

נאָך דעם לאַנגען שװײַגען האָט פֿראַנץ ענדליך געזאָגט:

— מיר מוזען אוועק פון דאַנען.

— בעשטימט — האָט עממא שטיל געענטפערט.

— מיר מוזען אוועק פון דאַנען, — האָט פראַנץ לעבעדיג איבער׳געחזר׳ט — אינגאַנצען, אויף שטענדיג, מיין איך...

— דאָס איז אונמעגליך.

— מיר זענען טרוסען, עממאַ, דעריבער איז עס אונמעגליך.

— און מיין קינד?

— ער וואָלט דיר דאָס קינד בעשטימט אוועקגעבען, איך בין אין דעם פעסט איבערציינגט.

— און ווי זאָל עס זיין? — האָט זי שטיל געפרעגט — אנטלויפען פון דאַנען ביינאַכט אין דער פינסטער?

— ניין, דורכאויס נישט. דו האָסט גאָרנישט צו טהון, מעהר ווי איהם איינפאַך צו זאָגען, אז דו קענסט ביי איהם לענגער נישט בלייבען, ווייל דו געהערסט אַן׳אַנדערן.

— ביזט ביי׳ן קלאָרען פערשטאַנד, פראַנץ?

— אויב דו ווילסט, קען איך דיר דאָס אויך פער־שפאָרען, — איך וועל עס איהם אליין זאָגען.

— דו וועסט עס נישט טהון, פראַנץ!

ער האָט פראָבירט איהר אַ קוק טאָן אין געזיכט; אין דער פינסטערניש אָבער האָט ער נישט געקענט בעמער־קען מעהר ווי דאָס, אז זי האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און איהם אומגעווענדעט אין זיין זייט.

ער האָט אַ ווײַלע געשוויגען, און דאַן רוהיג געזאָגט: שרעק זיך נישט, איך וועל עס נישט טאָן.

זיי האָבען זיך דערנעהנטערט צו דעם אַנדער ברעג.

— דו הערסט גאָרנישט? — האָט זי געזאָגט, — וואָס איז דאָס?

— פון יענער זייט פאָהרט אימיצער — האָט ער געענטפערט.

לאַנגזאַם האָט זיך דערטראָגען צו זיי דער טומעל פון דער ווייטער פינסטערניש, און ענטקעגען זיי האָט געשוועבט אַ קליינער, רויטער פייערל; באַלד האָבען זיי געזעהען, אז דאָס קומט פון אַ קליינער לאַמטערנע, וואָס איז בעפעסטיגט

צום דײַכסעל פֿון אַ דאָרפֿישען וואָגען, זײ האָבען אָבער נישט געקענט זעהען, צו דער וואָגען איז בעלאָדען און צו עס זיצען אויף איהם מענשען. גלײַך פֿון הינטען זענען געפֿאָהרען נאָך צוויי, דרײַ אזעלכע פֿוהרען. אויף דער לעצטער האָבען זײ געקענט בעמערקען אַ מענשען, אין אַ פֿויערן־קאָסטיום, וועלכער האָט נאָר וואָס פֿערדרײַכערט זײַן ליולקע; די פֿוהרען זענען פֿערבײַ־געפֿאָהרען. דאַן איז ווײַטער שטיל געוואָרען, און זײ האָבען ווײַטער גאָרנישט מעהר געהערט, אויסער דעם שטומפּיגען גערויש פֿון דער דראָזשקע, וועלכע איז זײ צוואַנציג טריט פֿון הינטען נאָכגעפֿאָהרען. די בריק האָט זיך איצט לײַכט אָנגעבויגען צו דעם אַנדערען ברעג. זײ האָבען געזעהען, ווי דער וועג פֿאַר זײ צווישען ביימער אין פֿינסטערניש לויפֿט ווײַטער. פֿון רעכטס און פֿון לינקס האָבען זיך געצויגען אין דער טיפֿעניש פֿינסטערע לאָנקעס, וועלכע האָבען זיך געדוכט צו זינקען אין דעם אָוועגדליכען תהום.

נאָך דעם לאַנגען שווײַגען האָט פֿראַנץ פּלוצלונג געזאָגט:

– אַלזאָ דאָס לעצטע מאָל...

– וואָס? – האָט עממאַ גיך געפֿרעגט מיט אַ פֿערזאָרגטען טאָן.

– ... זענען מיר צוזאַמען. בלײַב בײַ איהם. איך געזעגען זיך מיט דיר אויף שטענדיג.

– דו רעדסט עס ערנסט?

– פֿאָלשטענדיג ערנסט.

– אָט זעהסטו.

דו פֿערגיפֿטעסט שטענדיג די פּאָר שעה, וואָס מיר האָבען; נישט איך!

– יאָ, יאָ. דו ביזט גערעכט, — האָט פֿראַנץ געזאָגט — קום מיר וועלען פֿאָהרען צוריק.

זי האָט זיך פֿעסטער צוגעדריקט צו איהם.

— נײן, — האָט זי צערטליך געזאָגט — איצט וויל איך נישט. איך וויל נישט דו זאָלסט מיך אַזוי אָוועקטרײַבען.

זי האָט איהם צוגעצויגען צו זיך און איהם לאַנג געקושט.

— וואו וואָלטען מיר אַרויסקומען ייען מיר זאָלען אַזוי געהן מיט דעם וועג?

— דער וועג פיהרט גלייך קיין פראַג, מיין קינד!

— אַזוי ווייט דאַרף מען נישט, — האָט זי שמייכלענדיג געזאָגט — אָבער נאָך אַביסל ווייטער קען מען געהן, אויב דו ווילסט.

זי האָט אָנגעוויזען אינ׳ם פינסטערניש.

— העי, קוטשער! — האָט פראַנץ אויסגערופען; יענער אָבער האָט גאָר נישט געהערט.

— שטעהט! — האָט פראַנץ דאַן אויסגעשריען.

די דראָזשקע איז אָבער אַלץ ווייטער געפאָהרען. פראַנץ איז איהר נאָכגעלאָפען; איצט נאָר האָט ער געזעהען, אַז דער קוטשער שלאָפט, און מיט שטאַרקע געשרייען האָט ער איהם אויפגעוועקט.

— מיר וועלען פאָהרען דאָ נאָך אַביסל ווייטער, אויף דעם וועג — איהר פערשטעהט, וואָס מ׳רעדט צו אייך?

— איך הער, גנעדיגער הער, איך פערשטעה...

עממאַ האָט זיך אַריינגעזעצט אין דראָזשקע, און נאָך איהר פראַנץ. דער קוטשער האָט אַ פּאַטשע געטאָן מיט׳ן בייטש, און די פערד האָבען זיך, ווי משוג׳ענע, ווילד פונאַנדער־געלאָזען איבער דעם זומפיגען וועג. די ביידע אָבער אין דראָזשקע האָבען זיך געהאַלטען איינע די אַנדערע פעסט אומגעאַרמט, ווען זי האָט זיי געוואָרפען אַהין און אַהער.

— אַח, ווי גוט, ווי שען! — האָט עממאַ איהם צוגעפליסטערט נאָהנט צום מויל.

אין דעם אויגענבליק האָט זיך איהר געדאַכט, אַז די דראָזשקע האָט פּלוצלונג אַ פליה געטאָן אין דער לופטען — זי האָט זיך געפיהלט אַרויסגעוואָרפען. זי האָט געוואָלט זיך אָן עפּעס אָנכאַפּען, איהרע הענד אָבער האָבען אָנגעשעפּט נאָר אַ לעדיגען רוים; איהר האָט זיך געדאַכט, אַז זי טראָגט זיך עפּעס מיט אַ ווילדער געשווינדקייט אין אַ קאַראַהאָד, אַזוי אַז זי האָט געמוזט די אויגען פערמאַכען — און פּלוצלונג האָט זי זיך געפיהלט ליגענדיג אויף דר׳ערד, און אַ אונגעהויערע, שווערע שטילקייט האָט אויסגעבראָכען אַרום איהר.

ריכטיג ווי ווען זי וואלט געווען ווײַט פון דער וועלט אין אינגאַנצען אײַנזאַם. דאַן האָט זי אָנגעהויבען הערען עפּעס פערשידענע קולות: אַ גערויש פון פערדישע קאָפּיטעס, וואָס קלאַפּען זיך אָב אָן דר׳ערד, גאַנץ נאָהנט פון איהר און דערשטיקטע קרעכצען; זעהען אָבער האָט זי קיין זאַך ניש געקענט. איהר האָט אַרומגענומען אַ טוידליכע אַנגסט; זי האָט אָנגעהויבען שרייען; איהר אַנגסט איז געוואָרען נאָך גרעסער, ווײַל זי האָט איהרע אײגענע געשרײען נישט גע־הערט. פּלוצלונג האָט זי קלאָר בעגריפען, וואָס דאָ איז געשעהען: די דראָזשקע האָט זיך אָן וואָס ס׳איז אָנגעשטויסען, מסתמא אָן אײנעם פון די ווייאָרסט־שטײנער, איז אומ־געפאַלען, און דאַן האָט עס איהר אַרויסגעוואָרפען. וואו איז ער? איז געווען איהר ערשטער געדאַנק. זי האָט אויס־געשריען זײַן נאָמען. און זי האָט געהערט, ווי זי שרײַט, גאַנץ שטיל אפילו, אָבער זי האָט געהערט. קיין ענטפער איז נישט געקומען. זי האָט פראָבירט זיך אויפהויבען; דאָס איז איהר אַזוי שווער אָנגעקומען, אַז זי איז געבליבען זיצען אויף דר׳ערד, און ווען זי האָט אויסגעצויגען די הענד, האָט זי דערפיהלט נעבען זיך אַ מענשליכען קערפער. און דאַן האָט זי געקענט אויך די פינסטערניש דורכדרינגען מיט איהרע אויגען. נעבען איהר איז געלעגען פראַנץ, אינגאַנצען אונבעוועגליך. זי האָט אָנגעטאַפּט מיט איהר אויסגעשטרעק־טער האַנד זײַן געזיכט: זי האָט געפיהלט איבער עס פלי־סענדיג עפּעס פײַכטעס און וואַרעמס. איהר האָט פערחאַפּט דער אָטעם. בלוט...? וואָס איז דאָ אַזוינס געשעהען? פראַנץ איז פערוואונדעט און ליגט בעוואוסטלאָז. און דער קוטשער — וואו איז ער? זי האָט איהם גערופען; קיין ענטפער האָט זיך נישט געהערט. זי איז נאָך אַלץ אַזוי געזעסען אויף דר׳ערד. „מיר איז, דאַכט זיך, גאָרנישט געשעהען״,— האָט זי געטראַכט, חאָטש זי האָט געפיהלט אַ וועהטאָג אין אַלע גלידער. וואָס זאָל איך טאָן, וואָס זאָל איך איצט טאָן... עס איז דאָך נישט מעגליך, מיר זאָל דאָ גאָר נישט האָבען געשעהען.

— פראַנץ! — האָט זי גערופען.

עפּעס אַ שטימע גאָר נאָהנט האָט געענטפערט:

— וואו זײַט איִהר, גנעדיִגעֶס פרויליין, וואו איִז דעֶר גנעֶד׳ העֶרר? ס׳איִז דאָך גאָרניִשט געֶשעֶהעֶן? וואַרטעֶן זיי פרוילײַן, — אָט ציִנד איִך אָן דיִ לאַמטעֶרנעֶ, וועֶט מעֶן קעֶנעֶן עֶפּעֶס זעֶהעֶן. איִך וויים ניִשט, וואָס איִז הײַנט געֶוואָרעֶן מיִט מײַנעֶ טײַוואָליִם. איִך ביִן ניִשט שולדיִג, אויף מײַן וואָרט... זיי זעֶנעֶן אַרויפגעֶפאָהרעֶן אויף אַ הויפעֶן שטײנדלעֶך, דיִ פעֶרשאָלטעֶנעֶ פעֶרד.

עֶממאַ איִז איִצט, ניִשט קוקעֶנדיִג אויף דעֶם, וואָס אַלעֶ גליִדעֶר האָבעֶן איִהר וועֶה געֶטהאָן, פאָלשטעֶנדיִג געֶקוּמעֶן צוּ זיִך, און דאָס, וואָס דעֶר קוטשעֶר איִז געֶבליִבעֶן ניִשט בעֶשעֶדיִגט, האָט איִהר אַביִסעֶל בעֶרוּהיִגט. זיִ האָט געֶהעֶרט, וויִ עֶר האָט געֶעֶפעֶנט דאָס טהיִרעֶל פון דעֶר לאַמטעֶרנעֶ און אָנגעֶריִבעֶן ציִנד=העֶלצלעֶך. מיִט שרעֶק און אַנגסטעֶן האָט זיִ געֶוואַרט אויפן פײַעֶר. זיִ האָט ניִשט געֶוואַגט נאָכאַמאָל אָנצוּריִהרעֶן פראַנצ׳ן, וועֶלכעֶר איִז געֶלעֶגעֶן נעֶבעֶן איִהר אויף דר׳עֶרד; זיִ האָט זיִך געֶטראַכט: ווען מ׳זעֶהט גאָרגיִשט דאַכט זיִך יעֶדעֶ זאַך שרעֶקליִכעֶר, פורכט=באַרעֶר; עֶר האַלט געֶוויִס דיִ אויגעֶן אָפעֶן... עֶס וועֶט איִהם גאָרניִשט זײַן.

פון דעֶר זײַט האָט זיִך בעֶוויִזעֶן אַ ליִכטשטראַהל. זיִ האָט פּלוּצלוּנג דעֶרזעֶהעֶן דיִ דראָזשקעֶ, וועֶלכעֶ איִז צוּ איִהר פעֶרוואוּנדעֶרוּנג גאָרניִשט געֶלעֶגעֶן אויף דר׳עֶרד, נאָר געֶשטאַנעֶן אָנגעֶבויגעֶן אויף אַ זײַט בײַ׳ן גראָבעֶן פון וועֶג, וויִ ווען בײַ איִהר וואָלט צוּבראָכעֶן געֶוואָרעֶן אַ ראָד. דיִ פעֶרד זעֶנעֶן געֶשטאַנעֶן פאָלשטעֶנדיִג רוּהיִג. דעֶר פײַעֶר=שטראַהל איִז צוּגעֶקוּמעֶן אַלעֶ מאָל נעֶהנטעֶר; זיִ האָט געֶזעֶהעֶן דעֶם פײַעֶר אַריבעֶרלויפעֶנדיִג איִבעֶר דיִ וויאָרסט=שטײנעֶר, איִבעֶר דעֶם הויפעֶן שטײנדלעֶך, וואָס בײַ׳ן גראָבעֶן; דעֶרנאָך האָט זיִ געֶזעֶהעֶן, וויִ עֶר קריִכט אַרויף בײַ פראַנצ׳ן אויף דיִ פיִס, לויפט דוּרך איִבעֶר זײַן קעֶרפּעֶר, בעֶלײַכטעֶט זײַן געֶזיִכט און בלײַבט דעֶרױף שטעֶהן. דעֶר קוטשעֶר האָט אַוועֶקגעֶשטעֶלט דיִ לאַמטעֶרנעֶ אויף דר׳עֶרד, גראַדעֶ בײַ׳ם קאָפּ פון דעֶם ליִגעֶנדעֶן. עֶממאַ האָט זיִך אַראָבגעֶלאָזעֶן אויף דיִ קניִע, און האָט געֶפיִהלט, אַז איִהר האַרץ העֶרט אויף צוּ קלאַפּעֶן, ווען זיִ האָט דעֶרזעֶהעֶן דאָס געֶזיִכט. עֶס איִז געֶוועֶן

בלאַס; די אויגען האַלב אָפֿען, אַזוי אַז געזעהען פֿון זיי האָט מען נאָר דאָס ווייסעל. פֿון דעם רעכטען שלייף האָט זיך לאַנג־זאַם געצויגען אַ שטרייף בלוט איבער'ן באַק און זיך פֿער־לאָרען אונטער'ן קראַגען ביי'ם האַלז. די אונטערשטע ליפּ איז געווען צוביסען מיט די צייהנער.

ס'איז נישט מעגליך! — האָט עממאַ געזאָגט צו זיך.

דער קוטשער האָט זיך אויך אַראָבגעלאָזען אויף די קניע און טרויריג אָנגעקוקט דאָס געזיכט; דערנאָך האָט ער מיט ביידע הענד אָנגענומען דעם קאָפּ און האָט איהם אויפֿ־געהויבען אין דער הויך.

— וואָס טהוט איהר? — האָט עממאַ אַ געשריי געטהאָן מיט אַ פֿערשטיקטער שטימע, און האָט זיך דערשראָקען פֿאַר דעם קאָפּ, וועלכער האָט זיך ווי אַליין אויפֿגעהויבען.

— גנעדיגעס פֿרוילין, מיר שיינט, אַז דאָ איז אַ גרויסעס אונגליק געשעהען.

— ס'איז נישט אמת, — האָט עממאַ געזאָגט, — עס קען נישט זיין. איז דען אייך עפּעס געשעהען? און מיר...

דער קוטשער האָט דעם קאָפּ פֿון דעם בעוועגונגס־לאָזען פּאַמעליך אַראָבגעלאָזען — ביי עממאַ'ן אין שוים, און זי האָט געציטערט.

— ווען חאָטש ווער ס'איז זאָל איצט צוקומען... ווען חאָטש די עטליכע פּויערן, וואָס מיר האָבען געטראָפֿען, וואָלטען פֿערביי־פֿאָהרען דאָ מיט אַ פֿיערטעל שעה שפּעטער...

— וואָס זאָלען מיר דאָ טהאָן? — האָט עממאַ געזאָגט מיט ציטערנדע ליפּען.

— יאָ, פֿרוילין, אָט ווען די דראָזשקע וואָלט נישט צובראָכען געוועזען... אַזוי אָבער, ווי זי איז איצט... מיר מוזען וואַרטען, ביז אימיצער וועט דאָ צוקומען...

ער האָט נאָך ווייטער גערעדט, עממאַ אָבער האָט זיינע ווערטער נישט פֿערשטאַנען. אין דער צייט האָט זי געפֿיהלט, אַז זי קריגט צוריק איהר פֿערשטאַנד, און איצט האָט זי געוואוסט, וואָס זי האָט צו טהאָן.

— ווי ווייט איז עס ביז צו די נאָהנטסטע הייזער? — האָט זי געפֿרעגט.

— ס'איז נישט ווייט, פֿרוילין, דאָ באַלד איז דער

פראַנק־יאָזעף־דאָרף... ווען ס׳וואָלט געווען ליכטיג, וואָלטען מיר דאָ די הײַזער פון דאָרט׳ן געזעהען. דאָס איז פינף מינוטען פון דאַנען.

– געהט דאָרטען און ברענגט מענשען אהער, – איך בלײַב דאָ.

– ניין, פרוילײַן, איך גלויב, אז ס׳איז בעסער איך זאָל דאָ בלײַבען מיט אײַך – עס וועט דאָך לאַנג נישט דויערן, ביז אימיצער וועט דאָ אָנפאָהרען – דאָ איז דאָך אַ דורכ־פאָהר, – און –

– דאַן אָבער וועט עס צו שפּעט זײַן, עס קען שוין דאַן צו שפּעט זײַן; מיר דאַרפען אַ דאָקטאָר האָבען.

דער קוטשער האָט פריהער אַ קוק געטהאָן אויפן געזיכט פון דעם אונבעוועגליכען, דערנאָך אויף עממאַ׳ן, און האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

– דאָס קענט איהר נישט וויסען, האָט עממאַ אויס־גערופען. – און איך אויך נישט.

– אמת, פרוילײַן; וואו אָבער קען איך געפינען אַ דאָקטאָר אין פראַנק־יאָזעף־דאָרף?

– טאָ זאָל אימיצער פון דאָרטין פאָהרען אין שטאָדט נאָך אַ דאָקטאָר, און...

– איהר ווייסט וואָס, פרוילײַן? איך גלויב, אַז זיי האָבען דאָרט אַ טעלעפאָן. וועט מען קענען טעלעפאָנירען אין שטאָדט צו דער „גיכער הילף״.

– יאָ, יאָ, דאָס איז אַם בעסטען! אָ געהט, לויפט געשווינד, אום גאָטטעס ווילען! און ברענגט־מיט אַהער מענשען... און... איך בעט אײַך, געהט שוין אַמאָל, וואָס שטעהט איהר נאָך דאָ?

דער קוטשער האָט נאָכאַמאָל אַ קוק געטהאָן אויף דאָס בלאַסע געזיכט, וואָס איז געלעגען בײַ עממאַ׳ן אויפ׳ן שויס.

– די גיכע הילף, דער דאָקטאָר – דאָס אַלץ וועט שוין דאָ אַ סך העלפען.

– געהט! אום גאָטעס ווילען! געהט שוין!

– איך געה שוין – נאָר איהר שרעקט זיך נישט דאָ, פרוילײַן, אַלײן אין דער פינסטער... און ער האָט זיך מיט

שנעלע טריט געלאָזען געהן איבער׳ן וועג, „וואָס מענשען קען איינפאַלען,— האָט ער געמורמעלט צו זיך – נאָך האַלבע נאַכט אין דער רייכסשטראַסע צו פאָהרען...״

עממאַ איז געבליבען מיט דעם בעוועגונגסלאָזען אַליין אויף דעם פינסטערן וועג. וואָס איז איצט? — האָט זי געטראַכט. דאָס איז דאָך נישט מעגליך, — איז איהר ווייטער דורכגעפלויגען אין געדאַנקען, — דאָס קען דאָך נישט זיין. איהר האָט זיך פלוצלונג אָנגעהויבען דאַכטען, אַז אימיצער אָטעמט נעבען איהר. זי האָט זיך אַראָבגעבויגען צו די בלאַסע ליפּען; ניין, פון דאַנען האָט זיך קיין אָטעם נישט געהערט. דאָס בלוט אויף די באַקען און שלייפען האָט אויסגעזעהען ווי פערטריקענט. זי האָט זיך טיף איינגעקוקט אין די אויגען זיינע, אין די לעבענסלאָזע אויגען, און האָט אַ ציטער געטאָן... פאַרוואָס גלויב איך עס נישט — ס׳איז בעשטימט אַזוי... ס׳איז דער טוידט! און אַ שוידער איז איהר דורכגעלאָפען איבער׳ן לייב. זי האָט אַלץ דייטליכער געפיהלט, אַז פאַר איהר ליגט אַ טוידטער. איך און אַ טוידטער, דער טוידטער ביי מיר אויפ׳ן שויס. און מיט ציטערנדע הענד האָט זי אוועקגערוקט דעם קאָפּ, אַזוי, אַז ער איז צוריק געלעגען אויף דר׳ערד. און איצט ערשט האָט איהר אַרומגענומען אַ געפיהל פון שרעקליכער איינזאַמקייט. צו וואָס האָט זי דעם קוטשער אַוועק געשיקט? ווי נאַריש דאָס איז געוועזען! וואָס זאָל זי איצט אָנהויבען טהאָן אַליין אויפ׳ן וועג מיט דעם טוידטען קערפּער? אויב מענשען וועלען קומען... יאָ, וואָס זאָל זי טהאָן, אויב מענשען וועלען קומען? און ווי לאַנג וועט זי דאָ דאַרפען וואַרטען? זי האָט ווידער אַ קוק געטהאָן אויפ׳ן טוידטען. איך בין נישט אַליין מיט איהם, איז איהר איינגעפאַלען. דאָס ליכט איז דאָך אויך דאָ. און עס האָט זיך איהר פאָרגעשטעלט דאָס ליכט, ווי עפּעס ליבעס און פריינדליכעס, וואָס זי דאַרף איהם דאַנקבאַר זיין. אין דעם קליינעם פייער׳ל איז געוועזען מעהר לעבען, ווי אין דער גאַנצער ווייטער נאַכט אַרום איהר... איהר האָט זיך זאָגאַר געדאַכט, אַז דאָס קליינע פייערל שיצט איהר פון דעם בלאַסען שרעקליכען מענשען, וואָס ליעגט דאָ נעבען איהר אויף דר׳ערד... און זי האָט אַזוי לאַנג געקוקט אויפ׳ן פייערל, ביז עס האָט איהר

אָנגעהויבען צו פינקלען אין די אויגען, ביז עס האָט אָנגעהויבען דאָס ליכט צו טאַנצען און זיך צו קערען. און פּלוצלינג האָט זי זיך געפיהלט, ווי ערוואַכענדיג פון אַ טיפען שלאָף. זי איז אויפגעשפרונגען! ניין, דאָס דאַרף נישט זיין. דאָס איז אונמעגליך, קיינער דאַרף מיך דאָ נישט געפינען מיט איהם... איהר האָט זיך געדאַכט, אַז זי זעהט זיך איצט אַליין שטעהענדיג דאָ אויפ'ן וועג, אַז זי זעהט ביי איהרע פיס דעם טוידטען און דאָס ליכט, און זי האָט זיך אויסגעזעהען אונגעהויער גרויס אין דאָס אַרומיגע פינסטערניש. אויף וואָס וואַרט איך, האָט זי געטראַכט, און איהרע געדאַנקען זענען שנעל געלאָפען... אויף וואָס וואַרט איך? אויף מענשען? — אויף וואָס דאַרפען זיי מיך? די מענשען וועלען קומען און פרעגען... און איך... וואָס טהו איך דאָ? ווער בין איך, וועלען אַלע פרעגען. וואָס זאָל איך זיי ענטפערן? גאָר נישט. איך וועל קיין איין וואָרט נישט רעדען, ווען זיי וועלען קומען. שווייגען וועל איך, קיין איין וואָרט... זיי קענען מיך דאָך נישט צווינגען צום רעדען.

פון ווייטען האָבען זיך געהערט שטימען.

שוין? — האָט זי געטראַכט, און מיט שרעק זיך איינגעהערט. די שטימען זענען געקומען פון בריק. דאָס זענען אַלזאָ נישט די מענשען, וואָס דער קוטשער האָט געבראַכט. אָבער ווער זיי זאָלען נישט זיין — דאָס ליכט וועלען זיי יעדענפאַלס בעמערקען — און דאָס דאַרף נישט זיין, וואָרום דאַן איז זי ענטדעקט.

און זי האָט אַ שטויס געטהאָן מיט'ן פוס די לאַנטערנע; דאָס פייער האָט זיך אויסגעלאָשען. איצט איז זי געשטאַנען איינגעהילט אין אַ טיעפער פינסטערניש, נישט זעהענדיג אַרום זיך גאָרנישט; אויך איהם האָט זי מעהר נישט געזעהען. נאָר דער ווייסער הויפען שטיינדלעך האָט זיך יאָ עטוואָס אָבגעטיילט פון דער פינסטערניש. די שטימען זענען צוגעקומען נעהנטער. זי האָט אָנגעהויבען צו ציטערן מיט'ן גאַנצען קערפּער. נאָר מ'זאָל מיך נישט בעמערקען דאָ! אַח, אום גאָטעס ווילען, דאָס איז דאָס איינציגע, וואָס איז וויכטיג, ווייטער איז אַלץ גאָרנישט — זי איז דאָך פערלאָרען אויפ'ן גאַנצען לעבען, אויב איטיצער וועט זיך דאָ דערוויסען, אַז

זי איז די געליבטע פון ... זי האט קראמפפהאפט צונויפגע־
לעגט די הענד, און האט גאט געבעטען, אז די מענשען
אויף דער אנדערער זייט זאלען גיכער אריבערגעהן און
זאלען זי נישט ביימערקען. זי האט זיך איינגעהערט. יא,
מ׳געהט פון יענער זייט... וואס רעדען זיי דארט?... דאס
זענען צוויי אדער דריי פרויען... זיי האבען בעמערקט די
דראזשקע, דאס רעדען זיי איצט וועגען איהר; זי הערט די
ווערטער ... א וואגען ... אומגעפאלען ... וואס נאך זאגען
זיי?... זי האט עס נישט דערהערט. זיי געהען ווייטער...
זיי זענען פערבייגעגאנגען... אח, גאט צו דאנקען! און
איצט? איצט וואס איז? אה, פארוואס איז זי אויך נישט
אזוי טוירט, ווי ער? איהם איז מקנא צו זיין, פאר איהם
איז שוין אלץ אריבער... ער האט שוין נישט פארוואס
מורא צו האבען און פאר איהם איז שוין קיין שום געפאהר
נישטא. זי אבער ציטערט פאר א סך זאכען. זי האט מורא,
מ׳זאל זי דא נישט געפינען, מ׳זאל זי נישט פרעגען: ווער
זייט איהר?... מ׳זאל זי נישט נעהמען אין דער פאליציי,
מ׳זאל נישט ערפאהרען אומעטום, אז איהר מאן — איז
איהר קינד —

און זי בעגרייפט נישט, פאר וואס איז זי דא אזוי
לאנג געשטאנען ווי צוגעשמידט... זי קען דאך אוועקגעהן...
זי נוצט דאך קיינעם נישט דא, און זיך אליין מאכט זי
אונגליקליך.

זי האט געמאכט איין טריט פאראויס... פארזיכטיג...
זי מוז זיך אריבערקריכען איבערן גראבען... אריבער...
איין טריט ארויף... אה, ווי ס׳איז פייכט די ערד! נאך
צוויי טריט און זי וועט שטעהן אויפ׳ן מיטען וועג...
דאן האט זי זיך אויף א סעקונדע אבגעשטעלט און גע־
קוקט פאר זיך. זי קען איצט געהן אויך אין דער פינסטער
מיט דעם גראהען וועג. דארט... דארט איז די שטאדט...
זי קען נישט זעהען פון איהר גארנישט... די ריכטונג אבער
צום שטאדט איז איהר קלאר. זי האט נאכאמאל אומגעקוקט.
ס׳איז גארנישט אזוי פינסטער. זי זעהט די דראזשקע גאנץ
קלאר; די פערד אויך... און ווען זי שטרענגט אן שטארק
איהר בליק, קען זי בעמערקען אויך עפעס ווי די פארם

פון אַ מענשליכען קערפּער, וואָס ליעגט אויף דר'ערד. זי עפענט ברייט פונאַנדער די אויגען; איהר שטעלט זיך פאָר, עפּעס אַנ'אונזיכטבאַרע קראַפט ציהט זי צוריק... און איהר דאַכט זיך, אַז ער איז עס, דער וואָס וויל זי דאָ פערהאַלטען, און זי פיהלט זיין מאַכט... זי מאַכט זיך אָבער פריי איבעה געוואַלט, און איצט זעהט זי, — אַז די ערד אונטער איהרע פיס איז זעהר — פייכט, אַז זי שטעהט אויף אַ גליטשיגען וועג, און די בלאָטע לאָזט זי נישט געהן ווייטער. נאָר אָט אָבער געהט זי... געהט וואָס ווייטער אַלץ געשווינדער... זי לויפט... און אַוועק פון דאַנען... צוריק... צו דער ליכטיגקייט, צום טומעל, צו מענשען!

זי לויפט אָב די גאַנצע גאַס, האַלטענדיג דאָס קלייד אויפגעהויבען, אום נישט צו פאַלען. דער ווינד בלאָזט איהר אין פלייצע, ווי ער וואָלט זי טרייבען פאָראויס. זי ווייס שוין איצט נישט ריכטיג, פון וואָס זי אַנטלויפט. איהר שטעלט זיך פאַר, אַז זי אַנטלויפט פון יענעם בלייכען מענשען, וואָס ליעגט דאָרט, ווייט הינטער איהר, נעבען דעם גראָבען... דערנאָך פאַלט איהר איין, אַז זי אַנטלויפט פון די לעבעדיגע, וואָס וועלען דאָרט באַלד זיין. וואָס וועלען זיי טראַכטען וועגען איהר? וועט מען איהר נישט נאָכלויפען? מ'וועט איהר שוין אָבער נישט דעריאָגען; אָט איז זי שוין ביי'ן בריק. זי דאַרף זיך נאָר אַריבערכאַפּען איבער'ן בריק, און דאַן איז שוין קיין געפאַהר נישטאָ. קיינעם קען דאָך נישט איינפאַלען, ווער זי איז; קיין לעבעדיגער נפש קען דאָך נישט טרעפען, ווער ס'איז געוועזן די פרוי, וואָס איז געפאָהרען מיט יענעם העררן איבער דער רייכסגאַס. דער קוטשער קען זי נישט, ער וועט זי נישט דערקענען, אפילו ווען ער וועט זי אַמאָל זעהען. מ'וועט זיך גאָרנישט קימערן אַזוי ווייט צו וויסען, ווער זי איז געוועזן. וועמען געהט עס אָן? וועמען אַרט עס? — זעהר קלוג האָט זי געטאָן, וואָס זי איז דאָרט נישט געבליבען, און ס'איז גאָרנישט קיין פערברעך אויך. פראַנץ אַליין וואָלט איהר רעכט געגעבען. זי מוז דאָך אין דערהיים געהן, זי האָט אַ קינד, זי האָט אַ מאַן; זי וואָלט דאָך פערלאָרען געגאַנגען, ווען מ'וואָלט זי געפונען ביי איהר טויטען געליעבטען. אָט

איז די בריק, די גאַס ווערט ליכטיגער... אָט הערט זי שוין דאָס וואַסער רוישען, ווי פריהער; אָט איז זי דאָ, וואו זי איז געגאַנגען מיט איהם אָרם אין אָרם — ווען — ווען איז עס געווען? מיט וויפיל שעה צוריק? ס'איז מסתמא נאָך נישט לאַנג. נישט לאַנג? אפשר! אפשר איז זי לאַנג געלעגען בעוואוסטלאָז; אפשר איז שוין לאַנג נאָך האַלבער נאַכט; אפשר ווערט שוין באַלד טאָג, און אין דער היים האָט מען זיך שוין געחאַפּט? ניין, ניין, דאָס איז נישט מעגליך; זי פיהלט, אַז זי איז גאָרנישט געווען בעוואוסטלאָז; זי דערמאָהנט זיך איצט גענויער און דייטליכער אַלס אין דעם ערשטען מאָמענט, ווי זי איז אַרויסגעפאַלען פון וואָגען און ווי זי האָט גלייך בעגריפען אַלץ, וואָס עס איז געשעהען. זי לויפט איבער'ן בריק און הערט דעם קלאַפּען פון איהרע אייגענע טריט; זי קוקט נישט אין די זייטען. פלוצלונג בעמערקט זי עפּעס אַ געשטאַלט איהר ענטקעגען קומענדיג. זי הויבט אָן געהן לאַנגזאַמער. ווער קען עס זיין, דער וואָס געהט איהר ענטקעגען? ס'איז עפּעס איינער אין אַ אוניפאָרם. זי געהט זעהר לאַנגזאַם. זי דאַרף נישט צוציהען אויף זיך קיין אויפמערקזאַמקייט. איהר דאַכט זיך, אַז דער מענש קוקט עפּעס שטאַרק אויף איהר. וואָס וועט זיין, אויב ער וועט איהר פרעגען? זי איז נעבען איהם, און דערקענט דעם מונדיר; עס איז אַ פּאָליציי-מאַן; זי געהט איהם פערביי. זי הערט, אַז ער איז הינטער איהר שטעהן געבליבען. מיט מאַטערניש האַלט זי זיך אָב פון אָנהויבען צוריק צו לויפען; דאָס וואָלט געווען פערדעכטיג. זי געהט נאָך אַלץ אַזוי באַמעליך ווי פריהער; זי הערט דאָס קלינגען פון'ם טראַמוויי. הייסט עס, אַז ס'איז נאָך וויַט צו האַלבע נאַכט. איצט געהט זי ווידער שנעלער. זי איילט זיך אין שטאָדט אַריין. די פייערלעך פון וועלכער עס האָבען איהר נאָך ענטקעגען געפינקעלט אונטער דעם געוועלב פון דער אייזענבאַהן-בריק, דעם טומעל פון וועלכער זי הויבט שוין אָן צו הערען. נאָך די שטילע געסיל דאַרף זי איבערגעהן, דאַן איז זי געראַטעוועט. איצט הערט זי פון ווייטען דורכדרינגענדע פייפען, אַלץ דורכדרינגענדער אַלץ נעהנטער; אַ וואָגען איז פערביי איהר דורכגעלאָפען, נישט ווילענדיג בלייבט זי שטעהן און קוקט איהם נאָך,

דאָס איז דער וואָגען פון דער „גיבער הילף". זי ווייס, וואוהין ער פאָהרט. ווי שנעל! טראַכט זי... ס'איז ווי עפּעס מיט א כשוף. אין דער ערשטער מינוט דאַכט זיך איהר, אַז זי דאַרף די מענשען נאָכשרייען, אַז זי דאַרף זיי נאָכלויפען, אַז זי דאַרף זיך אומקעהרען צוריק פון וואַנען זי איז איצט ענטלאָפען — דאַן נעמט איהר אַרום אַ אונגעהויערע חרפה, אַזאַ חרפה, וואָס זי האָט נאָך קיינמאָל אין לעבען נישט געפיהלט; און זי ווייס, אַז זי האָט דאָ געהאַנדעלט שלעכט און מאוס. צוזאַמען אָבער דערמיט, ווי דאָס קלאַפּען פון די רעדער און די פּייפערייען הערען זיך אַלץ שוואַכער און שוואַכער, חאַפּט זי אַרום אַ ווילדע שמחה, און ווי אַ גערעטעטע לויפט זי שנעל פאָראויס. מענשען קומען איהר אָן ענטקעגען; זי שרעקט זיך שוין מעהר נישט פאַר זיי — דאָס שווערסטע איז זי שוין איבערגעקומען. דער ליאַרם פון שטאָדט הערט זיך אַלץ דייטליכער, עס ווערט איהר וואָס ווייטער אַלץ ליכ־טיגער; אָט זעהט זי שוין די רייהע הייזער פון דער פּראַ־טער־גאַס, און איהר דאַכט זיך, אַז דאָרט פאָראויס וואַרט אויף איהר אַ חוואַליע פון מענשען, אין וועלכער זי דאַרף שפּורלאָז פערשוואונדען ווערען.

צוקומענדיג צו דער ערשטער גאַסען־לאַמטערנע, איז זי שוין אויף אַזוי פיל רוהיג, אַז זי קען אַ קוק טהאָן, וויפיל דער זייגער איז. ס'איז צעהן מינוטען פאַר ניין. זי נעמט דעם זייגעריל צום אויער — ער האָט זיך נישט אָבגע־געשטעלט, ער געהט. און זי טראַכט: איך בין לעבעדיג... גע־זונד... מיין זייגעריל אפילו האָט נישט אויפגעהערט צו געהן... און ער... ער... טוידט... שיקזאַל... זי פיהלט זיך, ווי ווען אַלץ וואָלט איהר פערגעבען געוואָרען... ווי ווען זי וואָלט גאָר קיינמאָל אויף זיך קיין שולד נישט געהאַט. יאָ, עס איז אַזוי, אַזוי איז עס! זי הערט, ווי זי רעדט אַרויס די ווערטער אויפ'ן קול. נו, און ווען דאָס שיקזאַל וואָלט עס אַנדערש געמאַכט? און ווען זי וואָלט איצט ליגען דאָרט ביי'ם גראָבען און ער וואָלט לעבען געבליבען? ער וואָלט נישט אַוועק געפלויגען, ניין... ער וואָלט עס נישט געטאָן. נו יאָ, ער איז דאָך אַ מאַנספּערזאָן. זי איז אַ ווייב — און זי האָט אַ קינד און אַ מאַן, — זי האָט רעכט געהאַט. — ס'איז

איהר פּפליכט, יאָ, איהר פּפליכט ! ?! ווייס גאַנץ גוט, אַז זי האָט עס געטאָן נישט צוליב דער פּפליכט ... דערוויילע אָבער האָט זי דאָך פּאָרט געטאָן, ווי מ'האָט געדאַרפט טהאָן... נישט ווילענדיג... ווי... גוטע מענשען טהוען שטענדיג. איצט וואָלט זי שוין ענטדעקט געווען. די דאָקטוירים וואָלטען זי געפרעגט: „און אייער מאַן, גנעדיגע פרוי ?" אָה גאָט ! ... און די צייטונגען מאָרגען ... און די פאַמיליע... זי וואָלט אויף שטענדיג פערלאָרען געגאַנגען און ער וואָלט דאָך דערפון נישט לעבעדיג געוואָרען. יאָ, דאָס איז געווען די הויפט זאַך ; זי וואָלט צו גרונד געגאַנגען און קיינער וואָלט דערפון קיין נוצען נישט געהאַט. — זי איז אונטער דער אייזענבאַהנ-בריק. — וויטער ... וויטער ... אָט איז דער טעגעטהאָף-מאָנומענט, וואו עס קומען זיך צוזאַמען אַ גאַנצע רייהע גאַסען. היינט, אין דעם רעגענדיגען, ווינדיגען הערבסט-אָבענד, זענען דאָ ווענינ מענשען אין די גאַסען, איהר אָבער שטעלט זיך פאָר, אַז דאָס לעבען פון שטאָדט קאָכט און בראַוזט אַרום איהר ; וואָרום דאָרט, פון וואַנען זי איז געקומען, האָט געהערשט די שרעקליכסטע שטילקייט. זי האָט צייט. זי ווייס, אַז איהר מאַן וועט היינט ערשט אַרום צעהן קומען אַהיים — זי וועט נאָך בעוויזען אפילו זיך איבערצוקליידען. איצט איז איהר איינגעפאַלען, איהר קלייד צו בעטראַכטען, און מיט שרעק האָט זי געזעהען, אַז זי איז דורך און דורך איינגעשמוצט, וואָס וועט זי זאָגען דער שטובמעדעל ? און עס שטעלט זיך איהר פאָר, אַז מאָרגען וועט די געשיכטע פון דעם אונגליקספאַל בעשריבען זיין אין אַלע צייטונגען ; מ'וועט שרייבען, אַז מיט איהם צוזאַמען איז געפאָהרען פריהער אַ פרוי, נאָר דערנאָך איז זי פערשוואונדען געוואָרען. און ביי דעם געדאַנק וואַלט זי אויף פון ס'ניי — איין אונפאָרזיכטיגקייט, און אַלץ איז פערלאָרען. זי האָט אָבער דעם שליסעל פון וואָהנונג ביי זיך ; זי וועט אַליין עפענען די טהיר ; — קיינער וועט זי נישט הערען אַריינגעהענדיג. זי זעצט זיך שנעל אַריין אין אַ דראָשקע און וויל שוין אָנגעבען איהר אַדרעסע, זי כאַפּט זיך אָבער באַלד, אַז דאָס וואָלט געווען נאַרעש, און זי רופט איהם אָן אַ נאָמען פון אַ גאַס, וואָס איז איהר נאָר וואָס איינגעפאַלען.

פֿערבײַפֿאָהרענדיג די פּראַטער־גאַס, וואָלט זי גערן געוואָלט עפּעס שטאַרקעס דערפֿיהלען, זי קען עס אָבער נישט. זי פֿיהלט נאָר, אַז זי האָט איין פֿערלאַנג: אין שטוב זײַן, אין דער זיכערקײַט. אַלעס אַנדערע איז איהר גלײַכגילטיג.

אין דעם אויגענבליק, וואָס זי האָט בײַ זיך בעשלאָסען צו לאָזען דעם טױדטען ליגען אַלײן אויפ׳ן וועג, האָט בײַ איהר אין האַרצען געמוזט פֿערשטומט ווערען אַלץ. וואָס עס האָט געדראַפּט ווײנען און יאָמערן נאָך איהם. זי קען איצט קײן שום אַנדער זאַך נישט פֿיהלען, אויסער די זאָרגען וועגען זיך, זי איז דאָך נישט אָהן אַ האַרץ... אָה נײן!... זי ווײס גאַנץ געוויס, אַז עס וועלען קומען אַזעלכע טעג, ווען זי וועט פֿערצווײפֿעלט זײַן און ווײנען נאָך איהם; ס׳קען זײַן, אַז אָט די פֿערצווײפֿלונג וועט איהר ברענגען אַ פֿריה־צײַטיגען טויט. אין דעם איצטיגען מאָמענט אָבער פֿיהלט זי נישט קײן אַנדער זאַך אויסער דאָס — מיט טרוקענע אויגען און רוהיג וואָס געשווינדער אין שטוב צו זיצען בײַ׳ם זעל־ביגען טיש, צוזאַמען מיט איהר מאַן און קינד. זי קוקט אַרויס דורכ׳ן פֿענסטער. די דראָשקע פֿאָהרט אין רעכטען מיטען שטאָדט. דאָ איז אַלץ העל בעלויכטען, און אַ סך מענשען געהען פֿערבײַ. עס פֿאַלט איהר דאָ פּלוצלונג אײַן, אַז אַלץ, וואָס זי האָט איבערגעלעבט אין די לעצטע שטונ־דען, איז גאָרנישט אמת. ווי אַ בעזער חלום האָט עס זיך איהר פֿאָרגעשטעלט... וואָס איז אונמעגליך אין דער ווירק־ליכקײַט, אונמעגליך און אונבעגרײַפֿבאַר. אין אַ זײַטיגער געסיל פֿון רינג הײסט זי דעם קוטשער זיך אָבשטעלען, געהט אַרויס פֿון דראָשקע און פֿערדרעהט זיך שנעל אין ראָג גאַס. דאָרט נעמט זי אַנ׳אַנדער דראָשקע, און זאָגט שוין דעם קוטשער איהר ריכטיגע אַדרעסע. איהר שטעלט זיך פֿאָר, אַז זי איז איצט איבערהויפּט נישט מעהר פֿעהיג עפּעס צו בעגרײַפֿען, עפּעס אַ געדאַנקען צו פֿאַסען. וואו איז ער איצט? — פֿליהט איהר פּלוצלונג דורך אין קאָפּ.

זי פֿערמאַכט די אויגען און זעהט איהם ליגענדיג אויף אַ טראָג־ברעט, אינ׳ם קראַנקען־וואָגען — און פּלוצלונג, דאַכט זיך איהר, אַז זי זיצט נעבען איהם, און זי פֿאָהרט מיט איהם. די דראָשקע הויבט זיך אָן צו טרײסלען. און זי שרעקט זיך,

עס זאָל איהר איצט ווײַטער נישט אַרױסװאַרפֿען װי פֿריהער, און – זי שרײַט אױס. דאָ בלײַבט די דראָשקע שטעהן. אַ טױט אַ ציטער; אָט איז דאָס טױער פֿון איהר הױז.

שנעל געהט זי אַרױס פֿון דראָשקע, לױפֿט דורך דעם קאָרידאָר מיט שטילע טריט, אַזױ, אַז דער שװײַצער אפילו בעמערקט זי נישט פֿון זײַן פֿענסטערל; זי געהט אַרױף אױף די טרעפּ, עפֿענט אין דער שטיל די טיר, און שטי־לינקערהײד גנב׳ט זי זיך אַרײַן דורכ׳ן פֿאָרצימער אין איהר צימער – ס׳איז געלונגען! – זי מאַכט ליכטיג, װאַרפֿט שנעל אַראָב פֿון זיך איהרע קלײדער און בעהאַלט זײ גוט אין שראַנק.

איבער נאַכט װעלען זײ זיך אױסטריקענען; מאָרגען װעל איך זײ אַלײן אױסבאַרשטען און רײן מאַכען. דאַן װאַשט זי זיך אָרום דאָס געזיכט און די הענד און טוט אָן אַ שלאָפֿראָק.

אין פֿאָרהױז הערט זיך קלינגענדיג. זי הערט, װי דאָס שטוב־מעדעל געהט צו צום טיר און עפֿענט זי אױף. זי הערט די שטימע פֿון איהר מאַן; זי הערט, װי ער שטעלט אַװעק זײַן שטעקען. זי פֿיהלט, אַז זי מוז איצט שטאַרק זײַן, אױב נישט קען נאָך די גאַנצע אַנשטרענגונג אומזיסט זײַן. זי לױפֿט שנעל אַרײַן אינ׳ם עס־צימער, אַזױ אַז זי קומט אַרײַן אהין אין דעם זעלבען מאָמענט, װאָס דער מאַן.

– אַה, דו ביזט שױן צוריק אין שטוב? – האָט ער געזאָגט.

– געװיס, – האָט זי געענטפֿערט, – שױן לאַנג.

– קײנער מסתמא האָט דיך נישט בעמערקט אַרײַנ־געהענדיג.

זי שמײכעלט, זיך נישט צװינגענדיג דערצו. ער קושט זי אין שטערן.

דער אינגעל זיצט שױן בײַ׳ן טיש; ער האָט לאַנג געװאַרט און איז אײַנגעשלאָפֿען. אױף׳ן טעלער ליגט פֿאַר איהם זײַן בוך, און אױף דעם אָפֿענעם בוך ליגט זײַן געזיכט. זי זעצט זיך נעבען איהם, און דער מאַן איהר געגענאיבער; ער נעמט אַ צײַטונג און װאַרפֿט אין איהר אַ פֿלינקען בליק. דערנאָך לעגט ער זי אַװעק און זאָגט: די אַנדערע זיצען

נאָך דאָרט צוזאַמען און בעראַטען זיך נאָך ווייטער.

— וועגען וואָס? — פרעגט זי.

און ער הויבט איהר אָן צו דערצעהלען די אַלע איינצעלהייטען פון דער היינטיגער זיצונג. ער דערצעהלט זעהר לאַנג, זעהר פיל. עטוואַס מאַכט זיך, ווי זי וואָלט איהם הערען, און פון צייט צו צייט שאָקעלט זי צו מיט'ן קאָפּ.

זי הערט אָבער גאָרנישט, זי ווייס נישט, וואָס ער רעדט, זי פיהלט זיך, ווי איינער וואָס איז מיט נסים געראַטעוועט געוואָרען פון שרעקליכע געפאַהרען. זי פיהלט קיין זאַך נישט אויסער: איך בין געראַטעוועט, איך בין אין דערהיים. און אין דער צייט, וואָס איהר מאַן דערצעהלט אַלץ ווייטער און ווייטער, רוקט זי צו נעהנטער איהר שטוהל צו דעם שטוהל פון איהר זוהן, נעמט זיין קעפעל און דריקט איהם צו צו איהר ברוסט. איהר נעמט אַרום אַ אונבעשרייב־ליכע מידיגקייט — זי איז נישט אימשטאַנד מעהר זיך צו בעהערשען, זי פיהלט, אַז דער שלאָף בעפאַלט זי; זי פאַר־מאַכט די אויגען.

פלוצלונג קומט איהר אויפ'ן זינען אַרויף אַ שרעקליכער געדאַנק, אַ געדאַנק וועגען דער שרעקליכער מעגליכקייט, פון וועלכער זי האָט נישט געטראַכט זינט דער מינוט, וואָס זי האָט זיך אויפגעהויבען פון גראָבען: ווען ער איז גאָרנישט געשטאָרבען!... ווען ער... אַח נייַן, אין דעם קען קיין צווייפעל נישט זיין... די אויגען... דער מויל — און דאַן... קיין אָטעם פון זיינע ליפען. — אָבער עס טרעפען דאָך אויך פאַלשע טוידטען. עס טרעפען דאָך אויך אַזעלכע צופעלן, ווען זאָגאַר די גענבטע אויגען פון אַ דאָקטאָר קענען אַ טעות האָבען. און זי האָט געוויס נישט קיין געאיבטען בליק. ווען ער לעבט, ווען ער איז שוין ווידער צום בעוואוסטזיין געקומען, ווען ער האָט זיך פלוצלונג געפונען ליגענדיג אַליין אין מיטען דער נאַכט אויפ'ן וועג... ווען ער וועט איהר אָנהויבען צו רופען... איהר נאָמען... ווען ער אַם ענדע מיינט, אַז זי איז אויך פערוואונדעט... ווען ער וועט זאָגען די דאָקטוירים: דאָ איז געווען אַ פרוי, איהר האָט עס גע־בוזט אַרויסוואַרפען דאָ ווייטער וואו ס'איז... און... און... יאָ, וואָס וועט דאַן זיין? מען וועט זי זוכען. דער קוטשער

וועט צוריק קומען פון פראַנץ־יאָזעף־דאָרף מיט מענשען... ער וועט דערצעהלען... די פרוי איז דאָ געווען, ווען איך בין אַוועק געגאַנגען — און פראַנץ וועט פערשטעהן. פראַנץ וועט וויסען... ער קען דאָך זי גוט... ער וועט וויסען, אַז זי איז אַוועקגעלאָפען און אַ שרעקליכער צאָרן וועט איהם ארומנעמען, און ער וועט אָנרופען איהר נאָמען, אום זיך אָן איהר נוֹקם צו זיין. ער וועט זיך דאָך פערלירען... און די איבערצייגונג דערפון, וואָס זי האָט איהם אַ שעה פאַר'ן טוידט געלאָזען ליגען אַליין אויפ'ן פעלד, וועט איהם אַזוי אויפטרייסלען, אַז ער וועט נישט קוקען אויף קיין זאַך און זאָגען: דאָס איז געווען פרוי עממאַ, מיין געליבטע... אַ טרום און אַ נאַר צוזאַמען, — וואָרום נישט אמת, מיינע העררן דאָקטוירים, איהר וואָלט דאָך זי נישט געפרעגט דורכאויס, ווער זי איז, ווען זי וואָלט אייך בעטען דאָס נישט צו טאָן, איהר וואָלט דאָך איהר געלאָזען געהן רוהיג, און איך אויך, אָה יאָ, — ווען זי וואָלט נאָר דאָ בלייבען מיט מיר ביז איינער קומען. איצט אָבער, אַז זי איז אַזוי שלעכט געוועזען, זאָג איך אייך, ווער זי איז... דאָס איז... אַה!

— וואָס איז מיט דיר? — האָט געזאָגט דער פראָפעסאָר זעהר ערנסט, אויפשטעהענדיג פון אָרט.

— וואָס... ווי? וואָס איז?

— יאָ, וואָס איז מיט דיר?

— גאָרנישט. זי האָט דאָס קינד נאָך פעסטער צוגעדריקט צו זיך.

דער פראָפעסאָר האָט זי לאַנג אָנגעקוקט.

— דו ווייסט? דו האָסט אָנגעהויבען איינצורעדעלען, און —

— און דו האָסט פלוצלונג עפּעס אויסגעשריען.

— ... אַזוי?

— ווי מ'שרייט אויס אין שלאָף, ווען עס חלומ'ט זיך עפּעס אַ שרעקליכע זאַך. דו ביזט געשלאָפען?

— איך ווייס נישט. איך ווייס גאָרנישט. און געגענאיבער איהם וואַנד־שפּיגעל זעהט זי אַ געזיכט, וואָס שמייכעלט, וואָס איז אָבער גרויזאַם און פערקרימט. זי ווייס, אַז דאָס איז איהר אייגענעם געזיכט, און דאָך שוידערט איהר,

קוקענדיג דערויף ... און זי בעמערקט, אז דאס געזיכט ווערט שטארק פערגליווערט, זי קען דעם מויל נישט בעוועגען, זי וויים עס: אט דער שמייכעל וועט זיך שוין שפּילען אויף איהרע ליפּען, אזוי לאנג, ווי זי וועט לעבען. און זי פּראָבירט א געשריי טאָן. דאן פיהלט זי, ווי צוויי הענד לעגען זיך איהר אויף די אקסלען, און זי זעהט, ווי צווישען איהר אייגענעם געזיכט און דאס פון שפּיגעל שטויסט זיך אריין דער פּנים פון איהר מאן; זיינע אויגען, פרעגענדיג און שרעקענדיג, האבען זיך איינגעגעסען אין איהרע. זי וויים: קוים האלט זי נישט אוים די לעצטע פּראָבע, אזוי איז אלץ פערלאָרען. און זי פיהלט, ווי זי ווערט ווידער שטארק, עס פאלגען איהר ווידער די מוסקולען פון געזיכט, און די בעוועגונגען פון איהרע גלידער; זי קען אין דעם איצטיגען מאָמענט מאכען מיט זיי, וואס זי וויל; אבער זי מוז דעם מאָמענט אויסנוצען, אויב נישט איז עס פערביי. און זי חאַפּט אָן מיט ביידע הענד די הענד פון איהר מאן, וואס זענען נאָך געלעגען אויף איהרע אקסלען, און ציהט איהם צו צו זיך, און קוקט איהם אן הייטער און צערטליך.

און אין דער צייט, ווען זי פיהלט איהר מאנ'ס ליפּען אויף איהר שטערן, טראכט זי: יא, געוויס... א בעזער חלום. ער וועט עס קיינעם נישט זאגען, ער וועט זיך נישט נוקם זיין אן איהר, קיינמאל, קיינמאל נישט... ער איז טוידט... ער איז גאנץ געוויס טוידט... און די טוידטע שווייגען.

— וואָרום זאָגסטו דאס? — הערט זי פּלוצלונג די שטימע פון איהר מאן.

ציטערנדיג פון שרעק פרעגט זי: וואס אזוינס האב איך דען געזאגט? און איהר דאכט זיך פּלוצלונג, אז זי האט אלץ דערצעהלט אויפ'ן קול... אז זי האט די גאנצע געשיכטע פון דעם אבענד דא ביי'ן טיש איבערגעגעבען... און צוזאמענגעבראָכען פון שרעק פאר זיין מורא'דיגען בליק פרעגט זי נאָכאמאל: וואס האב איך דען געזאגט?

— די טוידטע שווייגען, — חזר'ט איבער איהר מאן זעהר לאנגזאם.

— יא... — זאגט זי, — יא... און זי לייענט אין זיינע

אויגען, אז זי קען שוין מעהר פון איהם איצט גארנישט פערבארגען, און לאנג קוקען זיי זיך ביידע אן.

– לעג שלאפען דאס קינד, – האט ער דאן צו איהר געזאגט, – איך גלויב, אז דו האסט מיר נאך עפעס צו דערצעהלען...

און זי וויים, אז זי וועט דעם מענשען, וועמען זי האט יאהרענלאנג גענארט, אין דעם נאהנסטען מאמענט דעם גאנצען אמת דערצעהלען.

און אין דער מינוט, ווען זי געהט מיט'ן אינגעל לאנגזאם דורך די טהיר, פיהלענדיג נאך אלץ אויף זיך דעם מאנ'ס בליקען, ווערט איהר אזוי רוהיג און לייכט אויפ'ן הארצען, ווי ווען זי וואלט געפיהלט, אז א סך אין איהר לעבען ווערט ווידער גוט – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – –



# ליטעראטור

אַ קאָמעדיע אין 1 אַקט.

---

פערזאָנען:

מאַרגאַריטא,
קלעמענס, ספּאָרטסמאַן,
זשילבערט.

---

די סצענע שטעלט פאָר מאַרגאַריטאַ'ס וואָהנצימער, וואָס [illegible] אגשטענדיג, נאָר נישט רייך מעבלירט. א קליינער קאַמין, [illegible] טיש, אַ שרייב-טישעל, שטוהלען און אַ שראַנק; אינ'ם [illegible] הינטערגרונד צוויי פענסטער; רעכטס און לינקס טהירען.



# עֶרְשְׁטֶע סְצֶענֶע.

אין אַ פאָטעֶיל בײַ'ם קאַמין זיצט קלֶעמֶענס ברייש־ליך צוּלעֶגט. עֶר טראָגט אַ זעֶהר עֶלעֶגאַנטעֶן, דונקעֶל־גרויעֶן סאַק־אַנצוּג, רויכעֶרט אַ ציגאַר און לײַעֶנט אַ צײַטונג. מאַרגאַרעֶטעֶ שטעֶהט פריהעֶר בײַ'ם פֿעֶנסטעֶר, דעֶר־נאָך געֶהט זי אַרוּם איבעֶרן צימעֶר אַהין און צוריק; עֶנדליך שטעֶלט זי זיך אָב הינטעֶר קלֶעמֶענס'ן און שפּילט זיך מיט איהרעֶ העֶנד אין זײַנעֶ האָר. זי זעֶהט אוֹיס אַביסעֶל אוּנרוּהיג.

קלֶעמֶענס (ווײַטעֶר לײַעֶנעֶנדיג, נעֶמט איהר האַנד און קוּשט זי). האָרנעֶר איז אין זײַן זאַך זיכעֶר — אָדעֶר, ריכטיגעֶר, אין מײַן עֶרפאָלג; וואַטעֶרלאָאָ פינף צו איינס, באַראָמעֶטעֶר צוואַנציג צו איינס, בוססעֶר'ל זיבעֶן צו איינס, אַטילאַ זעֶכצעֶהן צו איינס.

מאַרגאַרעֶטעֶ. זעֶכצעֶהן צו איינס!

קלֶעמֶענס. לאָרד בײַראָן אָנדעֶרהאַלבעֶן צו איינס — דאָס זעֶנעֶן מיר, מײַן ליב־לעֶבעֶן!

מאַרגאַרעֶטעֶ. איך ווייס.

קלֶעמֶענס. דעֶרבײַ האָבעֶן מיר נאָך ביז דעֶם לויף־קאָנקורס זעֶקס וואָכעֶן.

מאַרגאַרעֶטעֶ. ווי ס'שײַנט, האַלט עֶר דאָס שוין פאַר אַ טוידטעֶ זאַך.

קלֶעמֶענס. ניין. ווי זי ווייס דאָס שוין אָבעֶר די אַלעֶ אויסדריקעֶן! בראַוואָ!

מאַרגאַרעֶטעֶ. מיט די אַלעֶ אויסדריקעֶן האָב איך זיך בעֶקאַנט נאָך פריהעֶר, ווי מיט דיר. יאָ, איז עֶס שוין בעֶשטימט, אַז דו אַליין וועֶסט רײַטעֶן אויף לאָרד'ן?

קלֶעמֶענס. דו פרעֶגסט נאָך! — אויף אַ דאַמעֶן־פּרײַז!

וועמען דען זאָל איך לאָזען ראַטען? און ווען האָרנער וואָלט נישט וויסען, אַז איך וועל אויף איהם ראַטען, וואָלט ער נישט געשטאַנען אָנדערהאַלבען צו איינס — דערויף קענסטו דיך שוין פערלאָזען!

מאַרגאַרעטע. דאָס גלויב איך. — דו ביזט אַזוי שען, ווען דו זיצט אויף אַ פערד, ס'איז דאַן איינפאַך ענטציקט צו ווערן פון דיר! קיינמאָל וועל איך נישט פער־געסען, ווי דו אין מינכען, גראַדע אין דעם טאָג, וואָס איך האָב זיך בעקאַנט מיט דיר...

קלעמענס. דערמאָהן מיך נישט יענעם טאָג. דעמאָלט בין איך דורכגעפאַלען, דער ווינדיש וואָלט קיינמאָל נישט געוואונען דעם קאָנקורס, ווען ער וואָלט נישט אַריינ־געכאַפּט ביי'ם סטאַרט צעהן קאָרפּוסען! דאָס מאָל אָבער! — נאַ! — און אויף צו מאָרגען נאָך דעם קאָנקורס פאָהרען מיר אַוועק.

מאַרגאַרעטע. אין אָבענד.

קלעמענס. יאָ. — פאַרוואָס?

מאַרגאַרעטע. ווייל פאַר מיטאָג, גלויב איך, וועלען מיר חופה שטעלען.

קלעמענס. יאָ, יאָ, מיין טייערע.

מאַרגאַרעטע. איך בין זעהר גליקליך! (זיי' אומאַרע־מען זיך). און וואוהין וועלען מיר פאָהרען?

קלעמענס. איך דענק, אַז אין דעם זענען מיר איינשטימיג, — צו מיר, אין מיין הויף.

מאַרגאַרעטע. יאָ — דערנאָך. אָבער פריהער וועלען מיר דען נישט פאָהרען אביסל אויף דער ריוויערא?

קלעמענס. דאָס וועט אָבהענגיג זיין פון דעם דאַמענפרייז; אויב איך וועל איהם קריגען...

מאַרגאַרעטע. אין דעם איז קיין צווייפעל נישטאָ.

קלעמענס. איבריגענס, איז די ריוויערא אין אַפּריל שוין גאָרנישט אַזוי בעצויבערענד.

מאַרגאַרעטע. אַך דעריבער!

קלעמענס. קינד, ס'פערשטעהט זיך: דעריבער. דו האָסט נאָך פון די פריהערדיגע צייטען עפּעס מאָדנע פאָר־שטעלונגען פון עלעגאַנץ און שענהייט, ווי זאָל איך דיר עס

זאָגען... דו וועסט מיר ענטשולדיגען — עפּעס אַבּיסל פון די וויצ-בלעטער.

מאַרגאַרעטע. איך בעט דיך, קלע —

קלעמענס. נו אַלזאָ, מיר וועלען שוין זעהען. (לעזט ווייטער). באַרעגאַסט פּופּציג צו איינס —

מאַרגאַרעטע. באַרעגאַסט? — ער וועט דאָך גאָר נישט לויפען ביי'ם קאָנקורס.

קלעמענס. פון וואַנען ווייסטו עס?

מאַרגאַרעטע. סציגראַטי אַליין האָט עס מיר געזאָגט.

קלעמענס. ווי אַזוי? וואו?

מאַרגאַרעטע. היינט אין דער פריה אין פּריידענאַו, אין דער צייט, ווען דו האָסט גערעדט מיט מילנער'ן.

קלעמענס. נאָר סציגראַטי איז מיר אויך נישט קיין פּאַסענדע געזעלשאַפט פאַר דיר.

מאַרגאַרעטע. אייפערזיכטיג?

קלעמענס. אפילו נישט אַ האָר!... איבריגענס, איך וועל דיך שוין פון איצט אָן פאָרשטעלען גאַנץ איינפאַך, אַלס מיין כלה.

מאַרגאַרעטע (קושט איהם).

קלעמענס. אַלזאָ, וואָס האָט ער דיר געזאָגט, סציגראַטי?

מאַרגאַרעטע. אַז ער וועט דעם באַרעגאַסט גאָרנישט מיטשיקען צום דאַמענפּרייז.

קלעמענס. נו, סציגראַטי'ן דאַרפסטו נישט צופּיל גלויבען, ער לאָזט אומישנע אַרויס קלאַנגען, אַז ער וועט דעם באַרעגאַסט נישט מיטשיקען, אום אויפצוהויבען די אַנדערע לויפער'ס זיינע.

מאַרגאַרעטע. גאָה, דאָס זעהט אויס ווי אַ ס'פּעקולאַציע.

קלעמענס. און דו מיינסט, אַז צווישען אונז זענען קיין ספּעקולאַנטען נישטאָ? פאַר אַ סך איז דאָס אינגאַנצען נאָר אַ געשעפט. דו גלויבסט טאַקע, אַז אַזאַ סאָרט מענש ווי סציגראַטי האָט כאָטש דעם מינדעסטען אינטערעס פאַר ספּאָרט? אַזאַ מענש ווי ער וואָלט געקענט אויף דער בערוזע

איך געהן! איבּריגענס, וואָס עס געהער צו דעם באַדעגאַסט, קען מען איהם רוהיג געבּען הונדערט געגען איינס.

מאַרגאַרעטע. אַזוי? מיר האָט זיך היינט אין דער פריה פאָרגעשטעלט, אַז ער זעהט אויס וואונדערבּאַר שען.

קלעמענס. זי האָט דעם באַדעגאַסט אויך געזעהען!

מאַרגאַרעטע. געוויס! האָט דען בּוטערם נישט ארומגאַלאָפּירט אויף איהם היינט אין דער פריה הינטער'ן בּוסטער'ל?

קלעמענס. נו, בּוטערם איז גאָר אינגאַנצען נישט קיין רייטער בּיי סציגראַטי'ן. דאָס איז געוויס געוועזן וועד ס'איז פון די שטאַל-דינער, — איבּריגענס, קען דער באַדע-גאַסט אויסזעהען ווי ער וויל, ס'איז אַלץ איינס — ער איז פערלאָרען. נו, מאַרגאַרעטע, בּיי דיין טאַלענט וועסטו זיך גאַנץ געשווינד אויסלערנען אונטערצושיידען די אמת'ע גרויסקייט פון דער פאַלשער. ס'איז ווירקליך נישט צו גלויבּען, מיט וואָס'רע געשווינדקייט דו האָסט זיך אָט די אַלע זאַכען איינגעאַרבּייטעט. אַזוי פיל האָבּ איך גאָרנישט ערוואַר-טעט פון דיר.

מאַרגאַרעטע (בּעז). פאַרוואָס האָסטו דאָס גאָר-נישט ערוואַרטעט? דו ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז אָט די אַלע זאַכען זענען מיר נישט פרעמד געוועזן. — אין דערהיים בּיי מיינע עלטערן פלעגען אַריינקומען זעהר עלעגאַנטע מענשען — דער גראַף ליבּאָווסקי און נאָך פערשידענע — און אויך בּיי מיין מאַן ...

קלעמענס. נו יאָ. זעלבּסט פערשטענדליך. אינ'ם פּרינציפּ האָבּ איך אויך גאָרנישט געגען דער וואָל-פאַבּריקאַציע.

מאַרגאַרעטע. וואָס האָט עס מיט מיינע פערזענ-ליכע אַנשויאונגען צו טאָן דאָס, וואָס מיין מאַן האָט געהאַט אַ בּוים-וואָל-שפּינערייַ? איך האָבּ מיך שטענדיג פערפאָלקאָמט און געבּילדעט אַליין, נאָך מיין אייגענער אַרט. איבּריגענס, זאָלען מיר בּעסער איצט אין גאַנצען נישט רעדען פון יענער צייט, וואָס ליגט, דאַנק גאָט, שוין וויַט פון אונז!

קלעמענס. ס'איז אָבּער דאָ אַנ'אַנדער צייט, וואָס ליגט נעהנטער.

מאַרגאַרעטע. געוויס. איז וואָס?

קלעמענס. נו, איך מיין נאָר, אַז אין דיין מינכּענער געזעלשאַפט האָסטו זיך קיין סך ניט נישט געקענט אָנהערען ווענען ספּאָרט־זאַכען, אויף וויפיל איך האָב די מעגליכקייט צו אורטהיילען.

מאַרגאַרעטע. אפשר קענסטו שוין אַמאָל אויפהערען, מיר אויפצו־וואַרפען די געזעלשאַפט, אין וועלכער דו האָסט זיך מיט מיר בעקענט?

קלעמענס. אויפוואַרפען? — דערפון קען גאָר קיין רעד נישט זיין! עס איז און עס בלייבט מיר נאָר אונפער־שטענדליך, ווי אַזוי דו ביזט אַריינגעפאַלען אין אַזאַ געזעלשאַפט.

מאַרגאַרעטע. דו רעדסט וועגען יענער געזעלשאַפט ריכטיג, ווי ווען דאָס וואָלט געווען עפּעס אַ באַנדע רויבער!

קלעמענס. קינד, איך גיב דיר מיין וואָרט: עטליכע פון יענע בעקאַנטע דיינע האָבען אויסגעזעהן ריכטיג, ווי אמת'ע גאַסענ־רויבער. איך קען דאָס גאָרנישט בעגרייפען, ווי אַזוי דו מיט דיין העכערן געפיהל... נו, איך וויל שוין נישט זאָגען מעהר, דו מיט דיין בעסערן געשמאַק פאַר — ריינקייט און גוטע פּאַרפומען, ווי אַזוי, דו האָסט געקענט לעבען צווישען די מענשען, ווי אַזוי דו האָסט געקענט זיצען מיט זיי ביי איין טיש.

מאַרגאַרעטע (שמייכלענדיג). האָסטו עס דען אויך נישט געטאָן.

קלעמענס. איך בין געזעסען נעבען זיי — נישט מיט זיי. און דאָס אויך האָב איך געטאָן נאָר צוליב דיר, אויסשליסליך נאָר צוליב דיר, דו ווייסט עס גאַנץ גוט! איבריגענס, וויל איך גאָרנישט אָבלייקענען, אַז עטליכע פון זיי האָבען אַ סך געוואונען אין מיינע אויגען זיך נעהנטער בעקאָנענדיג מיט זיי, צווישען זיי האָבען זיך געפונען אויך גאַנץ אינטערעסאַנטע מענשען. און דו דאַרפסט נישט מיינען, מיין שאַץ, אַז איך האַלט זיך העכער פון אַלע מענשען, וועלכע זענען שלעכט ערצויגען, — גישט דאָס איז די הויפּטזאַך. אין זייער גאַנצען בענעהמען זיך, אין זייערע אַלע מאַניערען, אין זייער גאַנצען וועזען איז דאָ עפּעס אַזוינס, וואָס מאַכט נערוועז.

מאַרגאַרעטע. דאָס לאָזט זיך נאָך ניִשט אַזוֹי בעֶשטימט אָבזאָגען.

קלעֶמענס. נו, דו בעֶליידיג זיך נאָר ניִשט, טײַערע, איך האָב דאָך שוֹין געזאָגט, אַז עס האָבען זיך געפונען צוויִשען זײַ אויך זעהר אינטערעסאַנטע מענשען. ווי אַזוֹי אָבער אַ אַנשטענדיִגע דאַמע קען זיך פיִהלען גוט אין אַזאַ געזעלשאַפט אַ לאַנגע צײַט, — דאָס וועל איך קיינמאָל ניִשט בעגרײַפען.

מאַרגאַרעטע. דו פערגעסט גראַדע איין זאַך, מײַן ליבער קלעמענס; דו פערגעסט, אַז אין אַ געוויִסען זין געהער איך אויך צו יענער געזעלשאַפט אָדער האָב, ווענִיגסטענס, געהערט צו איִהר.

קלעמענס. נו, לאָז שוֹין אָב, איך בעט דיך!

מאַרגאַריִטע. דאָס זענען געווען קינסטלער און קינסטלעריִן׳ס.

קלעמענס. נו, אַ שמחה, מיר זענען שוֹין ווײַטער אַרויף אויף דער טעמאַ.

מאַרגאַרעטע. יאָ, און דאָס טאַקע איז מײַן שטענ־דיגע קרענקונג, וואָס דו קענסט מיט אונז נישט מיט געהן.

קלעמענס. ניִשט מיטגעהן — דאָס געפעלט מיר זעהר! איך וואָלט שוֹין גאַנץ גוט געקענט מיטגעהן — דו ווייסט גאַנץ גוט, וואָס מיך פערדריסט און בעליידיגט אין דײַן שרײַבען, ווייסט, אַז דאָס איז אַ רײַן פערזענליכע זאַך.

מאַרגאַרעטע. נו, אַנדערע פרויען אין מײַן דעמאָל־דיגער לאַגע, וואָלטען זיך ערגערע זאַכען ערלויבט, ווי ליעדער שרײַבען.

קלעמענס. אָבער אַזעלכע! אַזעלכע! (ער נעמט אַראָב אַ קליינעס ביכעל פון קאמין) · אָט, וועגען דעם האַנדעלט עס זיך. איך קען דיך פערזיכערן, אַז יעדעס מאָל, וואָס איך טהו אַ קוק אויף דעם; יעדעס מאָל, וואָס איך דערמאָהן זיך אָן דעם, — ווער איך רויט פון שאַנדע, וויִסענדיג, אַז דו האָסט עס אָנגעשריבען.

מאַרגאַרעטע. דו האָסט אײַנפאַך נישט קיין געפיִהל פאַר אַזעלכע זאַכען... נו, זײַ נישט בעז — ווען דו וואָלסט דאָס געפיִהל אויך האָבען, וואָלסטו געווען די

פֿאָלקאָמענהײט אַלײן, און דאָס, װי ס'װײַזט אױס, איז אין לעבען נישטאָ. — אָבער װאָס פֿערדרײסט דיך אײגענטליך אין מײַן שרײַבען? דו װײסט דאָך, אַז איך האָב נישט איבערגעלעבט דאָס, װאָס איך האָב אָנגעשריבען —

קלעמענס. איך האָף און גלױב, אַז ס'איז אַזױ.

מאָרגאַרעטע. — אַז דאָס זענען נאָר פֿאַנטאַזיעס.

קלעמענס. אױב אַזױ מוז איך דיך טאַקע פֿרע־גען: װי אַזױ קען דאָס אַ אַנשטענדיגע דאַמע זיך פֿאָרשטע־לען אַזעלכע זאַכען? (לעזט). „אין לײַדענשאַפֿטליכער פֿערשכּור'ונג נעהם איך אַרום דײַן האַלז, און טרינק זיך אײַן אין דײַנע זיסע ליפּען..." (שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ). װי קען אַ פֿרױ אַזױנס אָנשרײַבען, װי קען אַ פֿרױ אַזױנס לאָזען דרוקען? יעדער מענש, װאָס לײענט דאָס מוז זיך דאָך פֿאָרשטע־לען דער פֿערפֿאַסערין מיט אױסגעשפּרײטען אָרעמס „אין לײַ־דענשאַפֿטליכער פֿערשכּור'רונג און דעם האַלז...

מאַרגערעטע. איך פֿערזיכער דאָך דיך אָבער, אַז אַזאַ האַלז האָט אין דער װירקליכקײט קײנמאָל נישט עקזיסטירט.

קלעמענס. איך קען מיר'ס אױך נישט פֿאָרשטע־לען, דאָס איז מײַן גליק, און אױך — דײַנס, מאַרגאַרעטע. װי אַזױ אָבער ביזטו געקומען צו אַזעלכע פֿאַנטאַזיעס? אױף דײַן ערשטען מאַן קענען זיך דאָך אָט די אַלע גליהענדע ליעבעס־ליעדער נישט בעציהען — ער האָט דאָך דיך איבער־הױפּט נישט פֿערשטאַנען, װי דו זאָגסט שטענדיג.

מאַרגאַרעטע. בעשטימט, נישט. דעריבער האָב איך זיך דאָך געשײדט מיט איהם. דו װײסט דאָך די גאַנצע געשיכטע. מיט אַזאַ מענשען, װאָס האָט נישט געהאַט קײן געפֿיהל פֿאַר קײן זאַך, אױסער פֿאַר עסען און טרינקען און װאָל, — מיט אַזאַ מענשען האָב איך נישט געקענט לעבען צוזאַמען.

קלעמענס. יאָ יאָ. אָבער דאָס איז ערשט דרײַ יאָהר אינגאַנצען, און די ליעדער האָסטו דאָך שפּעטער געשריבען.

מאַרגאַרעטע. נו אמת. — דו בערעכען אָבער די לאַנגע, אין װעלכער איך האָב זיך געפֿונען דאַן...

קלעמענס. וואָס הייסט? דיר האָט דאָך קיין זאַך ניט געפעהלט? אין דער הינזיכט האָט זיך יאָ דיין מאַן, — דאָס מוז מען מודה זיין, — זעהר אַנשטענדיג בענומען. דו ביזט נישט געוועזען אין אַזאַ לאַגע, זיך צו דאַרפען אַליין פערדינען אויפ׳ם לעבען. און ווען אפילו זיי האָבען דיר שוין געצאָהלט צו הונדערט גילדען פאַר אַ ליעד, — מעהר צאָהלען זיי דאָך געוויס נישט, — האָסטו נאָך אַלץ נישט געדאַרפט אַזאַ בוך אָנשרייבען.

מאַרגאַרעטע. איך האָב גאָרנישט געמיינט, ליבער קלעמענס, מיין לאַגע אין מאַטעריעלען זין; איך האָב געמיינט מיין גייסטעסצושטאַנד. דו האָסט גאָר קיין בעגריף נישט דערפון... ווען דו האָסט זיך מיט מיר בעקענט, איז עס שוין געוועזען אַ סך בעסער, איך האָב שוין געהאַט דאַן זיך אַליין געוויסערמאַסען געפונען; אין אָנהויב אָבער!... איך בין געוועזען אַזוי ראַטלאָז, אַזוי אַראָבגעפאַלען... איך האָב זיך אָנגעכאַפּט אָן אַלץ, איך האָב געמאָלט, — זאָגאַר אַ ענגלישע לעקציע האָב איך געגעבען אין דעם פענסיאָן, וואו איך האָב געוואָהנט... בערעכען דו אַליין, צו צוויי און צוואַנציג יאָהר בלייבען אַ גע׳גט׳ע פרוי, נישט האָבען קיינעם...

קלעמענס, פאַרוואָס ביזטו נישט רוהיג געבליבען אין ווינען?

מאַרגאַרעטע. ווייל איך בין צוקריגט געוועזען מיט מיין פאַמיליע. קיינער האָט מיך נישט פערשטאַנען. אָ, די מענשען! דו מיינסט, אַז כאָטש איינער פון מיין פאַמיליע האָט פערשטאַנען, אַז מ׳קען פערלאַנגען פון לעבען נאָך עפּעס אויסער אַ מאַן און שענע קליידער און אַ געזעלשאַפט־ליכע לאַגע? אָ גאָט! ווען ביי מיר וואָלט אַ קינד זיין, וואָלט אפשר איינגאַנצען אַנדערש געוועזען, און איבעריגענס, עס וואָלט אפשר גאָרנישט אַנדערש געוועזען אויך. די נאַטור מיינע איז זעהר קאָמפּליצירט. דו אָבער האָסט, איי־גענטליך, נישט אויף וואָס זיך צו בעקלאָגען. איז עס דען נישט געוועזען אַם ענדע דאָס בעסטע, וואָס איך האָב געקענט טאָן, דאָס וואָס איך בין געפאָהרען אין מינכען? ווען איך

וואָלט עס דאַן נישט טאָן, וואָלט איך זיך דאָך מיט דיר נישט בעקאָנט.

קלעמענס. נו יאָ, אָבער דו ביזט דאָך נישט גע־פאָהרען דעמאָלט מיט דעם צוועק.

מאַרגאַרעטע. איך האָב געוואָלט פריי ווערען — איך מיין: אינערליך פריי. איך האָב געוואָלט זעהען, צו איך וועל מיט מיינע אייגענע קרעפטען קענען אויפטאָן וואָס ס׳איז. און דו ווערסט מיר מודה זיין, אז איך האָב מיינס ערדייכט. איך בין שוין געווען אויף דעם בעסטען וועג, וואָס פיהרט צו עהרע און בעריהמטהייט...

קלעמענס. —?

מאַרגאַרעטע. דו אָבער ביזט פאַר מיר טייערער, ווי בעריהמטהייט.

קלעמענס (גוטמוטיג). און זיכערער.

מאַרגאַרעטע. דערפון האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געטראַכט. איך האָב דיך ליעב געקריגען פון דעם ערשטען מאָמענט אָן, וויל פון אַזאַ, ווי דו האָב איך מיין גאַנצעם לעבען געטרוימט; איך האָב שטענדיג געוואוסט, אז גליק־ליך מאַכען קען מיך נאָר אַזאַ ווי דו. פאַמיליען־יחוס, — דאָס איז נישט קיין פוסטע איינבילדונג. דאָס קען בײשטעהן געגען אַלע אַנדערע זאַכען! זעהסטו, דעריבער גלויב איך טאַקע שטענדיג —

קלעמענס. אז וואָס?

מאַרגאַרעטע. מיר דאַכט זיך אָפט, אז אין מיינע אָדערן פליסט אויך אַ עדעלעס בלוט.

קלעמענס. ווי אַזוי?

מאַרגאַרעטע. פאַרוואָס נישט? דאָס קען דאָך מעגליך זיין.

קלעמענס. איך פערשטעה עס נישט.

מאַרגאַרעטע. איך האָב דאָך דיר שוין געזאָגט, אז אין דערהיים ביי מיינע עלטערן פלעגען זעהר אָפט אריינגעהן פערשידענע אריסטאָקראַטישע פערזאָנען...

קלעמענס. נו, איז וואָס —

מאַרגאַרעטע. ווער ווייס —?

קלעמענס. מארגארעטע, וואס טוט זיך מיט דיר?
ווי קען מען עס אזעלכעס רעדען!

מארגארעטע. פון דיר דארף מען בעהאלטען אלץ וואס מען טראכט. דאס איז דיין איינציגער פעהלער — ווען נישט דאס, וואלסטו געווען פאלקאמען. (שמייכעלט זיך צו צו איהם). איך האב דאך דיך אזוי שטארק ליעב! גלייך אינ'ם ערשטען אבענד, ווען דו ביזט אריין אין קאפע צוזאמען מיט וואנגענהיים'ען, — גלייך האב איך עס געוואוסט: דער איז עס! אמת, דו האסט אויסגעזעהען צווישען יענע מענשען, ווי געקומען עפעס פון אנ'אנדער וועלט.

קלעמענס. איך שטעל זיך פאר. צו־פיל עהנליך צו דער גאנצער קאמפאניע האסטו, א דאנק גאט, אויך נישט אויסגעזעהען. ניין, ווען איך דערמאהן מיך אן יענער געזעל־שאפט דיינער, — אן יענער רוסישער, צום ביישפיל, וואס האט אויסגעזעהן, ווי א סטודענטין מיט איהרע קורצגעשוי־רענע האר — נאר דאס סטודענטישע היטעל האט איהר געפעהלט —

מארגארעטע. דאס איז זעהר א בעגאבטע מאלערין, באראנצעוויטש.

קלעמענס. איך וויים. דו האסט מיר אנגעוויזען אויף איהר אין דעם בילדער־זאאל; דארט איז זי געשטאנען אויף א לייטער און היט קאפירט. — און דאן יענער מיט דעם פוילישען נאמען —

מארגארעטע (פראבירט אויסרעדען). ברזשקד...

קלעמענס. מאטער דיך נישט אומזיסט, דאס איז נישט אזוי נעטיג. דער זעלביגער האט אמאל עפעס פאר־געלייענט אין קאפע, ווען איך בין דארט געווען, און קיין האר זיך נישט געשעמט.

מארגארעטע. דאס איז זעהר א שטארקער טאלענט; גלויב מיר.

קלעמענס. נו געוויס. אין קאפע־הויז זענען זיי אלע טאלענטען. — נו, און יענער טייוועל, דער אונטער־טרעגליכער —

מארגארעטע. ווער?

קלעמענס. דו ווייסט שוין, וועמען איך מיין.

דער, וואָס פּלעגט עס שטענדיג מאַכען די טאַקטלאָזע בעמערקונגען איבער די אַריסטאָקראַטען.

מאַרגאַרעטע. זשילבערט, דו מיינסט מסתמא זשילבערט'ן.

קלעמענס. יאָ, יאָ. איך מיין געוויס נישט צו פּערטיידיגען אַלע מענשען פון מיין שטאַנד, לייַדאַקעס געפינען זיך אומעטום, אפילו אויך — מיט ערלויבניש צו זאָגען, — צווישען פּאָעטען... ס'איז אָבער פאָרט נישט טאַקטיש פון אימיצען, זיך אַזוי אויסצודריקען וועגען אַריסטאָקראַטען, ווען איינער פון זיי...

מאַרגאַרעטע. דאָס האָט ער שוין געהאַט אַזאַ געוואָהנהייט.

קלעמענס. איך האָב זיך דאַמאָלט געמוזט איינהאַלטען, ווי מיט צוואַנגען, אום איהם נישט גראָב צו ענטפערן.

מאַרגאַרעטע. בײַ דעם אַלעמען איז ער דאָך געוועזען אַ אינטערעסאַנטער מענש — יאָ. דערצו נאָך האָט ער געזעהן אין דיר אַ ליבעס-קאָנקורענט אויך און איז געוועזען פול מיט אייפערזוכט.

קלעמענס. דאָס האָב איך אויך בעמערקט. (פויזע).

מאַרגאַרעטע. אָך גאָט, אַלע זענען זיי אייפערזיכטיג געוועזען. און דאָס איז גאַנץ נאַטירליך... דו ביזט אַנדערש געוועזען פון זיי אַלע. און דערצו זענען זיי אַלע אַרומגעקראָכען אַרום מיר, ווייל מיר זענען זיי אַלע גלייך געוועזען. דאָס האָסטו דאָך בעמערקט — ניין? וואָס לאַכסטו?

קלעמענס. ס'איז צום לאַכען! ווען אימיצער וואָלט עס מיר אַמאָל נביאות געזאָגט, אַז איך וועל חהונה האָבען מיט אַ שטענדיגען גאַסט פון „קאַפע מאַקסימיליאַן"! אַמבעסטען זענען מיר דאָרט איינענטליך געפּעלן געוואָרען די צוויי יונגע מאַלער, וואָס האָבען אויסגעזעהען ריכטיג, ווי פון אַ טעאַטער-שטיק אַרויס. דו געדענקסט, זיי זענען אַזוי ענליך געוועזען איינער צום אַנדערן און אַלץ איז בײַ זיי געוועזען געמיינזאַם, — מיר שיינט, אויך יענע רוסישע, וואָס איז געזעסען אויפ'ן ליימער.

מאַרגאַרעטע. מיט אַזעלכע זאַכען האָב איך זיך קיינמאָל נישט אינטערעסירט.

קלעמענס. די צוויי מאַלער האָבען איבריגענס געמוזט אידען זיין, נישט?

מארגערעטע. פאַרוואָס עפּעס?

קלעמענס. נו, ווייל זיי האָבען שטענדיג וויצען געזאָגט — היינט די אויסשפּראַך...

מאַרגאַרעטע. דיינע אַנטיסעמיטישע בעמערקונגען קענסטו ביי זיך לאָזען.

קלעמענס. טייערע מיינע, זיי־זשע נישט אַזוי עמפּפינדליך. איך ווייס, אַז דו שטאַמסט פון אידען. און, אויסערדעם, האָב איך ווירקליך גאָרנישט צו אידען. איך האָב זאָגאַר געהאַט אַמאָל אַ לעהרער, וואָס האָט מיך פאָר־בערייטעט צום לעצטען עקזאַמען; דאָס איז געווען, שווער איך דיר, אַ איד, און אַ אויסגעצייכענטער מענש. אין לע־בען קומט אויס זיך צו טרעפען מיט פערשידענע מענשען... איך בעדויער אויך גאָר נישט, וואָס איך האָב זיך בעקענט מיט דיין מינכענער געזעלשאַפט; אַזעלכע קאַנטשאַפטען מאַכען רייכער די ערפאַהרונג פון לעבען. אָבער זעה, זאָג, איך האָב דיר געמוזט דאַמאָלס פאָרקומען, ווי אַ רעטער, ווי אַ אויסלעזער.

מאַרגאַרעטע. יאָ, דאָס איז אמת. קלע, קלע!

(זיי אומאַרמען זיך).

קלעמענס. וואָס לאַכסטו?

מאַרגאַרעטע. מיר איז עפּעס איינגעפאַלען.

קלעמענס. נו?

מאַרגאַרעטע. „אין לייַדענשאַפטליכער פערשכוריוג נעהם איך אַרום דיין האַלז און...”

קלעמענס. (אומגעדולדיג). וואָס דו ביזט, דו מוזט שטענדיג צושטערען יעדער אילוזיע!

מאַרגאַרעטע. זאָג, קלע: דו וואָלסט טאַקע ווירקליך גאָרנישט שטאָלץ געווען, ווען דיין געליבטע, דיין ווייב וואָלט געוואָרען אַ גרויסע און בעריהמטע דיכטערין?

קלעמענס. איך האָב דיר שוין געזאָגט: דו קענסט מיך, פון מיינעטוועגען, האַלטען פאַר אַ פּראָסטען אין דער הינזיכט, איך פערזיכער דיך אָבער, אַז אויב דו וואָלסט היינט ווידער אָנגעהויבען לידער צו שרייבען, אָדער גאָר זיי

צו לאָזען דרוקען, און אין זיי וואָלסטו דערצעהלט דער וועלט פון דיינע געפיהלען צו מיר, פון אונזער ליבעס־גליק — פון אונזער חתונה האָבען וואָלט שוין מעהר קיין רעד נישט געקענט זיין. איך וואָלט גלייך אַוועק פון דיר!

מאַרגאַרעטע. און דאָס רעדט אַ מענש, ביי וועמען עס זענען שוין געוועזען אפשר אַ דוץ אין־דער־גאַנצער־שטאָדט־בעקאַנטע ליעבעס־בעציהונגען.

קלעמענס. טייערע מיינע, עס קען טאַקע זיין, אַז זיי זענען בעקאַנט געוועזען אין דער גאַנצער שטאָדט — איך האָב אָבער קיינעם נישט דערצעהלט, איך האָב אָבער קיינמאָל נישט געלאָזען דרוקען, אַז אַ מעדעל האָט זיך אין ליידענשאַפטליכער פערשכּורונג מיר אויפגעהאַנגען אויפ'ן האַלז, אום יעדערער זאָל זיך עס דערנאָך קענען קויפען פאַר אַנדער־האַלבען גולדען! דאָס איז די גאַנצע זאַך! איך וויים, אַז עס זענען דאָ מענשען, וואָס לעבען דערפון; איך געפין עס אָבער פאַר אונאַנשטענדיג. ביז דער העלסטער שטופע. איך זאָג דיר, ביי מיר איז דאָס ערגער, ווי ווען אַ פרוי שטעלט זיך אַרוים אין טריקאָ אַלס גריכישע סטאַטוע ביי ראָנאַכער'ן. אַזאַ גריכישע סטאַטוע שוויינט דאָך וועניגסטענס! ווען אָבער אַ פּאָעט הויבט אָן אַלץ אויסצופלוידערן, דאָס שמעקט שוין נישט מיט קיין געלעכטער!

מאַרגאַרעטע (אונרוהיג). ליבסטער, דו פערגעסט אָבער, אַז דער פּאָעט זאָגט נישט שטענדיג די וואַהרהייט.

קלעמענס. נו, און ווען ער קלערט דאָס אַליין אַלץ אויס פון קאָפּ, איז'ס שוין שענער?

מאַרגאַרעטע. דאָס רופט מען נישט „אויסקלערען פון קאָפּ", דאָס הייסט „סטיליזירען".

קלעמענס. וואָס איז עס שוין ווידער פאַר אַ וואָרט!

מאַרגאַרעטע. דאָס הייסט מיר דערצעהלען אַזעלכע זאַכען, וואָס מיר האָבען גאַרנישט איבערגעלעבט, וואָס מיר האָבען געזעהען אין דער אייגענער איינבילדונג, וואָס מיר האָבען איינפאַך ערפונדען.

קלעמענס. איך בעט דיך, ליבע מאַרגאַרעטע, זאָג נישט שטענדיג „מיר". דו געהערסט שוין, אַ דאַנק גאָט, נישט צו יענער קאָמפּאַניע.

מאַרגאַרעטע. ווער ווייס!

קלעמענס. וואָס הייסט עס?

מאַרגאַרעטע (צערטליך). קלעמענס, איך מוז עס דיר זאָגען!

קלעמענס. וואָס איז?

מאַרגאַרעטע. איך געהער נאָך צו יענע! איך האָב נאָך נישט אויפגעהערט צו שרייבען.

קלעמענס. אין וועלכען זין?

מאַרגאַרעטע. דאָס איז דאָך גאַנץ איינפאַך: איך שרייב נאָך איצט אויך — אָדער, ריכטיגער, איך האָב וואָס ס'איז אָנגעשריבען. די שטרעמונג צום שרייבען איז פיל שטאַרקער, ווי מענשען קענען בעגרייפען. מיר דאַכט זיך, אַז איך וואָלט אינגאַנצען צו גרונד געגאַנגען, ווען איך וואָלט אויפגעהערט צו שרייבען.

קלעמענס. אַלזאָ, וואָס האָסטו שוין דאָרט ווידער אָנגעשריבען?

מאַרגאַרעטע. אַ ראָמאַן. צופיל האָט זיך מיר אָנגעקליבען אויפ'ן האַרצען; איך וואָלט דערמיט דערשטיקט געוואָרען. ביז היינטיגען טאָג האָב איך דיר עס נישט געזאָגט; ענדליך, אָבער, מוז איך דיר'ס אויסזאָגען. קיוניגעל איז ענטציקט דערפון.

קלעמענס. ווער איז עס דער קיוניגעל?

מאַרגאַרעטע. מיין פערלעגער.

קלעמענס. דעם ראָמאַן האָט אַלזאָ איםיצער שוין געלייענט?

מאַרגאַרעטע. יאָ. און נאָך אַ סך וועלען איהם לייענען. קלעמענס, דו וועסט שטאָלץ זיין — גלויב מיר!

קלעמענס. דו האָסט אַ טעות, ליעבעס קינד. איך געפין עס פון דיין זייט פאַר... וואָס'רע זאַכען קומען פאָר איינגענטליך אין דעם ראָמאַן?

מאַרגאַרעטע. דאָס לאָזט זיך נישט אַזוי לייכט איבערגעבען. דער ראָמאַן ענטהאַלט אין זיך, זיך אַזוי אויסדריקענדיג, דאָס מעהרסטע, וואָס עס איז דאָ צו זאָגען איבער דאָס מעהרסטע.

קלעמענס. איך בוינ מיין קאָפּ!

מאַרגאַרעטע. און דעריבער טאַקע קען איך דיר צוזאָגען, אַז מעהר וועל איך זיך שוין צו קיין פעדער נישט צורירהען. איך דאַרף דאָס שוין נישט מעהר.

קלעמענס. מאַרגאַרעטע, דו האָסט מיך ליעב, צי נישט?

מאַרגאַרעטע. ווי קענסטו עס פרעגען? דיך, נאָר דיך! וויפיל איך האָב נישט נאָכגעקוקט אין לעבען, וויפיל איך האָב נישט געזעהען אין לעבען — איבערגעלעבט האָב איך גאָרנישט. איך האָב אויף דיר געוואַרט.

קלעמענס. אַלזאָ ברענג איהם אַריין, דיין ראָמאַן.

מאַרגאַרעטע. ווי אַזוי? וואָס הייסט?

קלעמענס. נישט אָנשרייבען איהם האָסטו נישט געקענט — גוט; לייענען אָבער זאָל איהם וועניגסטענס קיינער נישט. ברענג איהם אַהער, מיר וועלען איהם אַריינוואַרפען אין פייער.

מאַרגאַרעטע. קלע!

קלעמענס. דאָס פערלאַנג איך פון דיר — דאָס דאַרף איך פערלאַנגען!

מאַרגאַרעטע. דאָס איז נישט מעגליך! דאָס איז —

קלעמענס. פאַרוואָס? אויב איך פערלאַנג עס, אויב איך ערקלער, אַז דערפון איז אָבהענגיג דאָס וויַיטערדיגע... דו פערשטעהסט מיך... ווען עס אפשר דאָך מעגליך זיין!

מאַרגאַרעטע. קלעמענס, דער ראָמאַן איז דאָך שוין געדרוקט.

קלעמענס. ווי? שוין געדרוקט?

מאַרגאַרעטע. יאָ! אין עטליכע טעג אַרום וועט מען איהם אומעטום קריגען צו קויפען.

קלעמענס. מאַרגאַרעטע — און דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרען, נישט זאָגענדיג מיר אפילו איין וואָרט...

מאַרגאַרעטע. קלעמענס, איך האָב אַנדערש נישט געקענט האַנדלען. ווען דו וועסט איהם איבערלייענען, וועסטו מיך ענטשולדיגען! נאָכמעהר: — דו וועסט שטאָלצירען מיט איהם!

קלעמענס. די זאַך, טײַערע, איז אַ סך ערנסטער, ווי דו מײַנסט!
מאַרגאַרעטע. קלעמענס!
קלעמענס. אַדיע, מאַרגאַרעטע.
מאַרגאַרעטע. קלעמענס, וואָס הײסט עס — דו געהסט אַוועק?
קלעמענס. ווי דו זעהסט.
מאַרגאַרעטע. ווען קומסטו צוריק?
קלעמענס. דאָס קען איך אין דער מינוט נאָך נישט זאָגען. אַדיע.
מאַרגאַרעטע. קלעמענס! (ווילל איהם פערהאַלטען).
קלעמענס. לאָז מיך. (געהט אַוועק).
מאַרגאַרעטע (אַלײן). קלעמענס! וואָס בעדײַטעט עס? ער פערלאָזט מיך? וואָס זאָל איך איצט טאָן? — קלעמענס! זאָל טאַקע אַלץ געענדיגט זײַן? נײַן, דאָס איז נישט מעגליך! קלעמענס! — איך מוז איהם דעריאָגען! (זי זוכט איהר הוט — מ'קלינגט). אַח! ער האָט זיך אומגעקעהרט! ער האָט מיך נאָר געוואָלט אָבשרעקען. — אָה, מײַן קלע־מענס! (צום טהיר).
זשילבערט (געהט אַרײַן. צו דעם שטוב־מעדעל, וואָס האָט איהם געעפענט די טהיר). איך האָב דאָך אײַך געזאָגט, אז די גנעדיגע מאַדאַם איז אין שטוב. — גוט מאָרגען, מאַרגאַרעטע.
מאַרגאַרעטע (צוטומעלט). איהר זײַט עס?
זשילבערט. איך בין עס — איך, אַמאַנדוס זשילבערט.
מאַרגאַרעטע. איך בין אַזוי ערשטױנט.
זשילבערט. דאָס זעה איך. ס'איז אָבער נישטאָ פון וואָס ערשטוינט צו ווערען. איך געפין זיך דאָ נאָר דורכ־פאָהרענדיג; איך פאָהר אין איטאַליען. און אײגענטליך בין איך געקומען איצט צו דיר נאָר, אום דיר, צום אנדענקען פון אונזער אַלטער חבר'שאַפט, מײַן לעצטעס ווערק צו ברענגען. (גיט איהר איבער דאָס בוך. אַזוי ווי זי נעמט עס נישט גלײַך צו, לעגט ער עס אַוועק אויפ'ן טיש).
מאַרגאַרעטע. איהר זײַט זעהר ליבענסווירדיג, איך דאַנק אײַך.

זשילבערט. ביטע, דו האָסט אַ געוויסעם רעכט אויף דעם בוך. — אַלזאָ דאָ וואָהנסט דו.

מאַרגאַרעטע. יאָ, אָבער...

זשילבערט. דאָס איז נאָר די איבערגאַנגס-צייט, איך ווייס. פאַר אַ מעבלירטעם צימער איז עס גאַנץ געגוג. נאָר אָט די פאַמיליען-פּאָרטרעטען אויף די ווענט קענען מיך משוגע מאַכען.

מאַרגאַרעטע. מיין הויזווירטין איז אַן'אַלמנה פון אַ גענעראַל.

זשילבערט. דו דאַרפסט זיך נישט פערענטפערן.

מאַרגאַרעטע. פערענטפערן? מיר איז עס גאָרנישט איינגעפאַלען.

זשילבערט. ס'איז וואונדערבאַר, איצט וועגען דעם צו קלערען...

מאַרגאַרעטע. וועגען וואָס קלערט איהר?

זשילבערט. פאַרוואָס זאָל איך עס נישט זאָגען? וועגען דאָס קליינע צימערל אין דער שטיינדראָרפער גאַס, מיט דעם באַלקאָן, פון וועלכען ס'האָט זיך געזעהען דער גאַנצער טייך איזאַר. דו געדענקסט, מאַרגאַרעטע?

מאַרגאַרעטע. אפשר זאָלען מיר בעסער בלייבען ביי'ם „איהר"?

זשילבערט. ווי דו ווילסט... ווי איהר ווילט, מאַר-גאַרעטע. (פויזע. פלוצלונג.) איהר האָט זעהר נישט אַנשטענ-דיג געהאַנדעלט, מאַרגאַרעטע.

מאַרגאַרעטע. וואָס?!

זשילבערט. איהר ווילט, איך זאָל זיך נישט אויס-דריקען אַזוי פראָסט? צום בעדויערן, געפין איך נישט קיין אַנדער וואָרט.— און דאָס איז געווען אינגאַנצען איבריג, מאַרגאַרעטע. מיט דער עהרליכקייט וואָלט איהר אויך דאָס זעלבע ערדייכט, ס'איז גאָרנישט נעטיג געווען זיך אַרוים צוגנב'נען פון מינכען, ביינאַכט, אינ'ם נעבעל און...

מאַרגאַרעטע. ס'איז געווען נישט ביינאַכט און נישט אינ'ם נעבעל. איך בין אָבגעפאָהרען פון מינכען מיט'ן שנעל-צוג האַלב ניין אין דער פריה, ביי'ם העלען זונענשיין.

זשילבערט. יעדענפאלס, האט מען זיך געקענט געזעגנען פריהער, נישט אמת? (זעצט זיך).

מארגארעטע. דער באראן קען יעדע מינוט אנקומען.

זשילבערט. איז וואס? איהר האט איהם געוויס נישט דערצעהלט, אז איהר זייט אמאל אין מיינע ארעמס געלעגען און מיך פערגעטערט. פאר איהם בין איך איינפאך אייערער א גוטער בעקאנטער פון מינכען. און א גוטער בעקאנטער מעג דאך ארײנקומען צו אייך?

מארגארעטע. יעדער אנדערער יא, איהר — נישט!

זשילבערט. פארוואס? איהר פערשטעהט מיך נאך אלץ נישט גוט. איך בין ווירקליך געקומען צו אייך, נאר אלס גוטער בעקאנטער. אלעס אנדערעס, וואס איז צווישען אונז געווען, איז שוין אריבער, לאנג אריבער... אט, איהר וועט אליין זעהען. (ווײַזט אן אויף זײַן בוך).

מארגארעטע. וואס איז דאס אזעלכעס?

זשילבערט. מיין נייסטער ראמאן.

מארגארעטע. איהר שרייבט ראמאנען?

זשילבערט. איך שרייב.

מארגארעטע. פון ווען אן זייט איהר עס א ראמאניסט געווארען?

זשילבערט. וואס מיינט איהר דערמיט?

מארגארעטע. אח גאט מיינער, איך געדענק, אז אייער אייגענטליכער געביט איז געווען נאר די קליינע סקיצע, בעטראכטונגען פונ'ם אלטעגליכען לעבען...

זשילבערט. (אויפגערעגט). מיין געביט? ... מיין געביט איז די וועלט! איך שרייב, וואס מיר ווילט זיך! איך לאז מיך נישט בעגרענעצען. איך ווייס נישט, וואס עס זאל מיך אבהאלטען פון א ראמאן צו שרייבען!

מארגארעטע. נו, די מיינונג פון די אויטאריטעטע קריטיקער איז דאך געווען...

זשילבערט. ווער זענען עס די אויטאריטעטע קריטיקער?

מארגארעטע. איך געדענק, צום בײַשפיל, נײַמאן'ס פעליעטאן אין דער אלגעמיינער...

זשילבערט (שטורמדיג). ניימאַן איז אַ אידיאָט! איך האָב איהם געפּאַטשט!

מאַרגאַרעטע. איהר האָט איהם... ?

זשילבערט. אינערליך האָב איך איהם געפּאַטשט! דו ביזט דאַמאָלס צוקאָלט געווען פאַר דעם פּעליעטאָן ניסט ווענינער פון מיר. מיר זענען ביידע פאָלשטענדיג איינשטימיג געווען אין דעם, אַז ניימאַן איז אַ אידיאָט. „ווי וואַגט עס אַזאַ ניסט..." דאָס זענען געווען דיינע ווערטער. „דיר גרענעצען צויעקצושטעלען! ווי וואַגט ער עס, דיין ווערק נאָך, זיך אַזוי אויסדריקענדיג, אים מוטער'ס לייב צו דער־שטיקען"? דו אַליין האָסט עס געזאָגט! און היינט ברענגסטו מיר אַ בעווייז פון דעם ליטעראַטור־שנאָרער!

מאַרגאַרעטע. איך בעט אייך, שרייט ניסט אַזוי, מיין הויזווירטין –

זשילבערט. דאָס איז ניסט מיין פּפליכט, זיך צו קימערן וועגען אַלמנות פון גענערעלער, ווען מיינע נערוועז צושפּילען זיך.

מאַרגאַרעטע. יאָ, וואָס אַזוינס האָב איך דאָ געזאָגט? איך פערשטעה ניסט, וואָס איהר האָט דאָ געהאַט זיך צו בעליידיגען.

זשילבערט. בעליידיגען? דו רופסט עס בעליידיגונג? דו? דו, וואָס איין שלעכטעס וואָרט וועגען דיר פון וועלכען ס'איז גאָרניסט אין דער נידריגסטער גאַסענבלעטיל פלעגט דיך אויפטרייסלען און קראַנק מאַכען?

מאַרגאַרעטע. איך געדענק ניסט, איבער מיר זאָל ווען ס'איז אַ שלעכטעס וואָרט געדרוקט זיין!

זשילבערט. אַזוי? איבריגענס, דו ביזט אפשר גערעכט. גענען שענע פרויען איז מען שטענדיג העפליך.

מאַרגאַרעטע. העפליך? פון העפליכקייט־וועגען האָט מען מיינע לידער געלויבט? און דיין אייגענע מיינונג... ?

זשילבערט. מיין מיינונג? איך דאַרף איהר ניסט צוריקנעמען; איך ערלויב זיך נאָר צו בעמערקען, אַז די עטליכע שענע לידער דיינע האָסטו אויפגעשריבען אין דער צייט, ווען מיר זענען צוזאַמען געווען.

מאַרגאַרעטע. און דו רעכענסט זיי זיך צו?

זשיִלבּערט. וואָלסטוּ זיִי דען אָנגעשריִבּען, ווען איִך וואָלט ניִשט זיַין? זענען זיִי ניִשט צוּ מיִר געווענדעט?

מאַרגאַרעטע. ניַין!

זשיִלבּערט. וויִ? ניִשט צוּ מיִר? דאָס איִז אוּנגעהויער!

מאַרגאַרעטע. ניַין, זיִי זענען ניִשט צוּ דיִר געווענדעט!

זשיִלבּערט. איִך בּיִן איִבּעררַאשט! זאָל איִך דיִך אפשר דערמאָנען דיִ אוּמשטענדען, בּיַי וועלכע דיַינע שענסטע פּערזען זענען בּעשאַפען געוואָרען?

מאַרגאַרעטע. מיַינע ליִדער זענען געווענדעט געוועזען צוּ אַ איִדעאַל...

זשיִלבּערט. (וויַיזט אָן אויף זיִך).

מאַרגאַרעטע. — וועמעס אָרט אויף דר׳ערד דוּ האָסט צוּפעליִג פּערטרעטען.

זשיִלבּערט. האַ! אויסגעצייִכענט! פוּן וואַנען האָסטוּ דאָס גענוּמען? דוּ ווייסט, וויִ דער פראַנצויז דריִקט זיִך אוים אין אַזעלכע פעלן? „C'est de la Litterature!“[1]

מאַרגאַרעטע (איִהם נאָכמאַכענדיִג). „Ce nest pas de[2] la Litterature“ דאָס איִז ריִכטיִג, פאָלשטענדיִג ריִכטיִג! אָבּער גלויבּסטוּ טאַקע ערנסט, אַז מיִט דעם שלאַנקען יוּנגליִנג איִן מיַינע ליִדער האָבּ איִך געמיַינט דיִך? אַז איִך האָבּ דיַינע לאָקען בּעזוּנגען? — דוּ בּיִזט שוין דאַמאָלס דיִך געווען — אוּן דאָס זענען דאָך קיינמאָל קיין לאָקען ניִשט געוועזען! (פיִהרט דוּרך איִהר האַנד איִבּער זיַינע האָר).

זשיִלבּערט (חאַפּט אָן בּיַי דער געלעגענהייט איִהר האַנד אוּן קוּשט זיִ).

מאַרגאַרעטע (וויַיטער). וואָס איִז עס דיִר פּלוּצליִנג איַינגעפאַלען!

זשיִלבּערט. דעמאָלט האָסטוּ זיִי פאַר לאָקען געהאַלטען. אָדער דוּ האָסט זיִי וועניִגסטענס אַזוי אָנגערוּפען. נוּ, יאָ, וואָס טוּט מען ניִשט צוּליִבּ אַ גראַם, צוּליִבּ דעם, דער פערז זאָל שענער קליִנגען! האָבּ איִך דען דיִך ניִשט

---

[1] דאָס איִז ליִטעראַטוּר.

[2] דאָס איִז ניִשט קיין ליִטעראַטוּר.

אָנגערופֿען אין איינעם פֿון מײַנע סאָנעטען „מײַן קלוגעס מעדעלע״? דערבײַ ביזטו געוועזען נישט... נישט... אָבער ניין, איך וויל נישט אונגערעכט זײַן — קלוג ביזטו יאָ געוועזען, אונפֿערשעמט קלוג, עקעלהאַפֿטיג קלוג! דאָס איז דיר געלונגען! איבריגענס: וואונדערן זיך דאַרף מען נישט; דו ביזט שטענדיג געוועזען אָנגעשטעקט מיט סנאָביזם *). נו, און איצט האָסטו אַ דאַנק גאָט, דײַנם אויסגעפֿיהרט. דו האָסט איהם אַרײַנגעכאַפּט, דײַן אַריסטאָקראַטישען יונגעל מיט די אָבגעטאָקטע הענדטלעך און נישט געשליפֿענעם מאַרך, דעם אויסגעצייכענטען רײַטער, פֿעכטער, שיסער, טעניס־שפּילער, הערצענס־בעזיגער, — מאַרליט אַלײַן וואָלט אויך נישט געקענט ערפֿינדען קיין מעהר עקעלהאַפֿטען העלד. יאָ, וואָס ווילסטו נאָך? צי דאָס וועט דיך צופֿרידען שטעלען אויף לאַנג, דיך, וואָס דו האָסט שוין עפּעס העכערעס פֿערזוכט, דאָס איז אמת אַן אַנדער פֿראַגע. איך קען דיר נאָר דאָס זאָגען: פֿאַר מיר, אין מײַנע אויגען ביזטו אַ געפֿאַלענע ליבעס־געטין.

מאַרגאַרעטע. דאָס איז דיר אויפֿ'ן באַהן אײַנגעפֿאַלען.

זשילבערט. אָט נאָר וואָס איז עס מיר אײַנגעפֿאַלען, אין דער מינוט!

מאַרגאַרעטע. שרײַב עס זיך אויף, דאָס איז אַ גוט וואָרט.

זשילבערט. איך האָב פֿאַר דיר נאָך איינס: פֿריהער ביזטו געוועזען פֿרוי, היינט ביזטו נקבה. יאָ, דאָס ביזטו! וואָס דען האָט דיך געטריבען אין די אָרעמס פֿון אַזאַ סאָרט מענשען? מעהר נישט ווי די תאוה, די געוועהנליכע טהיערישע תאוה!

מאַרגאַרעטע. איך בעט דיך, דו האָסט אַ גרונד צו--!

זשילבערט. קינד מײַנס, איך האָב דאָך אָבער צו יעדער צײַט אויסער דעם אויך אַ נשמה געהאַט.

מאַרגאַרעטע. אַמאָל, אַלס אויסנאַהם —

זשילבערט. זוך בעסער נישט איצט, אונזערע בעציהונגען נידריג צו שטעלען — דאָס וועט זיך דיר נישט.

---

*) קלײנקעפּעלדיגקײט, נאַרעשע גאוה.

אײַנגעבען. װי דו זאָלסט זיך נישט דרעהען, בלײַבט עס פאָרט דאָס שענסטע, װאָס דו האָסט איבערגעלעבט.

מאַרגאַרעטע. גאָט מײַנער! װען איך בערעכען איצט, אַז איך האָב אָט די — — — —

איבערגעטראָגען אַ גאַנץ יאָהר.

זשילבערט. איבערגעטראָגען? איבערגעטראָגען? דו האָסט זיך פערשכור׳ט דערמיט! זײַ נישט אונדאַנקבאַר — איך בין עס אויך נישט. װי נידריג דו האָסט זיך נישט בענומען אַם ענדע, מיר קען עס נישט ביטער מאַכען מײַנע ערינערונגען. איך װעל נאָך מעהר זאָגען: דאָס האָט אויך געהערט דערצו.

מאַרגאַרעטע. װאָס נאָך װעסטו זאָגען?

זשילבערט. ריכטיג טאַקע — די ערקלערונג בין איך דיר נאָך שולדיג; הער! גראַדע אין דער צײַט, װען דו האָסט אָנגעהױבען זיך אָבצוקעהרען פון מיר, װען דו האָסט אָנגעהױבען אַזױ שטאַרק צו בענקען נאָך דער פערד-שטאַל la nastalgie de l'ècurie, גראַדע דאַמאָלס בין איך שוין אינערליך געװען װײַט פון דיר.

מאַרגאַרעטע. ס׳קען נישט זײַן!

זשילבערט. ס׳איז זעהר כאַראַקטעריסטיש, װאָס דו האָסט קײַן זאַך נישט בעמערקט. — איך בין שוין געװען דאַן װײַט פון דיר, יאָ! איך האָב דיך שוין אײַנפאַך נישט געדאַרפט מעהר. װאָס דו האָסט מיר געקענט געבען, האָסטו מיר געגעבען — דײַן אַרבײַט איז געענדיגט געװען. דו האָסט געװאוסט טיף אין האַרצען — דו האָסט געװאוסט אונבעװאוסטערהײַד ...

מאַרגאַרעטע. איך בעט דיך, שפּיל נישט אַזױ!

זשילבערט (זיך נישט פערלירענדיג). — אַז דײַן צײַט איז אַריבער. די בעציהונג צװישען אונז האָט איהר צװעק ערפילט, און איך האָב קײַן חרטה נישט אויף דעם, װאָס איך האָב דיך געליבט.

מאַרגאַרעטע. איך אָבער!

זשילבערט. אויסגעצײכענט! אין דער קלײנער בעמערקונג איז פאַר דעם מענשענקענער אויסגעדריקט דער טיפער, גרינדליכער אונטערשיד צװישען דעם אמת׳ן

קינסטלער און דעם געמאַלטען. פאַר דיר, מאַרגאַרעטע, איז אונזער בעציהונג ביי היינטיגען טאָג נישט מעהר ווי א ערינערונג פון עטליכע פערשכור'ט־ווילדע נעכט, פון עטליכע הערצליכע שמועס'ן, אין אָבענד, אין די אַלעען פון דעם ענגלישען פאַרק, און איך האָב פון דער ליעבע א קונסט־ווערק בעשאַפען.

מאַרגאַרעטע. איך אויך!

זשילבערט. ווי־אַזוי? ווי מיינסטו עס?

מאַרגאַרעטע. אַזוי ווי דיר איז איינגעפאַלען דאָס צו טאָן, איז עס מיר אויך איינגעפאַלען! איך האָב אויך געשריבען אַ ראָמאַן, אין וועלכען עס זענען געשילדערט אונזערע אַמאָליגע בעציהונגען, איך האָב אויך פעראייביגט אונזער אַמאָליגע ליעבע — אָדער דאָס, וואָס מיר רופען אָן אַזוי —

זשילבערט. פון אייביגקייט וואָלט איך אויף דיין אָרט נאָך נישט גערעדט, איידער ס'איז אַרויס פון איהם א צווייטע אויפלאַגע.

מאַרגאַרעטע. ס'איז נאָך פון דעסטוועגען אַ גרויסער אונטערשיד פון מיין אָנשרייבען אַ ראָמאַן ביז דיינעם.

זשילבערט. דאָס איז ריכטיג.

מאַרגאַרעטע. וואָרום דו ביזט אַ פרייער מענש, דו דאַרפסט נישט אָבגנב'נען די פאָר שעה, אין וועלכע דו ווילסט קינסטלער זיין, און דו שטעלסט נישט אין קאָן דיין צוקונפט.

זשילבערט. און דו?

מאַרגאַרעטע. איך האָב'ס געטאָן! מיט אַ האַלבע שעה צוריק איז קלעמענס אַוועק פון מיר, ווייל איך האָב איהם מודה געווען, אַז איך האָב אָנגעשריבען אַ ראָמאַן.

זשילבערט. אַוועק פון דיר? אויף שטענדיג?

מאַרגאַרעטע. איך ווייס נישט. ס'קען דאָס אויך זיין. ער איז אַוועק אין כעס. איהם איז שווער צו פערשטעהן. איך קען גאָרנישט פאָראויסזעהן, וואָס ער וועט בעשליסען וועגען מיר.

זשילבערט. אַזוי! ער פערבאָט דיך, הייסט עס, צו שרייבען! ער קען נישט פערטראָגען, זיין געליבטע זאָל

אויף וויפיל ס'איז אויסנוצען איהרע גייסטיגע פעהיגקייטען!
זעהר גוט! און דאס איז עס דער צירונג פון פאלק! אזוי—
יא! און דו, דו שעמסט דיך נישט צו פיהלען אין די ארעמס
פון אזא אידיאט דאס זעלבע, וואס דו האסט אמאל...

מארגארעטע. איך פערבאט דיר צו רעדען ווע-
גען איהם אין אזא טאן! דו פערשטעהסט איהם נישט!

זשילבערט. אהא!

מארגארעטע. יא, דו ווייסט נישט, פארוואס ער וויל נישט, איך זאל שרייבען! דאס איז נאר אוים ליעבע צו מיר! ער פיהלט, אז איך לעב דאן אין אזא וועלט, וואס איז פאר איהם פערשלאסען; ער שעמט זיך דערמיט, וואס איך ענטדעק די טיעפסטע געהיימניסע פון מיין נשמה פאר א פראסטער מאסע; ער וויל איך זאל געהערן צו איהם אליין, איינגאנצען זאל איך צו איהם אליין געהערן; און דעריבער איז ער ענטלאפען... ניין, ער איז נישט ענטלאפען, אזעלכע מענשען ווי קלעמענ'ס אנטלויפען נישט...

זשילבערט. גוט דורכגענומען. ער איז אבער פארט ענטלאפען. וועגען דעם: ווי ער איז געלאפען, וועלן מיר זיך נישט שפארען. און ענטלאפען איז ער דערפאר, וואס ער קען נישט ליידען, אז דו זאלסט שאפען און דענקען.

מארגארעטע. אח, ווען ער וואלט נאך דאס אויך פערשטאנען! נאר דאס, ווייזט אוים, קען נישט זיין. איך האב דאך געקענט זיין די בעסטע, די עדעלסטע פרוי אין דער וועלט, ווען עס וואלט זיך נאר געפונען דער רעכטער מאן!

זשילבערט. יעדענפאלס דריקסטו דערמיט אוים, אז ער איז נאך אויך נישט דער רעכטער.

מארגארעטע. דאס האב איך נישט געזאגט!

זשילבערט. פארוואס זאלסטו נישט פערשטעהן, אז ער פערקנעכטעט דיך איינפאך, אז צוליב זיין עגאאיזם וויל ער דיין אייגענעם „איך" פערניכטען, אז צוליב איהם וועסטו אינגאנצען צו גרונד געהן! דערמאהן זיך אן דער מארגא-רעטע, וואס דו ביזט אמאל געוועזען! דערמאהן זיך אן דער פרייהייט, אין וועלכער דו האסט מיך געליבט... דערמאהן זיך אן די רייכע פערזענליכקייטען, אין וועמעס געזעלשאפט

דוּ פֿלעֶגסט דאַמאָלס פֿעֶרבּרעֶנגעֶן; דעֶרמאָהן זיך אָן דעֶם יוּנגוואַרג, וואָס פֿלעֶגעֶן זיך צוּזאַמעֶנקלײַבּעֶן אַרוּם מיר און האָבּעֶן דיך אויך ליבּ געֶהאַט. בּעֶנקסטוּ דעֶן נישט צײַטעֶנווײַז נאָך יעֶנעֶר צײַט? קלעֶהרסטוּ גאָר נישט קײנמאָל וועֶגעֶן דעֶם קלײנעֶם צימעֶר׳ל מיט׳ן בּאַלקאָן, אוּנטעֶר וועֶלכן עֶס האָט געֶרוישט דעֶר איזאַר — (עֶר האָט אָנגעֶכאַפּט איהרעֶ העֶנד און ציהט איהר צוּ צוּ זיך).

מאַרגאַרעֶטעֶ. אָה, גאָט!

זשילבּעֶרט. עֶס קעֶן ווידעֶר אַזוֹי וועֶרעֶן; אוֹיבּ נישט דעֶר איזאַר, קעֶן זײַן אַנ׳אַנדעֶר טײַך. — איך וויל דיר עֶפּעֶס פֿאָרלײגעֶן, מאַרגאַרעֶטין זאָג איהם, ווען עֶר וועֶט ווידעֶר קוּמעֶן, אַז דוּ האָסט נאָך אין מינבעֶן עֶפּעֶס זעֶהר אַ נעֶטהיגעֶ זאַך צוּ בּעֶזאָרגעֶן, און פֿעֶרבּרעֶנג די פּאָר טעֶג מיט מיר. מאַרגאַרעֶטעֶ, דוּ בּיזט דאָך אַזוֹי שעֶן! מיר וועֶלן ווידעֶר גליקליך זײַן, מאַרגאַרעֶטעֶ, ווי אַמאָל! דוּ געֶדעֶנקסט? (גאַנץ נאָהנט פֿוּן איהר). „אין לײַדעֶנשאַפֿטליכעֶר פֿעֶרשכּוֹר׳וּנג האָבּ איך אַרוּמגעֶנוּמעֶן דײַן האַלז און...״

מאַרגאַרעֶטעֶ (שנעֶל זיך אַרויסרײַסעֶנדיג פֿוּן איהם) - אַוועֶק! לאָז מיך! נײן, נײן! אַוועֶק פֿוּן מיר, זאָג איך דיר: איך ליעבּ דיך נישט מעֶהר!

זשילבּעֶרט. אָה! המ... אַזוֹי? נוּ, אוֹיבּ אַזוֹי בּעֶט איך עֶנטשוּלדיגוּנג. (פּויזעֶ). אַדיעֶ, מאַרגאַרעֶטעֶ, אַדיעֶ.

מאַרגאַרעֶטעֶ. אַדיעֶ.

זשילבּעֶרט. אַדיעֶ. (זיך נאָך אַמאָל אוּמקעֶהרעֶנדיג). ווילסטוּ ווענינגסטעֶנס מיר נישט געֶבּעֶן צוּם אַבּשיעד דײַן ראָמאַן, ווי איך האָבּ דיר געֶגעֶבּעֶן מײַנעֶם?

מאַרגאַרעֶטעֶ. עֶר איז נאָך נישט אַרוֹיס. עֶרשט די אַנדעֶרעֶ וואָך וועֶט מעֶן איהם קריגעֶן.

זשילבּעֶרט. איז מיר נישט עֶרלויבּט צוּ פֿרעֶגעֶן: וואָס איז עֶס פֿאַר אַ סאָרט ראָמאַן?

מאַרגאַרעֶטעֶ. דאָס איז דעֶר ראָמאַן פֿוּן מײַן לעֶבּעֶן. ס׳פֿעֶרשטעֶהט זיך אַזוֹי פֿעֶרשטעֶלט, אַז מיך קעֶן מעֶן דאָרט נישט דעֶרקעֶנעֶן.

זשילבּעֶרט. אַזוֹי? ווי האָסטוּ דאָס געֶמאַכט?

מאַרגאַרעטע. גאַנץ אײַנפאַך. אַלערערשטענס איז די העלדין דאָרט נישט קײן דיכטערין, נאָר אַ מאַלערין —

זשילבערט. דאָס איז אַ אײַנפאַל.

מאַרגאַרעטע. איהר ערשטער מאַן איז נישט קײן וואָל־פאַבריקאַנט, נאָר אַ גרויסער שפּעקולאַנט — און זי ווערט איהם אונטרײַ נישט מיט קײן טענאָר...

זשילבערט. חאַ־חאַ־חאַ!

מאַרגאַרעטע. וואָס לאַכסטו?

זשילבערט. דו ביזט איהם, הײסט עס, אונטרײַ געוואָרען מיט אַ טענאָר? דאָס האָב איך גאָר נישט געוואוסט.

מאַרגאַרעטע. איך האָב עס דען געזאָגט?

זשילבערט. אָט נאָר וואָס האָסטו עס מיר דערצעהלט.

מאַרגאַרעטע. ווי אַזוי? — איך זאָג נאָר, אַז די העלדין פון מײַן ראָמאַן ווערט אונטרײַ דעם מאַן מיט אַ באַריטאָן.

זשילבערט. מיט אַ באַס וואָלט געווען גרויסאַרטיגער, און מיט אַ מעצאָ־סאָפּראַן (—) שאַרפער.

מאַרגאַרעטע. נו, און דערנאָך פאָהרט זי נישט קײן מינכען, נאָר קײן דרעזדען, און דאָרט פערפיהרט זי אַ ראָמאַן מיט אַ בילד־שניצער.

זשילבערט. דער הײסט עס, בין איך... פערשלײערט?

מאַרגאַרעטע. זעהר פערשלײערט. דער בילד־שניצער איז נעמליך יונג, שען און אַ געניע. און נישט קוקענדיג אויף דעם יואַרפט זי איהם אַוועק.

זשילבערט. צוליעב...?

מאַרגאַרעטע. טרעף!

זשילבערט. געוויס צוליעב אַ פערדטרײַבער?

מאַרגאַרעטע. בהמה!

זשילבערט. צוליעב אַ גראַף? — צוליעב אַ פּירעץ?

מאַרגאַרעטע. נײן, ער איז אַן ערצהערצאָג!

זשילבערט (פערנײגט זיך.) דו האָסט ווירקליך נישט געקאַרגט.

מאַרגאַרעטע. יאָ, אַן ערצהערצאָג, וואָס אויס ליעבע צו איהר פערלאָזט ער דעם הויף, האָט חתונה מיט

איהר און בעזעצט זיך צוזאַמען מיט איהר אויף די קאַנאַרישע אינזלען.

זשילבערט. קאַנאַרישע אינזלען — זעהר שען! און דערנאָך —?

מאַרגאַרעטע. זיי קומען אָן אין...

זשילבערט. קאַנאַריען...

מאַרגאַרעטע. און דער ראָמאַן איז געענדיגט.

זשילבערט. אַזוי, זעהר אַנציהענד, — בעזונדער די פערשליירונגען.

מאַרגאַרעטע. דו אַליין וואָלסט מיך נישט דער-קענט, ווען —

זשילבערט. ווען וואָס —?

מאַרגאַרעטע. ווען אין'ם פּאָרלעצטען קאַפּיטעל וואָלט זיך נישט געפונען אונזער גאַנצע קאָררעספּאָנדענץ!

זשילבערט. וואָס?!

מאַרגאַרעטע. יאָ — איך האָב אַריינגענומען אין דעם ראָמאַן אַלע בריעף, וואָס דו האָסט מיר געשריבען און איך דיר.

זשילבערט. ענטשולדיג פאַר דער פראַגע — פון וואַנען האָסטו גענומען די בריעף, וואָס דו האָסט מיר גע-שריבען? די בריעף זענען דאָך ביי מיר!

מאַרגאַרעטע. מיינע בריעף פלעג איך זיך שטענדיג צוזאַמענשטעלען פריהער אויף אַ שטיקעל פּאַפּיער.

זשילבערט. ווי? צוזאַמענשטעלען פריהער?

מאַרגאַרעטע. יאָ.

זשילבערט. צוזאַמענגעשטעלט און איבערגעשריבען דערנאָך די בריעף צו מיר, וואָס האָבען אויסגעזעהען, ווי געשריבען מיט אַ ציטערנדער האַנד פון שנעלקייט! „נאָך איין וואָרט, טייערינקער, עהדער איך געה שלאָפען, די אויגען קלעפען זיך מיר..." און דאַמאָלס, ווען די אויגען האָבען זיך דיר געקלעפּט, האָסטו עס איבערגעשריבען אויף ריין?!

מאַרגאַרעטע. נו איז וואָס? דו געפינסט זיך אפשר בעליידיגט דערפון?

זשילבערט. פאַרוואָס האָב איך עס גלייך נישט

בעמערקט ! ס'איז נאָך גוט, וואָס זיי זענען נישט נאָכ־געשריבען פון אַ בריפענשטעלער פאַר געליעבטע. אָה, גאָט מיינער, אַלץ צופאַלט ! פון דער גאַנצער פערגאַנגענהייט ווערט אַ באַרג מיסט !... זי האָט זיך איהרע בריף פריהער צוזאַמענגעשטעלט !

מאַרגאַרעטע. נאָך אַלעמען דאַרפסטו נאָך אַלץ צו־פרידען זיין. ווער ווייס, אויב מיינע בריעף צו דיר ווע͏לן נישט זיין דאָס איינציגע, וואָס דו וועסט לאָזען נאָך זיך.

זשילבערט. און דערצו נאָך איז דאָ אַרויסגעקומען זעהר אַ מאוסע מעשה.

מאַרגאַרעטע. וואָס איז ?

זשילבערט (אויף זיין בוך אָנווייזענדיג). דאָ זענען זיי אויך דאָ.

מאַרגאַרעטע. וואָס ?! וואו ?

זשילבערט. אין מיין ראָמאַן.

מאַרגאַרעטע. וואָס איז דאָ אין דיין ראָמאַן ?

זשילבערט. אונזערע בריף — דיינע און מיינע.

מאַרגאַרעטע. פון וואַנען האָסטו דיינע בריף גענו־מען ? זיי זענען דאָך ביי מיר ! — אַה, זעהסטו, דו האָסט זיי זיך אויך פריהער צוזאַמענגעשטעלט.

זשילבערט. אָה ניין, איך פלעג זיך נאָר לאָזען פון זיי קאָפּיעס, איידער איך פלעג זיי דיר אָוועקשיקען. איך האָב נישט געוואָלט זיי זאָלען פערלאָרען געהן. עס זענען דאָ צווישען זיי עטליכע, וואָס דו האָסט זיי זאָגאַר גאָרנישט געקריגען, וואָס זענען צו שפּעט געווען פאַר דיר, וואָס דו וואָלסט זיי גאָרנישט פערשטאַנען.

מאַרגאַרעטע. אַח, גאָט מיינער, אויב עס איז ריכטיג אַזוי ... (בלעטערנדיג גילבערט'ס בוך). יאָ, עס איז אַזוי ! דאָס איז דאָך גאַנץ דאָס זעלבע, ווי ווען מיר וואָלטען דערצעהלט דער גאַנצער וועלט, אַז מיר ביידע ... אח גאָט מיינער ... (אויפגערעגט בלעטערנדיג). דו האָסט אפשר אריינגענומען דאָ אויך יענעם בריף, וואָס דו האָסט מיר געשריבען אויף צו מאָרגענס נאָך דער ערשטער נאַכט ...

זשילבערט. נו געוועהנליך ; דער בריף איז דאָך געווען אַזוי גלענצענד אויפגעשריבען.

מאַרגאַרעטע. דאָס איז דאָך אָבער שרעקליך! עס וועט דאָך ווערן דערפון אַן'אייראָפּייאישער סקאַנדאַל! און קלעמענס! וואָס וועט ער זאָגען? אַח, גאָט מיינער! איך הויב שין אָן זיך צו ווינשען, ער זאָל נישט קומען מעהר, איך בין אַ פערלאָרענע! און דו צוזאַמען מיט מיר! וואו דו זאָלסט נישט זיין, וועט ער דיך אַלץ געפינען, און וועט דיך דערשיסען ווי אַ משוגענעם הונד!

זשילבערט. (בעהאַלט זיין בוך). ס'אַרא נאַרעשער פערגלייך.

מאַרגאַרעטע. ווי האָט'ס דיר געקענט איינפאַלען אַזאַ נאַרעשער געדאַנק! אָבצודרוקען די בריף פון אַ פרוי, וועלכער דו האָסט כלומרש'ט געליעבט... מ'זעהט דאָך גלייך, אַז דו ביזט נישט קיין מענש!

זשילבערט. מיר געפעלט עס אָבער זעהר! האָסטו דען אויך נישט דאָס זעלבע געטאָן?

מאַרגאַרעטע. איך בין אַ פרוי.

זשילבערט. נו יאָ, איצט פערענטפערכטו זיך דערמיט!

מאַרגאַרעטע. דו ביזט גערעכט, איך האָב דיר נישט וואָס אויפצוואַרפען. מיר זענען זיך ווערט איינע די אַנדערע. יאָ, קלעמענס איז גערעכט. מיר זענען ערגער פון יענע פרויען, וואָס שטעלען זיך אַרויס אין טריקאָ ביי ראָנאַ-בער'ין. אונזערע געהיימסטע פרעהליכקייטען, אונזערע שמערצען, אַלץ, אַלץ שטעלען מיר אַרויס! פפוי! פוי! איך הויב אָן זיך אַליין מאוס צו ווערען! מיר ביידע זענען אַ גלייכע פּאָר. קלעמענס וועט גערעכט זיין, אויב ער וועט מיך אַוועקטרייבען. (פלוצלונג). קום, אַמאַנדוס!

זשילבערט. וואָס ווילסטו?

מאַרגאַרעטע. איך נעהם אָן דיין פאָרשלאַג...

זשילבערט. וואָס'רא פאָרשלאַג?

מאַרגאַרעטע. איך ענטלויף מיט דיר! (זי זוכט דעם הוט און דעם מאַנטעל).

זשילבערט. וואָס איז דיר איינגעפאַלען? וואָס טהוסטו?

מאַרגאַרעטע (זעהר אויפגערעגט, שפּיליעט זיך צו דעם

הוט). עס קען ווידער אזוי ווערען ווי אמאל, דו האסט עס אליין געזאגט: אויב נישט דער איזאר, קען זיין אנ'אנדערער טייך, — נו, איך בין בערייט!

זשילבערט. דו ביזט משוגע! וואס איז'ס פאר א לויפען — וואו, צו וואס? האסטו דען נישט געזאגט אליין, אז ער וועט מיך אומעטום וויסען צו געפינען? אויב דו וועסט ביי מיר זיין, וועט ער דיך אויך געפינען. עס וואלט געווען א סך קליגער, ווען יעדערער פון אונז... פאר זיך... בעזונדער...

מארגארעטע. עלענדער הונד, איצט ווילסטו מיך לאזען אין קלעם? און מיט עטליכע מינוטען פריהער ביזטו פאר מיר אויף די קניע געלעגען? שעמסטו זיך גארנישט?

זשילבערט. פארוואס? איך בין א מענש א קראנקער, א נערוועזישער... איך בין אונטערגעווארפען מאמענטאלע שטימונגען...

מארגארעטע (כיים פענסטער, שרייט.) זשילבערט, וואס טוט זיך מיט דיר? וואס וועט אויף דיר זאגען די גענעראלשע?

מארגארעטע. ער איז עס! ער געהט!

זשילבערט. נו...

מארגארעטע. וואס, דו ווילסט אוועקגעהן?

זשילבערט. איך האב קיינמאל נישט געקלערט אבצושטאטען א וויזיט דעם הערר באראן.

מארגארעטע. ער וועט דיך טרעפען אויף די טרעפ; עס וועט זיין נאך ערגער. בלייב דא! נישט איך אליין וועל פאלען פאר א אפפער!

זשילבערט. זיי נישט משוגע. וואס ציטערסטו אזוי? ער האט דאך נאך נישט געקענט איבערלייענעןביידע ראמאנען. קום צו זיך! נעהם אראב דעם הוט! ווארף אראב דעם מאנטעל! (העלפט איהר.) ווען ער וועט דיך טרעפען אין אזא צושטאנד, וועט ער דאך גלייך טרעפען, אז...

מארגארעטע. מיר איז עס אלץ איינס — בעסער באלד איידער שפעטער. איך בין נישט אומשטאנד צו ווארטען אויף דער שרעקליכער מינוט. איך וועל איהם באלד אלץ זאגען.

זשילבערט. אלץ!!

מאַרגאַרעטע. יאָ, אַזוי לאַנג ווי דו ביזט נאָך דאָ דאָ אויב איך וועל זיך איהם איצט עהרליך מודה זיין אין אַלעמען, וועט ער מיר אפשר ענטשולדיגען.

זשילבערט. און איך — און איך? מיר דאַכט, אַז איך האָב נאָך אין לעבען עפּעס קליגערעס צו טהאָן, ווי צו־לאָזען וועלכען ס'איז אײַפערזיכטיגען באַראָן, ער זאָל מיך דערשיסען ווי אַ משוגענעם הונד! (ס'קלינגט).

מאַרגאַרעטע. ער איז'ס! דאָס איז ער!

זשילבערט. דו רעד גאָרנישט!

מאַרגאַרעטע. איך וועל רעדען!

זשילבערט. אַזוי? טאָ געדענק! איך וועל מיין פעל ביליג נישט פערקויפען!

מאַרגאַרעטע. וואָס ווילסטו טהאָן?

זשילבערט. איך וועל איהם דעם גאַנצען אמת אין די אויגען זאָגען, אַזאַ אמת, וואָס קיין איין באַראָן האָט נאָך אַזעלכען נישט געהערט.

קלעמענס (קומט אַריין; עטוואָס פרעמדליך, זעהר קאַלט און העפליך.) אָה, העד זשילבערט, אויב איך האָב נישט קיין טעות?

זשילבערט. ריכטיג, העד באַראָן. זיך קלייבענדיג צו אַ רייזע אין די דרום־געגענדען, האָב איך זיך נישט געקענט אָבזאָגען פון דעם פערגעניגען צו בעזוכען דער גענעדיגער פרוי.

קלעמענס. אַח אַזוי (פויזע.) מיר דאַכט, אַז מיט מיין אַריינקומען האָב איך איבערגעריסען אייער שמועס, דאָס טוט מיר זעהר לייד. איך בעט אייך, שטערט זיך נישט.

זשילבערט. וועגען וואָס האָבען מיר נאָר וואָס גע־האַלטען אין רעדען, גנעדיגע פרוי?

קלעמענס. איך קען אייך אפשר העלפען דערמאָנען וואָס ס'איז? אין מינכען האָט איהר שטענדיג גערעדט וועגען אייערע ביכער...

זשילבערט. אַה זעהר גוט. איך האָב טאַקע גערעדט וועגען מיין נייעם ראָמאַן...

קלעמענס. ביטע, זעצט פאָר אייער שמועס. איצט קען מען שוין מיט מיר אויך רעדען וועגען ליטעראַטור.

נישט אמת מאַרגאַרעטע? — וואָס איז׳ס פאַר אַ ראָמאַן: אַ נאַטוראַליסטישער? אַ סימבאָליסטישער? איבערגעלעבט? סטיליזירט?

זשילבערט. אמת, אין אַ געוויסען זין שרייבען מיר דאָך אַלע נאָר דאָס, וואָס מיר לעבען איבער.

קלעמענס. אָהאָ, דאָס איז זעהר אינטערעסאַנט!

זשילבערט. ווען איינער שילדערט זאָגאַר אַ נעראָן, איז אויך אונבעדינגט נויטיג, ער זאָל אינערליך האָבען אָנגעצונדען רוים...

קלעמענס. נאַטירליך.

זשילבערט. וואו דען, אַם ענדע, זאָל מען זוכען בעגייסטערונגען, וואו דען זאָל מען זוכען די העכערע שאַפונגס־שטימונג, אויב נישט ביי זיך אַליין? פון וואַנען דען זאָל מען נעמען מאָדעלן און מוסטער׳ן, אויב נישט פון דעם לעבען אַרום אונז?

מאַרגאַרעטע (ווערט וואָס ווייטער אַלץ אונרוהיגער).

קלעמענס, צום בעדויערן איז נאָר דאָס, וואָס ביי די מאָדעלן אַליין פרעגט מען זעהר זעלטען, צו זיי ווילען דאָס. איך מוז אייך זאָגען, אַז ווען איך וואָלט געווען אַ פרוי, וואָלט איך אויף קיין פאַל נישט ערלויבט, מ׳זאָל אַלעמען דערצעהלען... (שאַרף). אין אַנ׳אַנשטענדיגער געזעלשאַפט רופט מען דאָס: בעליידיגען אַ פרוי!

זשילבערט. איך וויים נישט, צו איך קען זיך אייך צורעכענען צו אַנ׳אַנשטענדיגער געזעלשאַפט, וואָס איך רוף דאָס: די פרוי אויפהויבען.

קלעמענס. גאָר אַזוי!

זשילבערט. דאָס ווילטיגסטע דערביי איז נאָר, אויף וויפיל דאָס גיט זיך איין דעם שרייבער! ווארום אים העכערן זיך איז דען נישט אַלץ איינס, צו וויסען וועגען אַ פרוי אין וועלכען בעט זי איז גליקליך געווען, אין דער אָדער אין יענער...

קלעמענס. העך זשילבערט, איך מוז אייך אויפמערקזאַם מאַכען אויף דעם, אַז איהר רעדט דאָ אין דער געגענוואַרט פון אַ דאַמע!

זשילבערט. איך רעד דאָ אין דער געגענוואַרט.

פון אַ קאָלעגע, הער באַראָן, וועלכער איז, גלויב איך, אײַנשטימיג מיט מיר אין דער הינזיכט.

קלעמענס. אָה!

מאַרגאַרעטע. (פלוצלונג). קלעמענס! (איהם צו די פּיס פאלענדיג) קלעמענס!

קלעמענס (ערשטוינט). וואָס ... מאַרגאַרעטע! וואָס איז מיט דיר?...

מאַרגאַרעטע. פערציַיהע מיך, קלעמענס!

קלעמענס. אָבער וואָס איז... (צו זשילבערט'ן). מיר איז זעהר נישט אַנגענעהם, הער זשילבער... נו, שטעה שוין אויף, מאַרגאַרעטע! שטעה אויף... ס'איז שוין אַלץ גוט!

מאַרגאַרעטע. (קוקט איהם אָן).

קלעמענס. יאָ, יאָ, — שטעה אויף.

מאַרגאַרעטע (שטעהט אויף).

קלעמענס. ס'איז שוין אַלץ גוט, ס'איז שוין אַלץ אין אָרדנונג. נו יאָ, איך זאָג דיר. דו דאַרפסט נאָר איין וואָרט זאָגען קוויניגעל'ן דורכ'ן טעלעפאָן. איך האָב שוין אַלץ מיט איהם אָבגערעדט. מיר האָבען בעשלאָסען איהם צו פערניכטען. ביזטו אײַנשטימיג?

זשילבערט. איז מיר נישט ערלויבט צו פרעגען: וואָס האָט איהר עס בעשלאָסען צו פערניכטען? דעם ראָמאַן פון דער גנעדיגער פרוי?

קלעמענס. אַח, איהר ווייסט שוין דערפון? יעדענפאַלס שיַינט מיר, הער זשילבערט, אַז איהר זיַיט נאָך נישט אַזעלכע נאָהנטע קאַמעראַדען...

זשילבערט. יאָ, מיר בלייַבט ווירקליך נישט קיין אַנדער זאַך צו טאָן, ווי צו בעטען ענטשולדיגונג. מיך פערדריסט עס ווירקליך.

קלעמענס. איך בעדויער זעהר, וואָס איַיך, הער זשילבערט איז אויסגעקומען דאָ בייַצו־וואָהנען אַ סצענע, וועלכע איך וואָלט שוין געקענט במעט אָנרופען: אַ הויזליכע.

זשילבערט. אָה! — איך וויל איַיך מעהר נישט שטערן, גנעדיגע פרוי — הער באַראָן — ערלויבט מיר, צום פאַקטישען בעווייַז דערפון, אַז צווישען אונז זענען נישטאָ מעהר קיינע מיספערשטענדניסען, און צום שוואַכען אויסדריק

פון מײַן סימפּאַטיע, איך, הער באַראָן, מײַן ראָמאַן אונטער־צוטראָגען!

קלעמענס. איהר זײַט זעהר ליבענסווירדיג, העד זשילבערט. איך מוז זיך אפילו מודה זײַן — דײַטשעשע ראָמאַנען האָב איך נישט צופיל ליעב צום לעזען. נו, דאָס וועט זײַן דער לעצטער, וואָס איך וועל לײַענען... אָדער דער לעצטער פאַר'ן לעצטען —

מאַרגאַרעטע, זשילבערט. פאַר'ן לעצטען?

קלעמענס. יאָ.

מאַרגאַרעטע. און וועלכער וועט זײַן דער לעצטער...?

קלעמענס. דײַנער, טהײַערע. (נעמט אַרױס אַן' עקזעמפּליאַר פון קעשענע). אײַן עקזעמפּליאַר האָב איך זיך אויסגעבעטען בײַ קויניגעל'ן פאַר דיר — אָדער, ריכטיגער, פאַר אונז בײדע...

מאַרגאַרעטע און זשילבערט (וואַרפען זיך צוזאַמען איבער מיט בליקען).

מאַרגאַרעטע. ווי גוט דו ביזט!... (נעמט דעם ראָמאַן אין האַנד). יאָ... דאָס איז'ס...

קלעמענס. מיר וועלן איהם צוזאַמען לײַענען.

מאַרגאַרעטע. נײַן — קלעמענס... נײַן, דאָס איז צופיל גוט פון דײַן זײַט — דאָ אַהער — (זי וואַרפט דאָס בוך אין קאַמין). איך וויל פון דעם אַלעמען נישט וויסען מעהר.

זשילבערט. (זעהר פרעהליך). גנעדיגע פרוי, וואָס —!

קלעמענס (צום קאַמין צולויפענדיג). מאַרגאַרעטע, וואָס שהוסטו — ?

מאַרגאַרעטע. (בײַ'ם קאַמין, קלעמענס'ן אין איהרע אָרעמס אײַנשליסענדיג). איצט גלויבסטו שוין, אַז איך האָב דיך ליעב—?

זשילבערט. (זעהר צופריעדען). מיר שײַנט, אַז איך בין דאָ איבריג... גנעדיגע פרוי אַדיעה, הער באַראָן! — (צו זיך). אַ שאָד, וואָס איך האָב אַזוי נישט געענדיגט מײַן ראָמאַן! (אָב).

פאָרהאַנג.



# בּלוּמען

איך האָב אַרומגעשפּאַצירט דעם גאַנצען נאָכמיטאָג איבּער די גאַסען, אויף וועלכע ס׳האָט זיך פּאַמעלעך געשאָטען אַ שטילער ווייסער שנעע, — און בּין איצט אין דערהיים; דער לאָמפּ איז אָנגעצונדען, די ציגאַר פערראויכערט, די בּיכער ליגען אויפ׳ן טיש און אַלץ איז איינגעאָרדענט אַזוי, איך זאָל מיך קאָנען פיהלען גוט און בּעקוועם... ס׳איז אָבּער אומזיסט — איך טראַכט אַלץ וועגען דער זעלבּער זאַך.

איז זי דען נישט פאַר מיר שוין לאַנג געוועזען געשטאָרבּען? ... יאָ, געשטאָרבּען, אָדער גאָר ווי איך האָב זיך אויסגעדריקט מיט דעם קינדישען פּאַטאָס פון אַ אָבּגענאַרטען מענשען, „נאָך ערגער ווי געשטאָרבּען”? ... און איצט, צייט איך האָב זיך דערוואוסט, אַז זי איז נישט „ערגער ווי געשטאָרבּען”, ניין, נאָר איינפאַך טויט; טויט, ווי די אַלע, וואָס ליגען אין דרויסען, טיעף אין דר׳ערד, אייבּיג, אייבּיג, — אינ׳ם פריהלינג, אינ׳ם הייסען זומער, און ווען דער שנעע פאַלט אַזוי ווי היינט... אָהן אַ שום האָפנונג נאָך אויפצושטעהן ווען ס׳איז — פון דעמאָלט אָן ווייס איך, אַז אויך פאַר מיר איז זי געשטאָרבּען נישט מיט איין סעקונדע פריהער. ווי פאַר אַלע מענשען. ס׳טוט וועה דאָס האַרץ? — ניין. דאָס איז דאָך נאָר דער געוועהנליכער שוידער, וואָס נעמט אונז אַרום, ווען מ׳לאָזט אַראָבּ אין קבר אַזוינס, וואָס האָט אַמאָל געהערט צו אונז; אַזוינס, וואָס שטעהט נאָך דייטליך פאַר אונזערע אויגען מיט דער ליכטיגקייט פון בּליק און מיט דעם קלאַנג פון דער שטימע...

יאָ, געוויס, מיך האָט שטאַרק געקרענקט, ווען איך בּין דערגאַנגען דעמאָלט איהר פאַלשקייט; ... וואָס׳רע נאָך זאַכען זענען אָבּער דאַטאָלס געוועזען דערבּיי! ... דער כּעס,

די אומגעריכטע שנאה, דער עקעל צום לעבען און — געוויס! — אויך די בעליידיגטע איינגעליבע; — צו ליידען האב איך אנגעהויבען ערשט שפעטער, אין א צייט ארום, און דאן האב איך געהאט א טרייסט, וואס האט מיך גע־קיהלט: איך האב געוואוסט, אז זי ליידט אויך. — איך האב זיי נאך אלע, יעדע מינוט קען איך זיי ווידער לייענען, — די הויפענם בריף, אין וועלכע זי האט מיט געוויינען און גע־שרייען געבעטען ביי מיר פערצייהונג! — — און זי אליין שטעהט מיר נאך פאר די אויגען, אין דעם דונקעלען, ענגלישען קאסטיום, מיט דעם קליינעם שטרויענעם הוט, ווי זי איז נעשטאנען ביי׳ם ראג גאס, איינגעהילט אין דער פארנאכטיגער טונקעלהייט, ווען איך בין ארויסגעגאנגען פון טויער... און האט מיר נאכגעקוקט... איך געדענק אויך, ווי מיר האבען זיך געזעהן דאס לעצטע מאל, ווי זי איז גע־שטאנען פאר מיר מיט די גרויסע, ערשטוינטע אויגען אין דעם קיילעכדיגען קינדערשען פנים׳ל, וואס האט אויסגע־זעהן אזוי בלאס, אזוי טרויריג... איך האב איהר די האנד נישט געגעבען, ווען זי איז אוועקגעגאנגען, — ווען זי איז צום לעצטען מאל אוועקגעגאנגען. — דורכ׳ן פענסטער האב איהר נאך־געקוקט ביז זי איז צוגעגאנגען צום עק גאס, און דארט איז זי פערשוואונדען געווארען... אויף אייביג. איצט קען זי שוין נישט צוריק קומען...

און די גאנצע מעשה פון איהר שטארבען, האב איך זיך דערוואוסט צופעליג. ס׳וואלטען נאך געקענט אזוי אוועקגעהן וואכען און מאנאטען, און איך וואלט פון קיין זאך נישט געוואוסט. איך האב בעגעגענט פאר מיטאג איהר פעטער, וועלכען איך האב שוין א יאהר צייט נישט געזעהן, און וועלכער קומט זעהר זעלטען קיין וויען. אינ־גאנצען האב איך מיט איהם נאר א פאר מאל גערעדט. דאס ערשטע מאל, מיט דריי יאהר צוריק, אין א רעסטא־ראן ביים קעגעל־שפיעל, וואו אויך זי איז געווען מיט איהר מוטער. — און א צווייט מאל אינ׳ם שפעטערדיגען זומער: איך בין דאן געזעסען מיט א פאר בעקאנטע אין א קאפע־הויז פון פראטער־פארק, און ביי דעם טישעל נע־בען אונז, איז געזעסען דער פעטער מיט צוויי אדער דריי

הערן. ער איז דעמאָלט געווען זעהר אויפגעלייגט, כמעט פרעהליך, און האָט געטרונקען צו מיר „לחיים". און איידער ער איז אַרויסגעגאַנגען פון גאָרטען, האָט ער זיך אָבגעשטעלט נעבען מיר און מיר פערטרויט דעם גרויסען סוד, אַז זיין פלעמעניצע איז פערליעבט אין מיר! — זייענדיג האַלב־שכור האָט מיר דאַמאָלס עפּעס מאָדנע רייצענד און זאָגאַר געהיימניספול אויסגעזעהען דאָס, וואָס דער אַלטער האָט עס מיר דאָ דערצעהלט, אונטער די קלאַנגען פון'ם צימבעל און די שרייענדע פידלען, — מיר דעם וואָס האָט עס אָהן איהם אויך גוט געוואוסט; דעם, וואָס די זיסקייט פון איהר לעצטען קוש איז נאָך אויף די ליפּען געלעגען... און איצט, היינט פאַרמיטאָג! איך בין שיער נישט אַריבערגעגאַנגען פערביי איהם, איהם גאָרנישט בעמערקענדיג. איך האָב איהם נאָכגעפרעגט אויף זיין פלעמעניצע מעהר אויס העפליכקייט, ווי אויס אינטערעסע... איך האָב דאָך פון איהר קיין זאַך נישט געוואוסט; בריעף האָט זי מיר שוין לאַנג אויפגעהערט צו שרייבען; נאָר בלומען פלעג איך פון איהר ערהאַלטען רעגעלמעסיג. ערינערונגען אָן דעם גליקליכסטען טאָג פון אונזער ליעבע; איינמאָל אין חודש פלעגען זיי אָנקומען; אָהן אַ שום צושריפט, — שווייגענדיגע, עניות'דיגע בלומען... און ווען איך האָב דעם אַלטען געפרעגט וועגען איהר, איז ער גאָר ערשטוינט געוואָרען: ווי איהר ווייסט גאָרנישט, אַז ראָס אָרעמע קינד איז שוין מיט אַ וואָך צוריק געשטאָרבען?... איך בין שטאַרק צוטומעלט געוואָרען. דאַן האָט ער מיר אַ סך דערצעהלט וועגען איהר. ער האָט מיר דערצעהלט, אַז זי האָט אַ צייט געקרענקט, נאָר אין בעט איז זי געלעגען אַלט טאָג אינגאַנצען. — „אויף וואָס איז זי קראַנק געוועזען?" — „אַ גייסטעס־קראַנקהייט... בלוטאָרמקייט... די דאָקטוירים האָבען אַליין נישט געוואוסט, וואָס דאָס איז".

לאַנג בין איך נאָך געשטאַנען אויף דעם אָרט, וואו דער אַלטער האָט מיך געלאָזען; איך בין געווען דערשלאָגען, אַזוי ווי עס וואָלט ליגען אויף מיר עפּעס אַ שווערע משא. — און איצט שטעלט זיך מיר פאָר אַז איך דאַרף דעם היינטיגען

טאָג בעטראַכטען פאַר דעם אָנהויב פון אַ בעזונדערען פעריאָד אין מיין לעבען. און פאַרוואָס? פאַרוואָס?— דאָס, וואָס עס האָט געטראָפען האָט מיך נאָר אויסערליך אָנגעריהרט. איך האָב קיין זאַך נישט געפיהלט צו איהר, איך האָב אפילו נישט געטראַכט וועגען איהר. דאָס, וואָס איך האָב בעשלאָסען דאָס אַלץ אָבצושרייבען, ווירקט אויף מיר זעהר גוט: איך בין רוהיגער געוואָרען... איך הויב אָן צו פיהלען די בע־קוועמליכקייט פון שטוב. — ס'איז איבעריג צו טראַכטען ווייטער וועגען איהר, און צופיעל יסורים פערשאַפט עס... עס וועט זיך שוין געפינען איינער, וואָס האָט מעהר גרונד צו טרויערען נאָך איהר, ווי איך.

• •
•

איך האָב געשפאַצירט. ס'איז אַ שענער ווינטערטאָג. דער הימעל איז אַזוי בלאָס, אַזוי קאַלט, אַזוי ווייט... און איך בין זעהר רוהיג. דעם אַלטען, וועלכען איך האָב נעכ־טען געטראָפען... מיר דאַכט זיך איצט, אַז דאָס איז שוין געווען מיט אַ סך וואָכען צוריק.— ווען איך טראַכט וועגען איהר, שטעלט זי זיך מיר פאָר אַ לעבעדיגע, מיט אַלע ליניען און שטריכען פון איהר בילד; נאָר איין זאַך פעהלט דאָרט— דער כעס, דער טיעפער צאָרן, וועלכער האָט זיך ביי מיר ביז דער לעצטער צייט נישט אָבגעטיילט פון די ערינערונגען וועגען איהר. אייגענטליך האָב איך נישט קיין אמת'ע פאָרשטעלונג דערפון, אַז זי לעבט שוין נישט, אַז זי ליעגט אין אַ קבר, אַז מ'האָט זי בעגראָבען אין דער ערד— איך פיהל נישט אין הארצען קיין שום וועהטאָג. דאָס אָרומיגע לעבען זעהט מיר נאָר אויס שטילער. ס'זענען געווען מאָמען־טען, ווען איך האָב אינגאַנצען אויפגעהערט צו גלויבען, אַז עס עקזיסטירט אין לעבען טרויער און פערגניגען; איך האָב געטראַכט, אַז ס'זענען דאָ נאָר גרימאַסען, נאָר מאַסקעס פון פערגניגען און טרויער. מיר לאַכען אָדער וויינען און לאַדען איין דער נשמה אונזערער, זי זאָל דאָס אויך טאָן. איך וואָלט מיך געקענט איצט אַוועקזעצען לייענען טיעפע, יערנסטע ביכער, און וואָלט גלייך אַריינגעדרונגען און זייער טיעפען אינהאַלט. אָדער אַלטע בילדער שטודירען, וואָלט איך איצט געקענט;

אַלטע בּילדער, וואָס האָבּען מיר בּיז אהער גאָרנישט געזאָגט, וואָלטען איצט ענטדעקט געוואָרען פאַר מיר אין זייער גאַנצער שענקייט... און ווען איך טראַכט איצט וועגען מענשען, וועלכע זענען מיר ליעב און טייער געוועזען און דער טויט האָט זיי בּיי מיר צוגענומען, פרעסט שוין נישט דאָס האַרץ אַזוי שטאַרק ווי אַמאָל—דער טויט שטעלט זיך מיר איצט פאָר ווי עפּעס פריינדליכעס, מילדעס; ער געהט אַרום צווישען אונז און וויל אונז קיין שלעכטס נישט טהאָן.



אַ הויכער ווייסער שנעע האָט פערדעקט אַלע גאַסען, און די קליינע גרעטעל איז געקימען צו מיר מיט דעם פראָיעקט, מיר זאָלען זיך ענדליך דורכפאָהרען צוזאַמען אויף אַ שליטעל. און אָט האָבּען מיר זיך אַוועקגעלאָזען אונטערן שטאָדט, אין פעלד, און אונטער דער קלינגעריי פון די גלאָקעלעך זענען מיר שטיל געפלויגען אויף די גלאַטע, ליכטיגע וועגען, פיהלענדיג איבּער זיך דעם בּלאַסגרויען הימעל. שנעל, געשווינד האָבּען מיר זיך געטראָגען פאָרווערטס, דאָרט אַהין צווישען די ווייסע, מיט זונענגלאַנץ בּעגאָסענע בּערגלעך. גרעטעל האָט זיך צוגעטוליעט צו מיר און מיט אַ פרעהליכען בּליק געקוקט פאָרווערטס אויף דעם לאַנגען וועג, וואָס האָט זיך געצויגען פאַר אונז. מיר זענען צוגעפאָהרען צו אַ קליינעם רעסטאָראַן, וועלכען מיר האָבּען גוט געקענט פון דעם פאַראַיאָהריגען זומער; פון דער צייט, ווען ער איז געלעגען איינגאַנצען אין גרינס פערזונקען. איצט האָט ער אויסגעזעהען אַזוי פערענדערט, אַזוי עלענד, אַזוי אָבּגעריסען פון דער איבּריגער וועלט, ווי ווען מען וואָלט איהם איצט נאָר וואָס ענטדעקט. דער אויווען אין׳ם פאָרערשטען צימער האָט אַזוי געגליהט, אַז מיר האָבּען געמוזט אָבּרוקען אונזער טישעל; און אַזוי ווי די לינקע בּעקעל מיט דעם לינקען אויער׳ל בּיי מיין גרעטל׳ען זענען זעהר רויט געוואָרען, האָבּ איך איהר געמוזט קושען די אַנדערע בּעקעל. היינט דאָס פאָהרען צוריק, שוין פאַרנאַכט-צייט. גרעטעל האָט זיך שטאַרק צוגעטוליעט צו מיר און גענומען מיינע בּיידע הענד אין איהרע. דערנאָך האָט זי געזאָגט: „היינט ענדליך, בּיזטו וויעדער מיינער!“ זי

האָט, גלײַך אָהן גריבלעניִשען און חקירות, געפֿונען דאָס רעכטע וואָרט, וואָס האָט מיך אַזוי פֿרעהליך געמאַכט. ס׳קען זײַן, אז די פֿרישע לופֿט אויפ׳ן פֿרײַען פֿעלד האָט אויך אויף מיר גוט געווירקט, וואָרום איך פֿיהל זיך איצט אַ סך פֿרײַער און לײַכטער, ווי אין די לעצטע טעג.—

* * *

דאָ נישט לאַנג, ווען איך בין געלעגען נאָכמיטאָג אויפֿן דיוואַן און געדרעמעלט, האָט מיך פּלוצלונג איבער־ראַשט אַ מערקווירדיגער געדאַנק. מיר איז פֿאָרגעקומען, אַז איך בין עפּעס אַ מאָדנער האַרטער, קאַלטער מענש; אַ מענש, וועלכער וואָלט געקאָנט אָהן טרערען און אָהן אַ שום צייכען פֿון גײַסטיגע אינערליכע לײַדען שטעהן פֿאַר אַ קבר, בײַ׳ם אַראָבלאָזען אין איהם דעם קערפּער פֿון אַ געליבטע בעשע־פֿינעש; אַ האַרץ, וואָס איז אַזוי פֿערהאַרטעוועט געוואָרען, אַז אפילו די שרעקליכקײַט, וואָס ס׳האָט אין זיך דער טויט פֿון אַ יונגעם וועזען, קען בײַ איהם קיין פֿערצײַהונג נישט אַרויסרופֿען... יאָ, נישט פֿערצײַהען, דאָס איז דער קוואַל פֿון מײַנע לײַדען...

* * *

אַלץ איז פֿערבײַ, אַלץ איז שוין צוריבער. דאָס לעבען, די פֿערשידענע פֿערגניגענס און דאָס ביסעל ליעבע האָבען פֿעריאָגט פֿון מיר די אַלע נאַרעשע געדאַנקען. איך האָב אָנגעהויבען ווידער קומען צווישען מענשען. איך האָב זיי גאַנץ ליעב: זיי זענען עפּעס אַזוי זאָרגלאָז, זיי פּלוידערן עפּעס אַזוי פֿרעהליך וועגען פֿערשידענע נאַרעשקײַטען. און גרעטעל! דאָס איז אַ ליעב, צערטליך בעשעפֿעניש און אַמ־שענסטען איז זי, ווען זי שטעלט זיך אַוועק בײַ מיר אין פֿענסטער, נאָכמיטאָג, און די גאָלדענע זונענשטראַהלען בליש־טשען אויף איהר בלאָנדען קאָפּ.

* * *

הײַנט איז געשעהען עפּעס אונגעוועהנליכעס... הײַנט איז ריכטיג דער טאָג, אין וועלכען איך פּלעג אַלע מאָנאַט

עֶרהאַלטעֶן פוּן איהר בלוּמעֶן... און די בלוּמעֶן זעֶנעֶן ווידעֶר אָנגעֶקוּמעֶן; עֶפּעֶס ריכטיג, ווי... ווי עֶס וואָלט זיך קיין זאַך נישט געֶעֶנדעֶרט. זיי זעֶנעֶן אָנגעֶקוּמעֶן אין דעֶרפריה מיט דעֶר פּאָסט, און אַ ווייסעֶס, לאַנגעֶס און שמאָלעֶס שאַכטעֶל. ס'איז נאָך גאַנץ פריה געֶוועֶן; דעֶר שלאָף איז מיר נאָך געֶלעֶגעֶן אויף די אויגעֶן. נאָר ווי איך האָב געֶעֶפעֶנט דאָס־שאַכטעֶל, איז דעֶר שלאָף גלייך פעֶרשוואוּנדעֶן געֶוואָרעֶן... איך האָב זיך דעֶרשראָקעֶן... אין שאַכטעֶל זעֶנעֶן געֶלעֶגעֶן, צעֶרטליך צוזאַמעֶנגעֶבוּנדעֶן מיט אַ פיינעֶם גאָלדעֶנעֶם שנירעֶל, נעֶלקעֶן און פיאַלקעֶס... ווי אין אַ קבר זעֶנעֶן זיי דאָ געֶלעֶגעֶן. און ווען איך האָב די בלוּמעֶן אין האַנד געֶנוּמעֶן, איז מיר אַ שוידעֶר דוּרכגעֶגאַנגעֶן איבעֶרן לייב.— איך ווייס, ווי אַזוי זיי זעֶנעֶן היינט אָנגעֶקוּמעֶן. ווען זי איז קראַנק געֶוואָרעֶן און אפשר דאַמאָלס שוין, ווען זי האָט געֶפיהלט דעֶם נאָהנטעֶן טויט, האָט זי געֶמאַכט איהר געֶוועֶהנליכעֶן בעֶשטעֶללוּנג אין בלוּמעֶנמאַגאַזין, און האָט אָנגעֶזאָגט מ'זאָל עֶס מיר אָבשיקעֶן אין דעֶם־און־דעֶם טאָג. פאַר אַזאַ ריהרעֶנדעֶר צעֶרטליכקייט דאַרף מעֶן דאַנקבאַר זיין.— געֶוויס, נאָר אַזוי לאָזט זיך די זאַך עֶרקלעֶרן אַלס גאַנץ נאַטירליך, אַלס ריהרעֶנדעֶ אויפמעֶרקזאַמקייט אפשר... און דאָך, ווען איך האַלט זיי אין האַנד, די בלוּמעֶן, און ווען זיי הויבעֶן אָן, ווי ס'דאַכט זיך, צוּ ציטעֶרן און צוּ בויגעֶן זיך אין אַלעֶ זייטעֶן, הויב איך אָן, געֶגעֶן מיין ווילעֶן און געֶגעֶן מיין פעֶרשטאַנד, צוּ זעֶהעֶן אין זיי עֶפּעֶס, וואָס איז פוּל מיט סודות, און וואוּ גייסטעֶר שוועֶבעֶן אַרוּם... עֶפּעֶס, ווי די בלוּמעֶן וואָלטעֶן געֶקוּמעֶן פוּן איהר, ווי זיי וואָלטעֶן געֶוועֶן אַ גרוּס פוּן איהר... מיר שטעֶלט זיך פאָר, אַז דאָס האָט זי, שוין טויטעֶרהייד, נאָך אַלץ געֶוואָלט דעֶרצעֶהלעֶן מיר פוּן איהר ליבעֶ, פוּן איהר פעֶרשפּעֶטיגטעֶר טריייהייט.— אָח, מיר פעֶרשטעֶהעֶן דעֶם טויט נישט, קיינמאָל ווֶעלעֶן מיר איהם נישט פעֶרשטעֶהן; יעֶדעֶס בעֶשעֶפּיגעֶש ווערט אין דעֶר אמת'ן עֶרשט דאַמאָלס טויט, ווען עֶס זעֶנעֶן שוין אויסגעֶשטאָרבעֶן אויך די אַלעֶ, וואָס האָבעֶן עֶס געֶקעֶנט... איך האָב היינט די בלוּמעֶן אין האַנד געֶנוּמעֶן גאָר אַנדעֶרש, ווי אַלעֶ מאָל, צאַרטעֶר, פאָרזיכטיגעֶר, ווי מורא האָבעֶנדיג, עֶס זאָל זיי נישט וועֶה טאָן, ווען מ'וועֶט

זײַ צו גראָב אָנעהמען, און זײַערע שטילע נשמות זאָלען נישט אָנהויבען שטילערהייד צו זיפצען. . . איצט נאָך, ווען זײַ שטעהען פאַר מיר אויף מײַן שרײַבטיש אין אַ הויכען מאַט־גריבעם גלאָז, דאַכט זיך מיר, אַז זײַ נייגען זײַערע קעפּלעך מיט דעם אויסדריק פון טרויעריגער דאַנקבאַרקײַט. . . איך פיהל אין זײַער דופט דעם גאַנצען וועהטאָג פון האָפנונגס־לאָזער בענקשאַפט און מיר שטעלט זיך פאָר, אַז זײַ וואָלטען מיר אַ סך געקענט דערצעהלען, ווען מיר וואָלטען פערשטאַנען די שפּראַך נישט פון אַלע רעדענדע, נאָר פון אַלע־לעבענדע.

* * *

איך וויל זיך נישט אָבנאַרען מעהר. דאָס זענען בלומען, און מעהר גאָרנישט! דאָס זענען נאָר גרוסען פון יענער וועלט, אין זײַ הערט זיך אָבער נישט קיין רופען, נײַן, זײַ רופען נישט צו זיך אין קבר. — דאָס זענען בלומען, און וועלכע ס'איז פערקויפערין פון וועלכען ס'איז בלומענגעשעפט האָט זײַ גאַנץ מעכאַניש צוזאַמענגעבונדען, מיט אַ שטיקעל וואַטע אַרומגעלעגט, אַרײַנגעטאָן אין אַ ווײַסען שאַכטעל און עס איבערגעגעבען אויף דער פּאָסט. איצט זענען זײַ אָנגע־קומען אַהער, און זײַ ליגען דאָ פאַר מיר. נו, איז וואָס האָב איך אַזוי פיל צו קלערען וועגען זײַ? —

* * *

איך פערברענג אַ סך אין פעלד און שפּאַציר אַ סך, אָבער גאַנץ אַליין. ווען איך בין צווישען מענשען, פיהל איך נישט קיין שום צוזאַמענהאַנג מיט זײַ; אַזוי ווי אַלע פעדים, וואָס פערבינדען אונז, וואָלטען איבערגעריסען געוואָרען. דאָס זעלבע פיהל איך אויך דאַן, ווען דאָס ליעבע בלאָנדע מעדעל זיצט בײַ מיר אין צימער און פלוידערט מיר אָן אַ פולען קאָפּ... איך ווייס אַליין נישט וועגען וואָס... און ווי נאָר זי געהט אַרויס, גלײַך אין דער ערשטער מינוט, זעהט זי שוין אויס אַזאַ ווײַטע, עפּעס אַזוי, ווי דער מענ־שענשטראָם וואָלט זי באַלד אַ חאַפּ געטאָן און אַוועקגעטראָגען מיט זיך, אַזוי ווי זי וואָלט גלײַך שפּורלאָז פערשוואונדען

געוואָרען אויף שטענדיג. ווען זי וואָלט שוין מעהר נישט צוריקגעקומען, וואָלט איך זיך גאָרנישט געוואונדערט.



די בלומען שטעהען נאָך אַלץ אין דעם שלאַנקען מאַט־גרינעם גלאָז. די שטענגעלעך שטעקען אין וואַסער און דאָס גאַנצע צימער איז פול מיט זייער אַראָמאַט. זיי שמעקען נאָך אַלץ, נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס זיי שטעהען שוין ביי מיר איבער אַ וואָך און הויבען שוין אָן צו וועלקען. — און איך הויב אָן איצט צו בעגרייפען די אַלע נאַרישקייטען, פון וועלכע איך האָב ביז אַהער געלאַכט; איך הויב אָן צו פערשטעהן, אַז מ׳קען זיך צונויפרעדען מיט די שטומע פאָרשטעהער פון דער נאַטור, אַז מ׳קען ערוואַרטען אַ ענטפער, אויך פון די וואָלקען אין הימעל און די טייכלעך צווישען די בערג; מ׳דאַרף נאָר רעדען מיט זיי. אָט קוק איך איצט אָן מיינע בלומען און וואַרט, זיי זאָלען אָנהויבען רעדען ... וואָס רעד איך? ... איך ווייס דאָך זיכער, אַז זיי רעדען די גאַנצע צייט צווישען זיך ... איצט אויך ... אַז זיי רעדען כסדר און קלאָגען, און מיר דאַכט זיך, אַז ס׳האַלט שוין דערביי, איך זאָל זיי אָנהויבען צו פערשטעהן.



ווי צופריעדען בין איך דערפון, וואָס דער ווינטער ענדיגט זיך שוין! אין דער לופט פיהלט זיך שוין דער נאָהנטער פריהלינג. די צייט געהט מיר אַריבער גענוג אומעטיג. איך האָב מיט קיין זאַך נישט געענדערט מיין אַרט לעבען און דאָך דאַכט זיך מיר אָפט, אַז די אויסערליכע שטריכען פון מיין לעבען זענען עפּעס געוואָרען נישט אַזוי פעסט, נישט אַזוי בעשטימט. די געשעהענישען פון דעם נעכטיגען טאָג ווערן פערשוואונדען פון מיין זכרון, און אַלץ, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען אין די פריהערדיגע טעג, שטעלט זיך מיר פאָר, ווי עפּעס אַ נישט דייטליכער חלום. און יעדעס מאָל, ווען גרעטעל געהט אַוועק פון מיר, בעזונדער, ווען איך זעה זי נישט עטליכע טעג דורכאַנאַנד, שטעלען זיך מיר פאָר די בעציהונגען צווישען אונז, ווי אַ געשיכטע,

וואָס האָט שוין לאַנג, לאַנג פּאַסירט. זי קומט צו מיר יעדעס מאָל פון ווייט, פון אַ אונענדליכער ווייטקייט! — אמת, ווען זי הויבט אָן צו פּלוידערן, ווערט אַלץ צוריק ווי אַמאָל: איך הויב אָן פיהלען דעם „איצט"; איך הויב אָן פיהלען, אַז איך לעב. דאַמאָלס דאַכט זיך מיר, אַז די ווערטער זענען צו הויך און די פאַרבען צו העל; און אויף וויפיעל דאָס זעלבע גוטע מעדעלע, ווערט ווייט פאַר מיר, ווען זי געהט פון מיר אַוועק, אויף אַזוי פיעל גליהענד און אַנגענעהם איז פאַר מיר איהר נאָהנטקייט, איהר געגענוואַרט. פריהער פלעגט נאָך איהר אַוועקגעהן בלייבען ביי מיר אַ נאָכקלאַנג און אַ נאָכבילד פון זינגענדע, ליכטיגע מינוטען; איצט אָבער ווערט אַלץ פערלאָשען און פערשטיקט, פלוצלונג, ווי אין אַ זומפּפען הויהל. — און איך בלייב דאַן אַליין מיט מיינע בלומען. זיי זענען שוין פערוועלקט, און האָבען שוין קיין אַראָמאַט נישט. — גרעטעל האָט זיי ביז אַהער גאָרנישט בעמערקט; ערשט היינט דאָס ערשטע מאָל האָט זיך איהר בליק לענגער אָבגעשטעלט אויף זיי, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זי וויל מיך עפּעס פרעגען. עפּעס אַ געהיימע שרעק האָט זי פּלוצלונג אָבגעהאַלטען דערפון; — זי האָט קיין וואָרט נישט גערעדט, האָט זיך באַלד געזעגענט מיט מיר און איז אַוועק.

• •
•

פון די בלומען האָבען אָנגעהויבען די בלעטלעך אַראָבצופאַלען — איך ריהר זיך מעהר נישט צו צו זיי, איך האָב מורא, זיי זאָלען מיר נישט צוריבען ווערן צווישען די פינגער. און עס פערדריסט מיך שרעקליך, וואָס זיי זענען פערוועלקט געוואָרען. נאָר פאַרוואָס איך האָב נישט גענוג קראַפט צו מאַכען איין-מאָל-פאַר אַלע-מאָל אַ ענדע מיט דער נאַרעשער געשיכטע — ווייס איך נישט. זיי מאַכען מיך קראַנק, אָט די טויטע בלומען. צייטענווייז, טרעפט, בין איך נישט אימשטאַנד דאָס אויסצוהאַלטען און ענטלויף אינגאַנצען פון שטוב. נעהמט מיך אָבער אַרום אין מיטען גאַס אַ מאָדנע אונרוהיגקייט, און איך מוז צוריקלויפען, אַ קוק-טאָן אויף זיי. און דאָ געפין איך זיי דאַן אין דעם זעלבינען גרינעם

גלאַט אַזוי ווי איך האָב זיי איבערגעלאָזען – מיעד און טרויעריג. געכטען אין אָבענד האָב איך געוויינט פאַר זיי, ווי מ׳וויינט אויף אַ קבר, און האָב גאָרנישט געטראַכט וועגען דער, פון וועמען זיי שטאַמען. – אפשר האָב איך אַ טעות! נאָר מיר דאַכט זיך, אַז גרעטעל פיהלט אויך די אַנוועזענהייט אין מיין צימער פון עפּעס אַ שרעקליכער, אונ־געווענליכער זאַך. זי לאַכט שוין נישט היינט, ווען זי קומט צו מיר, און רעדט שוין נישט אַזוי הויך, מיט דער פרישער, קלינגענדער שטימע, וועלכע איך בין געוואוינט געווען צו הערען פון איהר–אמת, איך נעהם זי היינט נישט אויף, ווי אַמאָל. – דערצו מאַטערט מיך נאָך אַ שטענדיגער שרעק: וואָס וועט זיין, אַז זי וועט מיך פרעגען: „פון וואַנען האָסטו די בלומען?” איך פיהל, אַז איך וואָלט אַזאַ פראַגע נישט איבערגעטראָגען.

אָפט נעמט זי איהר האַנד־אַרבייט מיט צו מיר, און ווען איך האַלט נאָך די ביכער אין האַנד, זיצט זי שטיל ביי׳ם טיש, נעהט־אויס אָדער שטריקט אויס, און וואַרט געדולדיג ביז איך לעג אַוועק די ביכער, און גיה צו צו איהר, אום אַרויסצונעהמען ביי איהר די אַרבייט פון האַנד. דערנאָך נעהם איך אראָב די גרינע שיין פונ׳ם לאָמפּ, ביי וועלכען זי איז געזעסען, און דאָס גאַנצע צימער ווערט פערגאָסען מיט אַ פריינדליכער, מילדער ליכטיגקייט. איך האָב נישט ליעב, אין די ווינקלען פון צימער זאָל זיין דונקעל.

* *
*

פריהלינג! – מיין פענסטער שטעהט אינגאַנצען אָפען, און איך מיט גרעטעל׳ן זענען געשטאַנען ביי איהם שפּעט ביי־נאַכט און האָבען געקוקט אויף די פינסטערע גאַסען. די לופט אַרום אונז איז געווען ווייך און וואַרם, און ווען איך האָב אַ וואָרף געטאָן מיין בליק אין ווינקעל גאַס, וואו ס׳איז געשטאַנען אַ לאַמטערן און האָט פערשפּרייט אַרום זיך אַ שוואַכע דונקעלע ליכטיגקייט, איז דאָרטען געשטאַנען אַ שוואַרצער שאָטען... איך האָב געקוקט אויף דעם שאָטען און האָב איהם נישט געזעהן... איך בין זיכער, אַז איך האָב איהם נישט געזעהען... איך האָב פערמאַכט די אויגען און פון אונטער די אַראָבגעלאָזענע ברעמען האָב איך פלוצ־

לונג דערזעהען אַ איינזאַמעס, דערשלאָגענעס בעשעפעניש פאַר דעם שוואַכען שיין פון דער לאַמטערן; שוידערהאַפט־דייטליך האָב איך געזעהען דאָס געזיכט, ווי עס וואָלט בע־לויכטען געוועזען פון אַ געלער זון און אין דעם בלאַס־טרויעריגען געזיכט האָב איך געזעהען די גרויסע, צוטומעלטע אויגען... לאַנגזאַם בין איך דאַן אַוועקגעגאַנגען פון פענסטער און האָב זיך גע־זעצט ביי׳ם שרייבטיש; אויף איהם איז געשטאַנען אַ ליכט אין אַ לייכטטער און דאָס פייער האָט זיך געשאָקעלט אין אַלע זייטען פונ׳ם ווינט, וואָס האָט געבלאָזען דורכ׳ן אָפענעם פענסטער. איך בין געבליבען זיצען אונבעוועגליך, וואָרום איך האָב געוואוסט, אַז דאָס אָרעמע בעשעפעניש דאָרט אין ווינקעל גאַס שטעהט און וואַרט; און ווען איך וואָלט געוואָגט די טויטע בלומען אָנצורירען, וואָלט איך זיי אַרויסגענומען פון גלאָז און איהר אַוועקגעטראָגען, איהר, דאָרט, אין גאַס... איך האָב געטראַכט וועגען דעם, שטאַרק געטראַכט, האָטש איך האָב פערשטאַנען גלייך, אַז דאָס איז אַ נאַרעשקייט. גרעטעל איז אויך אַוועקגעגאַנגען פון פענסטער, איז געבליבען שטעהן אַ ווייַלע הינטער מיין שטוהל און האָט שטיל אָנגערירט מיינע האָאר מיט איהרע ליפען. דער־נאָך איז זי אַוועקגעגאַנגען, לאָזענדיג מיך אַליין... איך האָב שטאַרק אָנגעקוקט די בלומען. קיין בלומען זענען שוין אייגענטליך נישטאָ, עס זענען געבליבען נאָר די שטענגלעך פון זיי, איינגעטריקענטע, טרויעריגע... זיי מאַכען מיך קראַנק, זיי פיהרען מיך אַראָב פון זינען. — און דאָס מוז זיך זיכער לייכט בעמערקען אויף מיר, וואָרום ווען נישט, וואָלט דאָך מיך גרעטעל געפרעגט אַמאָל וועגען זיי. זי פיהלט אויך מסתמא דאָס זעלבע וואָס איך, און דעריבער טאַקע לויפט זי אָפט אַרוים פון צימער, ווי עס וואָלטען אין איהם גייסטער געוועזען.

* *
*

גייסטער! — יאָ, דאָס זענען זיי, זיי זענען עס! — טויטע זאַכען געוועלטיגען איבערן לעבען. און ווען פער־וועלקטע בלומען הויבען אָן אַרויסצוגעבען דעם ריח פון צופוילטקייט, איז עס נאָר אַ ערינערונג דערפון, אַז זיי האָבען אַמאָל געבליהט און געשמעקט. און געשטאָרבענע

קוּמעֶן צוּ אוּנז אַזוֹי לאַנג, ווִי מִיר פֶערגעֶסעֶן זייַ נִישט. — זִי קעֶן שוֹין הייַנט נִישט רעֶדעֶן, אִיךְ קעֶן זִי דאָךְ אָבעֶר נאָךְ העֶרעֶן! זִי קוּמט שוֹין נִישט מעֶהר צוּ מִיר, אִיךְ זעֶה זִי אָבעֶר! — אוּן דעֶר פרִיהלִינג אִין דרוֹיסעֶן; אוּן דִי זוּן, וואָס פעֶרגִיסט מִיט לִיכטִיגקייַט מייַן דִיוואַן; אוּן דעֶר אַראָמאַט פוּן דִי זִיךְ־פוּנאַנדעֶרלאָזעֶנדעֶ סִירעֶנעֶן, וואָס דעֶרטראָגט זִיךְ צוּ מִיר פוּן דעֶם נאָהנטעֶן גאָרטעֶן; אוּן דִי מעֶנשעֶן, וועֶלכעֶ געֶהעֶן דאָ אוּנטעֶן אִין גאַס אוּן וועֶלכעֶ הוֹיבעֶן מִיךְ נִישט אָן צוּ אִינטעֶרעֶסִירעֶן, — גראַדעֶ זייַ זעֶנעֶן עֶם דִי לעֶבעֶדִיגעֶ? אִיךְ קעֶן אַרוּנטעֶרלאָזעֶן דִי פאָרהאַנגעֶן · אוּן דִי זוּן אִיז טוֹיט. אִיךְ ווִיל פוּן דִי אַלעֶ מעֶנשעֶן נִישט ווִיסעֶן, אוּן זייַ זעֶנעֶן טוֹיט. אִיךְ פעֶרמאַךְ דאָס פעֶנסטעֶר אַזוֹי, אַז דעֶר סִירעֶנעֶן־דוּפט זאָל נִישט אַרייַנדרִינגעֶן צוּ מִיר אִין צִימעֶר, אוּן דעֶר פרִיהלִינג אִיז טוֹיט. אִיךְ בִּין מעֶכטִיגעֶר אִי פוּן דעֶר זוּן, אִי פוּן מעֶנשעֶן, אִי פוּן פרִיהלִינג. אָבעֶר נאָךְ מעֶכטִיגעֶר פוּן מִיר אִיז — דִי עֶראִינעֶרוּנג. זִי קוּמט, ווען אִיהר ווִילט זִיךְ אִין אַנטלוֹיפעֶן פוּן אִיהר קעֶן מעֶן נִישט. אָט דִי אייַנגעֶטרִיקעֶנטעֶ שטעֶנגלעֶךְ אִין׳ם גלאָז זעֶנעֶן מעֶכטִיגעֶר פוּן אַלעֶ סִירעֶנעֶן־דוּפטעֶן אוּן פוּן׳ם פרִיהלִינג.

* *
*

ווען אִיךְ בִּין געֶזעֶסעֶן אוּן געֶשרִיבעֶן דִי שוּרוֹת אִיז גרעֶטעֶל אַרייַנגעֶקוּמעֶן. נאָךְ קייַנמאָל אִיז זִי אַזוֹי פרִיה נִישט געֶקוּמעֶן צוּ מִיר: זִי פלעֶגט קוּמעֶן געֶוועֶהנלִיךְ פאַר נאַכט. אִיךְ בִּין עֶרשטייַנט געֶוואָרעֶן, כמעט צוּטוּמעֶלט; אַ פאָר סעֶקוּנדעֶן אִיז זִי געֶבלִיבעֶן שטעֶהן אִין טהִיר, אוּן אִיךְ האָב געֶקוּקט אוֹיף אִיהר, זִי נִישט בעֶגרִיסעֶנדִיג. דעֶרנאָךְ האָט זִי אָנגעֶהוֹיבעֶן שמייכלעֶן אוּן אִיז צוּגעֶגאַנגעֶן נעֶהנטעֶר. אִין האַנד האָט זִי געֶהאַלטעֶן אַ קלייַנעֶם בוּקעֶט פוּן פרִישעֶ בלוּמעֶן אוּן, נִישט רעֶדעֶנדִיג אייַן וואָרט, אִיז זִי צוּגעֶגאַנגעֶן צוּ מייַן שרייַבטִיש אוּן האָט דעֶם בוּקעֶט אַוועֶקגעֶלעֶגט פאַר מִיר. גלייַךְ דעֶרמִיט האָט זִי אוֹיסגעֶצוֹיגעֶן דִי האַנד אוּן אַ חאַפ געֶטאָן דִי פעֶרוועֶלקטעֶ בלוּמעֶן פוּנ׳ם גרִינעֶם גלאָז. אִיךְ האָב זִיךְ געֶפִיהלט דעֶרבייַ, ווִי ווען אִימִיצעֶר וואָלט מִיר אַ שטִיק האַרץ אוֹיסגעֶרִיסעֶן, אִיךְ האָב אָבעֶר נִישט געֶקעֶנט אפִילוּ אייַן וואָרט אוֹיסרעֶדעֶן... אוּן ווען אִיךְ האָב זִיךְ אוֹיפ־

געהויבען, אום זי אָנצוחאַפּען בײַ'ם האַנד, האָט זי מיך שמייכלענדיג אָנגעקוקט. און, האַלטענדיג אין האַנד הויך איבערן קאָפּ די פערוועלקטע בלומען, איז זי שנעל צוגעלאָ־פען פון טיש צום פענסטער און האָט זײ אַרויסגעוואָרפען אויפ'ן גאַס. מיר האָט זיך געוואָלט נעהמען און זיך נאָכ־וואַרפען נאָך זײ; בײַ'ם שוועל פון פענסטער שטעהט אָבער דאָס ליעבע, מילדע מעדעל, און קוקט מיך אָן. איבער איהר בלאָנדען קאָפּ בלישטשעט די וואַרעמע ווייכע פריהלינגס־זון ... און אין צימער הערט זיך אַ שטאַרקער סירענע־דופט.
און איך קוק אָן דאָס לעדיגע גרינע גלאָז, וואָס שטעהט אויפ'ן שרייבטיש און ווייס נישט, וואָס מיט מיר טוט זיך; מיר איז, דאַכט זיך, פריײער עטוואָס... לייכטער, אַ סך לייכטער, ווי פריהער. דאַן קומט צו גרעטעל, נעהמט איהר קליין בוקעט'ל און טראָגט עס מיר צו נאָהנט צום געזיכט. ווײַסע, פרישע סירענען... וואָס'רע געזונדער, פרישער אַראָמאַט; — אַזאַ ווייכער, אַזאַ קיהלער; מיר האָט זיך געוואָלט דעם גאַנצען געזיכט אײַנגראָבען אין זײ, אין די לאַכענדע, ווײַסע, קושענדע בלומען! און איך האָב געפיהלט, אַז דער שאָטען איז פערשוואונדען געוואָרען פון מײַנע אויגען. — גרעטעל איז געשטאַנען הינטער מיר און האָט אַרומגעפיהרט איהרע ווילדע הענדטלעך אין מײַנע האָר. „דו ליעבינקער נאַרעלע!—“ האָט זי געזאָגט. האָט זי געוואוסט, וואָס זי האָט דאָ אָבּ־געטאָן? ... איך האָב גענומען איהרע הענד און זײ געקושט.—
פאַרנאַכט זענען מיר בײדע שפּאַצירען געגאַנגען אין פעלד, אינ'ם פריהלינג און נאָר וואָס בין איך מיט איהר צוריק־געקומען. איך האָב אָנגעצונדען אַ ליכט. מיר זענען אַ סך געגאַנגען צו־פוס און גרעטעל איז אַזוי מיעד געוואָרען, אַז זעצענדיג זיך אינ'ם וויעגשטוהל נעבען קאַמין, איז זי גלײַך אײַנגעשלאָפען. ווי שען זי איז, ווען זי שמייכעלט אַזוי אין שלאָף!
אינ'ם שלאַנקען גרינעם גלאָז שטעהען פאַר מיר די סירענען. — און אונטען אויפ'ן גאַס — נײַן, נײַן, זײ ליעגען שוין לאַנג נישט אונטען ... דער ווינט האָט זײ שוין לאַנג צוטראָגען מיט'ן שטויב פון גאַס...